י. אַפּאַטאָשו.

# פארלוירענע מענשן

ראָמאַן

1918—1919

Apatashaw
Lost People




י. אַפּאַטאָשו.

# פארלוירענע מענשן

א ראָמאַן פונם יידישן לעבן
אין אמעריקע.



I

זונטאָג, פונקט צוועלף אַזייגער בייטאָג, האָבן די קינדער פון דער „מחזיקי־תורה" זיך גענומען שיטן מיט קולות אויף דער גאַס אַרויס. זייערע עלטערן, מיטגלידער פון דער „קאָנגרעגיישאָן", האָבן געוואַרט אין שול, אין פּאָרהויז, אויף דער וועראַנדע. געהייסען האָט עס — מען איז געקומען געוואָר־ווערן, ווי די קינדער לערנען. אין אמתן אָבער האָט זיך געבענקט נאָך אַ היימיש וואָרט, זיך געוואָלט אויסטאָן אויף אַ ווייַלע פון דאגת־פּרנסה, פון דער וואָכעדיגקייט. דער „שאַפּ", אפילו די שטוב האָט דערעסן — האָבן טייל טאַטעס גענומען דאָס קליינוואַרג פאַר די הענטלאַך, אַנדערע האָבן געשטופּט קינדער־וועגעלאַך און מיט אַ רחבות איז מען יעדן זונטאָג געקומען אין שול אַריין.

די יידן, אין שבתדיגע מלבושים, דיקע סיגאַרן אין די מיילער, זיינען געשטאַנען אין קופּקעס. די רעק פונאַנדערגעקנעפּלט, די דיקע גאָלדענע קייטן האָבן אַראָפּגעבלישטשעט פון די קאָלירטע וועסטן, געמיטליך געשמועסט און ווען נישט די סיגאַרן, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז דאָס כאַפּן יידן ערגעץ אין אַ רוסיש שטעטל פאַרן דאַוונען אַ שמועס.

דוד וואַקסמאַן, אַ הויכער דאַרער בחור, אַ לערער, מיט אַ קליין קעפּל אויף אַ לאַנגן, אויסגעבויגענעם האַלז, ווי דאָס קעפּל

בײַ אַ פּידל, איז געשטאַנען מיט נאָך צװײ לערערס, זיך געבױגן פון אײנעם צום צװײטן, װי די דינע פּיס װאָלטן ניט געקענט טראָגן דעם הױכן קערפּער, און זײ דערצײלט:

— װאָס זאָגט איר אױף גרינען? געקראָגן אַ צענערל אַ הוספה, און דער פּרעזידענט האָט אים אין מײן געגנװאַרט פאַר־בעטן צו זיך אױף אָונטבּרױט!

— דער יונג האָט מזל! — האָט ראָזען, אַ פאַרשלאָפענער בחור, מיט קלײנע אָפּגעגעסענע צײן, װי בײַ אַ שעפּס, פון גרױס איבּעראַשונג אַרײנגעמאַכט די הענט אין די הױזן־קעשענעס און זיך גענומען שיבּערן.

— מאַכט נאָר אַ שװײג — האָט מילער, אַ נידעריגער, מיט שפּיצינע אױגן, װאָס קוקן אין אַלע זײטן, צוגעלײגט אַ האַנט צום מויל — כ'װעל באַלד אונזער פּרינסיפּאַל נעמען אױפן צימ־בל, אים אַבּיסל די נאַל אָפּדריקן, נאָר זעהט, חברה, מאַכט נישט קאַליע!

דער פּרינסיפּאַל (פּאַרװאַלטער), אַן עלטערער בּחור, אין אַ גלאַנציגן, אױסגעריבּענעם פראַק, מיט אַ שװערן שטעקן אין דער האַנט, איז פּאַמעלאַך אַראָפּ פון די טרעפּן, װאָס האָבּן געפירט אין זײן קלאַס אַרײן, געװאָלט פאַרבּײַגײן די לערערס, האָט אים מילער אַ רוף געטאָן:

— מיסטער פרידקין, װאָס זאָגט איר אױף אונזער גרינען?

פרידקין האָט זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעשטעלט אױף מילערן אַ פּאָר װאַסערדיגע אױגן:

— װאָס מײנט איר?

— כ'מײן — האָט מילער געשמײכלט— דער פּרעזידענט האָט אים הײנט פאַרבּעטן אױף אָונטבּרױט.

— טאַקע — האָט פרידקין געמאַכט אַ נאַריש פּנים, װי ער װאָלט נישט בּאַגריפן, װאָס מען דערצײלט אים, און איז בּלאַס געװאָרן.

ער איז שוין יאָרן געווען פּרינסיפּאַל אין דער תּלמוד־תּורה, פונדעסטוועגן האָט ער תּמיד זיך געשראָקן, מען זאָל אים נישט אָפּזאָגן און פון דער קלענסטער נאַרעשקייט זיך גענומען צום האַרצן. ער איז געווען זיכער, אַז אַלע, סיי די לערערס, סיי דער סעקרעטאַר, סיי דער שמש פאַרגינען אים נישט, גראָבן הינטן אַרום, ריידן אויף אים שלעכטס פאַרן פּרעזידענט, אַנדערש וואָלט דער פּרעזידענט אים שוין לאַנג גענומען פאַר אַן איידעם. ער איז געווען בײַ זיך איבערצייגט, אַז מים שולעק, דעם פּרעזי־דענטס טאָכטער, האָט אים ליב. אַז ער האָט געהאַלטן אין צו־גרייטן איר עלטערן ברודער צו בר־מצווה, איז דאָס מיידל געזעסן בײַ דער לעקציע, כּלומרשט געלייענט אַ בוך און פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. ער האָט שוין אפילו געהאַט פאַרפאַסט אַ ליבע־בריוו צו איר, אים תּמיד אַרומגעטראָגן מיט זיך, קיין מוט אָבער נישט געהאַט אים אַוועקצושיקן. זעהר אָפּט, ווען ער איז געבליבן אַליין, האָט ער געלייענט דעם בריוו אויפן קול און זיך באַוואונדערט פאַר דעם שיינעם געדאַנק, וואָס ער האָט דאָרט אויסגעדריקט. איצט, ווען די חברה האָבן אים דערציילט, אַז גרין איז פאַרבעטן צום פּרעזידענט אויף אָונטברויט, האָט ער געפילט, אַז מען האָט אים שוין ווידער אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, זעהר נישט חשק געהאַט זיך צו טרעפן מיט אים היינט אָוונט בײַם פּרעזידענט, און זיך אָנגערופן:

— פאַרלאָזט אייך אויף מיר, דער פּרעזידענט ווייסט אַ מלמד...

פרידקין האָט געזען, ווי גרין קומט אָן, האָט ער אָפּגעהאַקט אין דערמיט און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

גרין, אַ הויכער בחור, אַ שוואַרץ־חנעוודיגער, מיט עפּעס הפקרישעס אין זיין פּנים און אין גאַנצן האַלטן זיך, איז אַראָפּ פון די לעצטע דריי טרעפּלאַך מיט איין שפּרונג, אַריין צווישן די לערערס, זיך אָנגעשפּאַרט אָן וואַקסמאַנען, וועלכער האָט זיך אַ בויג געטאָן, ווי אַ לולב, און זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— וואָס זאָגט איר, יידן? דער אַלטער האָט דאָך מיך פאַר־בעטן צו זיך!

— איך האָב מורא, ס׳שמעקט מיט אַ שידוך — האָט מילער געשאָקלט מיטן קאָפּ אום צוצוגעבן די ווערטער מער געוויכט, הינטן אַרום אַ קוועטש געטאָן צו דער חברה מיט אַן אויג און געוויזן אויף פרידקינען—דער פּרעזידענט האָט אַ שיינע טאָכטער, מיסטער פרידקין קען זי, פרעגט אים...

— וואָס דאַרף ער אַ מלמד, ווען ער קען קריגן אַ רייכן „ביזנעס־מאַן" פאַר אַן איידעם! — האָט פרידקין אויסגעשאָסן, געקוקט פון איינעם אויפן צווייטן, ווי ער וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין חכמה האָט געמאַכט און בשעת־מעשה רויט געוואָרן.

— האָט ער דאָך אייך געוואָלט נעמען? — האָט מילער זיך געמאַכט תמעוואַטע, אַ רוק געטאָן דעם שטרויענעם קאַפּעלוש און זיך מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטאָן — אָ, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן, איר זייט דאָך אַ פרינסיפּאַל, נישט קיין מלמד!

דער עולם האָט געלאַכט. פרידקין האָט עטוואָס אונטער־געהויבן דעם שטעקן, אָנגעקוקט מילערן. זיין צעקנייטשט פּנים האָט אויסגעזעהן טעמפּ, די וואַסערדיגע אויגן האָבן זיך קיין ריר ניט געטאָן, ווי זיי וואָלטן געווען אַריינגעשטעלטע, און זיין גאַנצער כעס איז געלעגן אין דער נישט געראַווירטער, צו ברייטער געמבע. אַלע האָבן געגלויבט, אַז ער קלייבט זיך מילערן אַ קלאַפּ צו טאָן — איז פונקט דעמאָלט אונטערגעגאַנ־גען דער סעקרעטאַר, אַ קליין, ציכטיג יידל, מיט אַ גלאַטיג פּנים, רויטע בעקלאַך, פון די פּנימער וואָס ס׳איז שווער צו זאָגן, צי ס׳איז פופציג, צי דרייסיג יאָר אַלט. ער האָט גענומען פריד־קינען אונטערן אָרעם:

— קומט, מיסטער פרידקין, מיט מיר! מיר זיינען דאָך על־טערע מענשן! וואָס דאַרפן מיר אויסהערן, ווי די לצים מאַכן פון אונז חוזק!

— פון מיר מאַכט קיינער נישט חוזק! — האָט פרידקין אַ ברום געטאָן, זיך אויסדרייענדיג צום סעקרעטאַר און ס'האָט אויס־געזעהן, אַז דעם גאַנצן כעס וועט ער אויסלאָזן צו אים.

— קומט, מיסטער פרידקין, כ'דאַרף מיט אייך עפּעס ריידן!

— אַזוי איז עפּעס אַנדערש! — האָט פרידקין אַ צופרידע־נער, וואָס דער סעקרעטאַר איז אונטערגעקומען, אַ מאַך געטאָן צו די לערערס מיט דער האַנט — גוד־באַי!

זיי זיינען אַרוים אויף דער גאַס. עס איז געווען אַ הייסער זומער־טאָג. איבער דער גאַס זיינען געווען צעשאָטן יונגע־לייט, די העמדער, אָהן אַרבל, אַריינגעמאַכט אין די הויזן, און געשפּילט אין „באָל". די האַרטע פּילקעס זיינען געפלויגן איבער די קעפּ, אַזש געפייפט. פרידקין איז געווען אש־להבה אויף אַמעריקע, תמיד געטראַכט, אַז ס'לעבן איז דאָ הפקר, אַנדערש וואָלט מען יונגען נישט ערלויבט צו שפּילן אין מיטן גאַס אין „באָל". איצט, גייענדיג מיטן סעקרעטאַר, איז ער געבליבן הינטערשטעליג, מורא געהאַט ער זאָל נישט כאַפּן אַ פּילקע, האַרט ווי אַ שטיין, אין קאָפּ אַריין. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, דורכגעלאָפן מיט שרעק די גאַס, אַז ער האָט זיך אַזש אָפּגעגאָסן מיט שוויים.

— ווי געפעלן אייך עפּעס אייערע תלמידים? — האָט דער סעקרעטאַר געוויזן אויף די שפּילערס — אויסגעוואַקסן תנא־באַרעס, האַ, האַ, האַ!

פרידקין האָט געשמייכלט. כמעט אַלע יונגע־לייט, וואָס האָבן געשפּילט „באָל", זיינען אַמאָל געווען זיינע תלמידים. ער אַליין האָט זיך קיינמאָל נישט געפרעגט, פאַרוואָס די אַלע יונגע־לייט גריסן זיך נישט צו אים, חי זיי וואָלטן געווען ווילד־פרעמדע,

ווי אַנדערש וואָלט נישט געדאַרפט זיין! ער האָט דאָך מיט זיי געלערנט צו עטליכע יאָר, צום ערשטן מאָל זיי אָנגעטאָן תפילין, זיי געמאַכט פאַר יידן! דאָס אַליין האָט ער זיך נישט גע־פרעגט. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט זיי אָנגעטראָפן, איז אים אויפן זינען געקומען דאָס זעלביגע ווערטל — גדיים נעשו תישים — זיך תמיד געוואונדערט ווי די חברה זיינען אויסגעוואַקסן, געטראַכט, אַז זיי פירן זיך שוין מסתמא מיט מיידלאַך, זיך אָפּט געשראָקן, זיי זאָלן זיך ניט אָפּרעכענען מיט אים, און אין האַרצן האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער האָט זיי אַלעמען געריסן פאַר די אויערן, נעפּאַטשט, געהאַקט מיט דער ווירע איבער די הענט און ביי זיי צוגענומען יעדע שפּילצייג.

דער סעקרעטאַר האָט געשטעלט קליינע, ווייכע טריט, ווי אַ קאַץ, ווען זי נעמט זיך גנבענען, געעפּנט און צוגעמאַכט בשעת אין גיין די פינגער פון דער רעכטער האַנט, געמאַכט גרי־מאַסן, ווי ער וואָלט מיט זיך אַליין איינגעטענהט. ער האָט גע־נומען פרידקינען אונטערן אָרעם, מעשה גוטער־ברודער, און אָנגעהויבן:

— מיסטער פרידקין, מיט אַן אמת, זאָגט, ווען עס מאַכט זיך אייך, אַזוי אַ גוטער שידוך, כ'מיין אַ לייטיש, בעל־הביתיש מיידל, טאַקע מיט נדן, וואָלט איר געטאָן?

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, האָט פרידקין אָנגעשטעלט די וואַסערדיגע אויגן, שוין חושד געווען דעם סעקרעטאַר, אַז ער גייט אים אָפּטאָן אַ שפּיצל און געקלערט וואָס צו זאָגן — ס'איז שווער צו געפינען אין ניו־יאָרק אַ בעל־הביתיש מיידל, נישט קיין מיאוסע... כ'ווייס...

— לאָמיך שוין הערן, וואָס ס'הייסט ביי אייך שיין? — האָט דער סעקרעטאַר אָפּגעשטעלט פרידקינען, זיך צוגעבויגן צו אים, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אים אַ סוד איינצורומען און אים אָנגענומען פאַר אַ קנעפּל פון פראַק, וואָס האָט געהאַנגען

אויף צוויי פעדים — אַז איר אַלע מאַכט אַ וועזן פון מיט שולין, אַ מיידל בלויז הויט און ביינער, בין איך מער קיין מבין נישט! מיינט נישט, וואָס כ׳בין אַ סעקרעטאַר אין אַ „היברי-סקול“, בין איך אַ פאַנאַטישער מענש! כ׳בין אַ בוקאָווינער, און בוקאָווי- נער, פאַרשטייט איר מיך, זיינען מבינים, וואָס ס׳הייסט שיין! כ׳מיין נישט, אַז אַ מיידל דאַרף זיין פעט. ניין, נאָר אַ מיידל דאַרף ראשית זיין, כ׳מיין, אַז מיט אַ הויך זאָלט איר זי ניט קענען אָפּשטופּן, אַוועקבלאָזן ווי שפּינוועבס... נעמט, למשל, מיין טאָכטער — אַן אַמעריקאַנער מיידל, קיינמאָל קיין שאָפּ ניט אָנ- געזעהן, ס׳איז דאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן, דערצו זיינען פאַראַן אַ פּאָר הונדערט טאָלער אויך, רעכן איך, אַז פאַר אייך, אַ רו- הינן מענשן...

דער סעקרעטאַר איז מיט אַמאָל אַנטשווויגן געוואָרן, אונטער- געטראָגן פרידקינען דאָס קנעפּל פון פראַק, וואָס ער האָט אָפּ- געדרייט בשעת אין ריידן, און שולדיג געשמייכעלט.

פרידקין האָט צוגענומען דאָס קנעפּל, גאָרנישט געזאָגט, גע- וואונשן דעם גאַליציאַנער אַ ווייסט יאָר און זיך געוואונדערט, ווי ר׳נאָך זיין ווייב קען מיט אים שלאָפן, אַז מען פילט אים פון מויל.

זיי האָבן זיך אַריינגעדרייט אין אַ זייטיגע גאַס. דער סעקרע- טאַר האָט געוואָלט פאַררייזן פרידקינען, האָט ער אים צוריק גענומען אונטערן אָרעם:

— טענה איך, צו וואָס דאַרפט איר זיין אַ פּרינסיפּאַל אין דער „מחזיקי-תורה“, אַז איר קענט לייכט קריגן אַ שטעל אַלס „ראַבאַי“! איר זייט אַ געבילדעטער מענש, ר׳קענט די אַלע אַמעריקאַנער „ראַבאַיס“ פאַרשטעקן אין אַרבל! אלא-מה? אין אַמעריקע דאַרף מען קענען גיין מיט די עלנבויגנס! די „עלע- ווייטערס“ קלאַפּן צו הויך, דאַרף מען זיי קענען איבערשרייען, און איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב דאָ אַ גרויס באַקאַנטשאַפט...

וואו גייט איר? — האָט דער סעקרעטאַר פרידקינען אָפּגעשטעלט און אים געוויזן אויף אַ „טענעמענט"־הויז — אָט דאָ וואוין איך!

פרידקין האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, זיך געוואָלט געזעגענען, האָט דער סעקרעטאַר אים נישט אָפּגעלאָזט:

— קומט אַרויף, זייט נישט קיין פרעמדער! אַזאַ חמימה, וועלן מיר טאָן אַ קאַלטן טרונק!

פרידקין איז נאָכגעגאַנגען נישט איילינג, זיך בשעת מעשה אַ טאַפּ געטאָן צו דער קראַוואַט האָט זיך אים נישט אַראָפּגערוקט, געזעהן ווי דער סעקרעטאַר שפרינגט איבער די טרעפּ, פאַרשווינדט ערגעץ אין אַ טיר, איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָס איילט ער זיך אָנזאָגן די שטובינגע, זיי זאָלן צוראַמען. ער פירט אַ נאַסט, הייסט מסתמא דער טאָכטער זיך איבערטאָן, זי איז אַ גאַליציאַנערן, אַלע גאַליציאַנער זיינען פאַלש, צעניסן זיך באַלד נאָך דער חתונה. פון גרויס הנאה, וואָס זיין קאָפּ אַרבעט אַזוי גוט, האָט ער זיך עטליכע מאָל געקלאַפּט אין שטערן און געוועזן ביי זיך זיכער, אַז ער מוז יעדעס מיידל געפעלן.

דערווייל האָט דער סעקרעטאַר ברייט צעעפנט די טיר און געוויזן מיט דער האַנט:

— ביטע, מיסטער פרידקין, קומט אַריין!

דעם סעקרעטאַרס ווייב, אַ פעטע, צעגאָסענע יידענע, וואָס האָט אויסגעזעהן נישט ווי זיין ווייב, נאָר ווי אַ מוטער, האָט באַגעגנט פרידקינען מיט אַ שמאַלציגן שמייכל און זיך געהאַלטן אין איין ווישן די הענט.

— ווילקאָם — — — —

דאָס קליינע מאַנעלע האָט אַ קוק געטאָן אויפן גרויסן ווייב, ווי ער וואָלט זי געוואָלט אויפעסן און געהייסן האָט עס, זי זאָל פרידקינען ניט פאַרהאַלטן אין קיך. ביידע האָבן אים אַריינגעבעטן ווייטער. דער סעקרעטאַר האָט אים אריינגעפירט אין זאַל, וואו אויסגעבעט מעבל איז געווען באַצויגן מיט גרויע ציכן,

עס זאָל נישט באַשטויבט ווערן. אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן, אַ הויכע מיט נישט קיין מיאוס, קינדיש פּנים, געראָטן מער אין דער מאַמען ווי אין טאַטן, איז געזעסן בײַ דער פּיאַנאָ און געשפּילט. זי האָט אָנגעשטעלט בשעת־מעשה דאָס שפּיץ־צינגל דאָ אויף דער רעכטער, דאָ אויף דער לינקער באַק, זיי עטוואָס איינגע־צוינגן און געווען זעהר צופרידן, וואָס זי קען מאַכן חן־גריבלאַך.

ביי פרידקינס אַריינקום האָט זי אויפגעהערט שפּילן, זיך אויפגעשטעלט, עטוואָס צעעפנט דאָס מויל, געמאַכט מיט דעם שפּיץ־צונג אויף ביידע באַקן, ווי זי וואָלט נענאָגט אַ צוקערל און געווען גרייט מיט ביידע חן־גריבלאַך אַ שמייכל צו טאָן, ווען דער פאָטער וועט זי פאָרשטעלן.

— מיסטער פרידקין, דער פּרינסיפּאַל פון אונזער סקול — האָט דער סעקרעטאַר אים פאָרגעשטעלט פאַר דער טאָכטער און זיך געווענדעט צו אים — און דאָס איז מיין טאָכטער!

— זעהר אַנגענעהם! — האָט ס׳מיידל זיס אַ שמייכל געטאָן, אים דערלאַנגט אַ ווייכע, וואַרעמע האַנט און אַרויסגערוקט אַ שטול — ביטע, זיצט!

די מוטער האָט גלייך אַריינגעבראַכט אַ גלעזערנע קרוג מיט לימאָנאַד, איינגעמאַכטס, פרוכט און אַלע האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום טיש. דער סעקרעטאַר האָט זיך אויסגעטאָן דעם קאַפּע־ליוש, זיך אָנגעטאָן אַ זיידענעם קאַפּל און זיך געווענדעט צו פרידקינען:

— מיסטער פרידקין, נעמט אַראָפּ דעם הוט, ס׳איז צו הייס! איר ווייסט דאָך, אַז כ׳בין נישט פאַנאַטיש, ביי מיר איז עס קיין חטא נישט!

פרידקין האָט אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליוש, אָפּגעווישט מיט אַ טיכל דעם שטערן, זיך אָנגענאָסן אַ גלאָז וואַסער, אויסגעטרונ־קען, געפילט, אַז מען האָט דאָ פאַר אים דרך־ארץ, האָט ער זיך ברייט צעלייגט אויף דער שטול, געקוקט אויפן מיידל און אַרויס־

נעלאָזט אַ מידן גענעיץ. ער האָט געזעהן, ווי דאָס מיידל פאַר־לירט זיך פון זיין בליק, האָט ער נאָך דורכדרינגענדיגער אויף איר געקוקט, געטראַכט, אַז אירע האָר זיינען נישט קיין יידישע, עפּעס צו העל, ווי געוואַשענער פלאַקס, נאָכלעסיג צונערוקט צו זיך דאָס טעלערל מיט איינגעמאַכטס און גענומען עסן.

די מוטער האָט באַלד פאַרצויגן אַ שמועס, זיך געקלאָגט אויף דער היין און ביים צווייטן וואָרט איז זי קונציג איבערגעגאַנ־גען צום פּרעזידענט פון דער שול.

— אַז גאָט העלפט, מען האָט געלט, ווערט מען שיין, קלוג, און אַז דו ביזט אָרעם, העלפט קיין חכמה נישט! אָט נעמט מיסעס שוליץ, אַ נאַרעשע יידענע, קען זיך נישט אונטערשרייבן, און אַז גאָט האָט איר געהאָלפן, איז זי געוואָרן אַגאַנצע ליידי! און ס׳טעכטערל? ס׳איז דאָך אַזוי שיין, פּונקט ווי איך! און ווי דאָס נעמט זיך איבער, אסור שיפס טאָכטער! אויסגעדאַרט, אַזש גרין, מ י י נ ע אַנטקעגן איר איז דאָך אַ פּרינצעסן...

— נו, נו, — איז דער מאַן געווען צופרידן, וואָס ס׳ווייב האָט פאַרפירט דעם שמועס — איינענע קינדער רימט מען ניט! ביי יעדער מאַמען איז איר קינד ס׳שענסטע, ס׳קלינסטע...

פרידקין האָט זיך כמעט נישט צוגעהערט, געהאַלטן אין איין עסן איינגעמאַכטס, זיך באַלעקט און געוועזן זיכער, אַז ס׳מוז זיי פאַרדריסן, וואָס ער עסט אַליין אויף. עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג. מאַן און ווייב האָבן זיך אַ שטעל אויפגעטאָן, זיך אַנטשולדיגט, און ביידע זיינע אַריין אין קיך. פרידקין האָט גע־טראַכט, אַז דאָס לאָזט מען אים איבער אַליין מיטן מיידל, האָט ער זיך נאָך מער אויסגעלייגט אויף דער שטול, גענעסן איינגע־מאַכטס און געשוויגן. אים איז איינגעפאַלן, אַז די מוטער האָט מיידלוויז געמוזט אויסזעהן פּונקט ווי די טאָכטער און אַז די טאָכ־טער וועט נאָך דער חתונה פּונקט זיך אַזוי צעניסן ווי די מוטער. ער וואָלט קיינמאָל נישט געקענט חתונה האָבן מיט אַ גאַליציאַ־

נער מיידל, אַלע גאַליציאַנער זיינען פּאַלש, ריידן אַזוי צעצויגן, אנשטאָט פלייש זאָגן זיי פלאַיש, און ער האָט זיך מיט אַמאָל אַליין צעלאַכט.

דאָס מיידל האָט זיך פאַרלוירן, געמיינט, אַז דאָס לאַכט ער פון איר, און אים געפרעגט:

— וואָס איז, מיסטער פרידקין, איר לאַכט פון מיר?

ער האָט אויפגעהערט לאַכן, פאַרקוועטשט די ליפּן, איינגע־צויגן די ברייטע, ראַזירטע געמבע מיט אַ בּהמהשער צופרי־דנקייט און זיך איינגעהאַלטן ער זאָל נישט אַרויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער. ער האָט אָפּגעשיילט אַ פּאָמעראַנץ, גענומען אַ פּענצל אין מויל אַריין, עס אויסגענאָגט, אויסגעשפּיגן די הויט אין טעצל אַריין און זי אַ פרעג געטאָן:

— איר זייט דאָ געבוירן געוואָרן?

— ניין, אין גאַליציע.

— זייט איר אַ גאַליציאַנערין? — האָט ער אַ פאַרוואונדער־טער זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט עס נישט געוואוסט — איר זאָגט: גאַין, הינע־דרינע, איטשע מאיער איז געשטאָרבן, האַ, האַ, האַ!

דאָס מיידל איז רויט געוואָרן, ניט געוואוסט, וואָס צו ענט־פערן און אים אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם. ער האָט זיך באַ־קוועמער אַריינגעזעצט אין דער שטול און ווידער אָנגעהויבן:

— איך בין געווען אין גאַליציע, בין דורך דאָרט די גרענעץ! איר ווייסט, אַלע גאַליציאַנער זיינען גנבים!

אים האָט שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס דאָס מיידל איז נאָך רויטער געוואָרן און געקלערט וואָס אַזוינס צו זאָגן, עס זאָל איר מער וויי טאָן. זי האָט זיך אָנגערופן מיט אַ פאַרשטיקט קול, ווי זי וואָלט זיך געהאַלטן בּיים פונאַנדערוויינען:

— ווער איז אייך שולדיג, אַז איר האָט געהאַט צו טאָן מיט גאַליציאַנער גנבים? ס׳איז דאָ אין רוסלאַנד אויך גענוג, פונ־דעסטוועגן וועט קיינער ניט זאָגן — אַלע רוסישע זיינען גנבים!

— פאַרלאָזט זיך אויף מיר — איז פרידקין געוואָרן ערנסט — אַז איך זאָג, מסתמא ווייס איך! כ׳האָב אַליין געלייענט.

— וואָס האָט איר געלייענט? — האָט זי אים איבערגעהאַקט.

— כ׳האָב געלייענט—האָט פרידקין אָנגעהויבן צו שטאַמלען,

— וואָס דאַרפט איר מער, אפילו אין באָנק־סיירעס, איר ווייסט סיי־ווי־סיי נישט וואו דאָס איז, זיינען ניינציג פּראָצענט פון די אויס־געלאַסענע פרויען גאַליציאַנער מיידלאַך... האַ, וואָס זאָגט איר דערויף?

דאָס מיידל האָט פון באַליידיגונג אַזש געפילט טרערן אין האַלז. זי איז געווען בייז אויפן פאָטער, וואָס ער האָט זי איבער־געלאָזט מיט אַזאַ משוגענעם און געבעטן גאָט, ער זאָל שוין אַוועק־גיין. פרידקין ווידער האָט זיך געשמאָלצן פון נחת, וואָס ער האָט זי אַזוי באַליידיגט. לאָז זי וויסן, די גאַליצקע, אַז אַ פּרינציפּאַל מיט בילדונג איז נישט אַזוי לייכט צו קריגן און איר פאָטער, דער שוטה, זאָל נישט מיינען, אַז ס׳איז גענוג ער זאָל אים וועלן פאַר אַן איידעם. פרידקין אַליין מוז אויך וועלן! ער האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעשטעלט, זיך איבערגעצויגן, זיך געזעגנט מיטן מיי־דל און שוין געוואָלט אַרויסגיין, איז דער סעקרעטאַר אַריין:

— וואָס איז דאָס געאייל?

— טאַקע, וואָס איז ס׳געאייל? — איז די מוטער אָנגעקומען. פרידקין האָט געקלערט אַ ווײַלע, זיך געטראַכט — גאַליציאַנער חזרים, אויף מיטאָג הייסן זיי נישט בלייבן, אַ שאָד אַ פּאָר סענט, ס׳וואָלט אַ מצוה געווען אָפּצועסן ביי זיי, טאַקע דערפאַר, וואָס זיי בעטן נישט, זיך געשובט און אויס־געשטרעקט אַ האַנט:

— גוד־באַי, מיסטער קליין, כ׳בין עפּעס גראָד היינט פאַרנו־מען!

— זעהט ושע זייט נישט קיין גאַסט ! — האָבן אים די על־
טערן אַרויסבאַגלייט און געוואונקען צו דער טאָכטער, כלומרשט
אויף שטום־לשון, אַז פרידקין האָט אַזש נעהערט — וואָס שטייסטו
ווי אַ גולם? מען זאָגט „קאָל ענען“ (קומט ווידער)!

אַז פרידקין האָט פאַרמאַכט די טיר, האָבן די עלטערן זיך אַ
שטעל אַוועקגעטאָן איינער קעגן אַנדערן, פאַרבראָכן די הענט,
געשאָקלט מיט די קעפּ, ווי אַן אומגליק וואָלט זיי געשעהן און
צוזאמען ארויסגערעדט:

— אַז זי האָט אים פאַרטריבן!

II

פרידקין איז אַראָפּ אויף דער גאַס, געבליבן אַ ווײלע שטיין, זיך געצופּט די שטעכיגע האָר פון דער געמבע און געקלערט, צי דאָס מיידל געפעלט אים יאָ, צי נישט. ער איז געגאַנגען פּאַמעלאַך, זיך געווישט דעם נאַסן שטערן און אין קאָפּ האָט זיך בײ אים געפּלאָנטערט, אַז מיס קליין איז נישט קיין מיאוסע, האָט עטליכע הונדערט דאָלאַר און, דער עקר, איר פאָטער קאָן אים טאַקע אַריינדרייען ערגעץ אין אַ שול אַלס „ראַבאַי“. מיט גאַליציאַנער שפּילט מען זיך נישט, די גנבים קאָנען אַליין! ער האָט זיך דערמאָנט, אַז גרין איז היינט פאַרבעטן צום פּרעזידענט, וועט מסתמא אויף אים אויסריידן אַל־דאָס־בייז, איז אים מיט אַמאָל אומעטיג געוואָרן. אים איז איינגעפאַללן צו גיין פריה אויף דער לעקציע, אַזוי אַז גרין זאָל נישט האָבן קיין געלעגנהייט צו בלייבן מיטן פּרעזידענט אַליין. און טאָמער בעט מען אים נישט צו בלייבן? וועט ער זיך סיי־ווי־סיי מיט גרינען אָפּרעכענען. נאָך היינט וועט ער אָנשרייבן צום „ועד־החנוך“ (געוויס מיט אַן אַנדער האַנטשריפט), אַז גרין איז מחלל שבת בפרהסיא, עסט טרפות. פון דעם בלויזן געדאַנק איז אים לייכטער געוואָרן.

אויף די טראָטואַרן, אין שאָטן, זיינען געזעסן מאַמעס, געגעבן צו זייגן די קינדער און ס'האָט זיי נישט געאַרט, וואָס מאַנסבילן גייען פאַרביי, קוקן. אַן איטאַליענער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס מיט אַ פערד און וואָגן, וואו אַ קאַרוסעלע איז גע־

שטאַנען. קינדער אין די בלויזע העמדלאַך, די קעפּלאַך צע־שויבערט, זיינען אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד אַרויס, געשטופּט דעם איטאַליענער „פּענעס“ אין דער האַנט אַריין. ער האָט אַרויסגעזעצט דאָס קליינוואַרג אויף די פּערדלאַך, גענומען שפּילן און די נישט אָנגעשמירטע קאַרוסעלע האָט געקרעכצט, ווי אַן אַלטע אויסגעטריקנטע ראָד ביי אַ שטריקמאַכער.

אַן אויפגערעגטער, וואָס די ווייבער צעלייגן זיך אויף די טראָ־טואַרן ווי קיה, וואָס די קאַרוסעלע גרילצט אין די אויערן און אפשר דערפאַר וואָס ער איז געווען הונגעריג, איז פרידקין כמעט געלאָפן אַהיים. ער האָט זיך דאָס מאָל נישט באַגריסט מיט זיינע בעלי־בתים, אַריין צו זיך אין צימער און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם ראָק, דעם קאַפּעליוש, דעם קאָלנער, זיך אויסגעצוינן אויפן בעטל, וואָס איז געשטאַנען ביים אָפענעם פענסטער, פאַרוואָרפן די הענט, ווי אַ הרוג, געוואַרט מען זאָל אים רופן עסן און הנאה געהאַט, וואָס אַ ווינטל האָט אים יעדע ווײַלע אַ גלעט געטאָן, זיך פאַרגנבעט הינטערן צעקנעפּלטן העמד. ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער האָט חתונה פאַר מיס שוליק, דער שווער אַרבעט מעשים, און די שול „מחזיקי־תורה“ נעמט אים אויף פאַר „ראַבאַי“. אַלע רופן אים רעווערענד דר. פרידקין! וועט דאָס זיי קרענקען, די מלמדלאַך! זיי וועלן שוין מער נישט אָפּלאַכן, יעדער וועט אים באַגעגענען מיט אַ שמייכל, האַלטן פאַר אַ כבוד, אויב ער וועט מיט עמיצן אויס־רײדן צוויי ווערטער. נאָר צוליב דעם אַליין, אַז די לערערס, זיינע חברים, זאָלן מער רעספּעקט פאַר אים קריגן, האָט ער געפּלאַנט די גאַנצע חתונה. און אַז ער איז שוין געווען פאַרטיג, געוואָרן „ראַבאַי“, חתונה געהאַט, איז ער אַ ווײַלע געבליבן ליגן, ווי אין אַ הינערפּלעט, נישט געוועז צופרידן, וואָס ער האָט אַליך צוגע־פירט צו אַ באַשטימטן פונקט און געמוזט אויפהערן טראַכטן. ער האָט זיך גענומען שטעלן שוועריגקייטן, זיך אַליין אַ פרעג געטאָן,

וואו מען נעמט „היתר־הוראה“, וואו קריגט מען דעם טיטל „ראַבאַי“? ער האָט דאָך קיינמאָל קיין סעמינאַר ניט געענדיגט? האָט ער דאָך אַ חבר גאָלדמאַן, איז ער „רעווערענד“ — דר. אין דער שול „תפארת יעקב“ און ער האָט אויך גאָרנישט געענדיגט! קען נאָך ווייניגער פון אים! ס'איז דאָך אַמעריקע...

עס האָט זיך געהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

— קאַם אין (אַריין)! ·

די בעל־הביתטע, אַ פולע ווייבל, מיט אַ קלאָרן ווייסן האַלז, האָט געעפנט די טיר, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ און אַ שמייכל געטאָן:

— מיסטער פרידקין, עסן!

פרידקין איז אַראָפּ פון בעטל, זיך צענענעצט, געפילט, אַז ער דאַרף זיך נאָר רוהיג אַוועקלייגן, נאָכאַמאָל אַלץ דורכטראַכטן, וועט ער נעווים עפּעס צוקלערן. ער האָט גענומען פאַרקנעפּלען דאָס העמד, זיך דערמאָנט, אַז דאָס גייט ער עסן מיט סעמין, דעם בלעכער, האָט ער דאָס העמד נאָך מער אויפגעקנעפּלט, נאָכ־לעסיג אַריין אין דעם צווייטן צימער און זיך אַוועקגעזעצט ביי דעם געגרייטן טיש.

אויבנאָן איז געזעסן דער בעל־הבית, אַ שווערער יונגערמאַן, מיט אַ קליינעם, ביז אין דער העלפט באַוואַקסענעם שטערן, גרוי־סע, נישט קיין רירעוודיגע אויגן, און אינגאַנצן האָט דאָס פּנים דערמאָנט עפּעס בהמהשעם. ער איז געזעסן אין אַ בלויז לייבל, געהאַלטן זיין צוויי־יעריגע טאָכטער אויפן שויס און מיט איר צוזאַמען געגעסן פון איין שיסל.

די בעל־הביתטע, אַ קליינע, אַ קיילעכדיגע, איז געזעסן צווישן מאַן און פרידקינען, יעדע ווײַלע אויפגעשפּרונגען ווי אַ פּילקע, עפּעס אַריינגעבראַכט פון דער קיך און אַכטונג געטאָן, דער מאַן זאָל נישט זאָגן קיין נאַרעשקייטן.

זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ געבילדעטע, תמיד געלייענט רוסישע ביכער, געוואוסט, אַז סאַשאַ, אַזוי האָט מען איר מאַן גע־רופן, איז זי נישט ווערט און געחלומט, אַז אַן אינטעליגענט וועט קומען און זיך פאַרליבן אין איר.

אַז פרידקין איז געקומען דינגען דעם צימער, האָט זי אים געלאָזט אַזוי ביליג, אַז זי האָט נאָך דערליינט צו אים, גערעכנט — אַ געבילדעטער מענש, וועט זיין מיט וועמען אַ וואָרט אויסצו־ריידן. פרידקין אָבער איז תמיד געזעסן ביי זיך אין צימער, גע־האַלטן פאַרשלאָסן די טיר, זיך געוויזן בלויז ביים עסן און גע־רעדט צו איר אין אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט איר נישט נאָר באַצאָלט פאַרן עסן, נאָר אויך פאַרן דערלאַנגען. פון דעם ערשטן טאָג אָן האָט זי אים פיינט געקראָגן. זי האָט נישט געקענט הערן, ווי ער שפּרייזט איבער דעם קליינעם צימער שעהן נאָכאַנאַנד, רעדט צו זיך, ווי ער וואָלט געווען פון זינען, און געפילט, אַז אַ שווערער, שלעכטער מענש האָט זיך אַריינגעריסן אין איר שטיל לעבן, ניט איר אָנצוהערן אויף טריט און שריט, אַז דאָס וואָס ער וואוינט ביי איר, טוט ער איר אַ טובה. זי האָט געליטן, וואָס פרידקין באַמערקט זי נישט, הערט זיך נישט איין ווען זי רעדט, שמייכלט פון אויבן אַראָפּ, ווי ער וואָלט געזאָגט — רעדט בעסער קיין נאַרעשקייטן נישט. זי איז געווען זיכער, אַז זי עקזיסטירט נישט פאַר אים, אַנדערש וואָלט ער זיך נישט ערלויבט אַרומצוגיין ביז מיטאָג אין אונטערוועש און צומאָל נישט געהאַלטן פאַר נויטיג זיך צו אַנטשולדיגן פאַר איר. און וואָס מער פרידקין האָט זי נישט באַמערקט, אַלץ מער האָט זי אים פיינט געקראָגן און אין דער זעלבער צייט נישט אויפגעהערט צו וואַרפן זיך אים אין די אויגן, זיך צו פאַרלירן אין זיין געגנוואַרט און געווען גליקליך, אַז ער האָט צו איר אַ וואָרט אויסגערעדט. תמיד ווען פרידקין איז געווען אין שטוב, האָט זי גאָרנישט געקאָנט טאָן, זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען, געזעסן אין עסצימער איבער אַ ראָ־

מאַן, כּלומרשט געלייענט און זיך געערגעט צו וואָס זי טוט עס, און פונדעסטוועגן האָט זי בּײַם קלענסטן סקריפּ געפילט ווי עס פּאַרפעלט איר אָטעם, געוואַרט פרידקין זאָל עפענען די טיר, דורכגיין און זעהן, אַז זי זיצט דאָ ניט צוליבּ אים. פרידקין האָט אַמאָל בּײַם עסן געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז ראָמאַנען זיינען סחורה פאַר ווייבּער, אַ מאַן טאָר נישט פטרן די צייט איבּער אויסגעטראַכטע מעשיות, האָט זי אויפגעהערט צו לייענען ראָמאַנען, אָנגעהויבּן צו נעמען אין דער בּיבּליאָטעק בּלויז וויסנשאַפטס־בּיכער. גאַנצע אָוונטן איז זי געזעסן איבּער אַ בּוך אין עסצימער, געוואַרט אויף פרידקינען, האָט ער געמעגט קומען ווי שפּעט. ער האָט אָבּער קיינמאָל זיך נישט אָפּגעשטעלט מיט איר, אפילו זי נישט בּאַגריסט, זיך תמיד אַריינגעשאַרט צו זיך אין צימער, ווי אַ שאָטן, און פאַרשלאָסן נאָך זיך די טיר.

און אַז פרידקין איז שוין געלעגן אין בּעטל, געזעהן, ווי נעננאַיבּער אויף דעם מויער, וואָס האָט אַריינגעקוקט אין זיין פענסטער, וואַקסט אויס אַ מאַטער, רויטליכער שיין פון זיין בּעלהבּיתטעס נאַכטלעמפּל, וואָס איז געשטאַנען בּײַ איר אין שלאָפצימער, איז אים עפּעס קשה געוואָרן און ער איז תמיד איינגעשלאָפן מיטן געדאַנק, אַז צווישן אים און דעם רויטליכן שיין איז דאָ עפּעס אַ שייכות.

איצט, אַז פרידקין איז אַריין, האָט ער צוערישט אַ קוק געטאָן אויף זיין פּאָרציע פלייש, דערנאָך בּאַטראַכט די איבּעריגע און מיט אַ זויער פּנים האָט ער זיך גענומען פאַר די אכילה.

— וואָס זאָגט איר נייעס, מיסטער פרידקין, צו די גנבים, צו די „סאָקערס“ — האָט סאַשאַ אָנגעהויבּן.

— וואָס מיינט איר? — האָט פרידקין געפרעגט, נישט אויפהויבּנדיג די אויגן.

— כ׳מיין די „אַרבּעטער־רינג“ ראָקטוירים — האָט סאַשאַ אַריינגעכאַפּט אַ לעפל געקעכץ און זיך געקרעקט — ווי האָבּן

דאָך מיך אויסגעפּראַקירט, האַ, האַ, האַ, נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן!

דאָ האָט ער אַראָפּגעלאָזט דאָס קינד אויף דער פּאָדלאָגע, זיך אויסגעגלייכט, אַויסגעשטרעקט אַ ברוסט, ברייט ווי אַ קאַסטן, גענומען מיט ביידע פויסטן פּויקן איבער דער ברוסט, ווי אין אַ באַראַבאַן, און זיך פונאַנדערגעשריען:

— זיי האָבן אויסגעפונען, די גנבים, אַז איך האָב בראָנ־קיטעס, האַ, האַ, האַ! כ'וואָלט זיי אַלעמען, דאַכט זיך, דער־הרגעט מיט איין האַנט, ווי כ'בין אַ ייד, קומען זיי, די קאָנאָוואַלן, און זאָגן, אַז כ'האָב סוכאָטע, ווי געפעלט אייך אַזאַ מעשה?

דאָס קינד האָט זיך צעוויינט, האָט ער עס גענומען אויף דער האַנט, זיך צוריק אַוועקגעזעצט, עס געגעבן אַן אויסגענאָגטן ביין, ס'זאָל אַנטשווינגן ווערן, און נישט אויפגעהערט צו ריידן.

— ווייס איך וואָס? אַמעריקאַנער דאָקטוירים! אַ שניידער זאַמלט אָן קישקע־געלט אַ טויזנט דאָלער, גייט ער אַוועק אין אַ קאַלעדזש און ווערט אַ דאָקטער... כ'וואָלט געוואָלט, וואָלט איך אויך געקאָנט ווערן אין אַמעריקע אַ דאָקטער! כ'בין אָבער נישט משוגע — קישקע־געלט וועל איך נישט אָפּשפּאָרן! אַ מענש לעבט נאָר איין מאָל, וויל איך עסן דאָס בעסטע, קומט אַזאַ נישט, ווען איר קוקט דאָס פּאַרשווינדל אָן? אַז אַלץ ווערט אין אמעריקע אַ דאָקטער! וואָס זאָל איך אייך זאָגן? כ'האָב בשעת מעשה אים געוואָלט אַ שווים טאָן אין פּנים אַריין, וואָלט ער געוואוסט וואָס ס'הייסט בראָנקיטעס, אַ נו יעוואָ ק'טשאָרטו!

— נענוג, סאַשאַ, נענוג, האָסט זיך שוין צערעדט, ס'עסן ווערט דאָך דיר קאַלט — האָט דאָס ווייב אים גענומען איינשטילן, מורא געהאַט, ער זאָל נישט ריידן קיין גראָבע רייד.

—אַ וואָרט לאָזט זי מיך נישט אויסריידן! — האָט ער גע־וויזן מיטן גראָבן פינגער אויפן ווייב און אַריינגערעדט אין פריד־קינען, וועלכער האָט זעהר געוואָלט מאַן און ווייב זאָלן זיך

צעשלאָגן — ווי זי הערט נאָר, אַז כ׳רייד אויס אַ וואָרט, מיין געלערנטע דאַמע, זי לייענט דאָך בײַ מיר ראָמאַנען, האָט זי מורא, דער מאַן, דער גראָבער יונג, זאָל נישט אויסבלאָזן עפּעס אַ נאַ־רעשקייט! הערסטו, וויעראַ — האָט ער זיך אויסגעדרייט צום ווייב אַ צופרידענער, וואָס ער האָט אַוועקגעלייגט אַביסל לשון — מיסטער פרידקין איז אַן עדות, אויב דו ווערסט זיך מישן אין מיינע געשעפטן, גיי איך אַוועק פון שטוב, ווי כ׳בין אַ ייד!

— גוט, גוט, אָל רייט — איז וויעראַ רויט געוואָרן, וואָס דער מאַן מאַכט איר אַזעלכע בזיונות פאַר פרידקינען אין די אויגן — ס׳עסן ווערט דאָך אָבער קאַלט...

— אַז ס׳וועט קאַלט ווערן, קאָן מען אָנוואַרמען — האָט סאַשאַ פון זיך געקוואָלן — כ׳קאָן מיר ערלויבן אויסצובריענען נאָך פאַר אַ „קוואָטער״ אַ חודש געז (גאַז), כ׳וועל בלייבן דער־זעלבער קבצן. וואָס זאָגט איר, מיסטער פרידקין?

— אוודאי דאַרף אַ ווייב נישט פירן אַ מאַן פאַר דער נאָז — האָט פרידקין אָנגעבלאָזן אַ פּאָר באַקן און זיך איינגעהאַלטן, ער זאָל זיך נישט צעלאַכן.

— זעהסט? — האָט סאַשאַ זיך אויסגענלייכט אויף דער שטול און געגלעט דעם קינד איבערן קעפּל — איז פרידקין, דאַכט זיך, אַזוי געלערנט ווי דו, האַ? און ער גיט מיר אויך גערעכט. גיי איך ערגעץ מיט איר, האָב איך מורא אַ וואָרט אויסצוריידן. וואָס בין איך עפּעס? אַן אידיאָט? ווערסט מיר שוין אָנטאָן ביים עסן אַ טישטוכל אויפן האַלז, כ׳זאָל זיך נישט איינ־נעצן, האַ?

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג. סאַשאַ האָט געלאָזט ויצן דאָס קינד אויפן שטול און איז געלאָפן עפענען די טיר. ער איז באַלד צוריק אַריינגעקומען, פירנדיג הינטער זיך אַ יונגנמאַן.

— מיסטער פרידקין, מען פרעגט זיך אויף אייך!

פרידקין איז אויפגעשפרונגען און אַריינגעפירט דעם יונגג־מאַן צו זיך אין צימער. סאַשאַ איז אַרומגעגאַנגען איבערן עס־צימער אַן אָנגעבלאָזענער און גערעדט צו זיך:

— ס'פּאַסט אים נישט, דעם אינטעליגענט, פאַרצושטעלן אַ מענשן! כ'וועל אים באַלד דאָ אָפּשפּילן אַ חתונה, וואַרט!

דאָס ווייב האָט געמאַכט גרימאַסן, געוואונקען ער זאָל שווייגן, אים געוויזן, אַז פרידקין קאָן נאָך הערן.

— כ'וויל ער זאָל הערן! — האָט סאַשאַ נאָך העכער גע־שריען — וואָס מיינט ער? ביי מיר איז אַ „באָגאַדיעלנע"? איך בין דאָ בעל־הבית און אַז ס'קומט עמיצער, פירט זיך ביי מענשן... אַ מענש איז ער? דיינע געבילדעטע מענשן! פירט זיך ביי מענשן, אַז ס'קומט עמיצער שטעלט מען פאָר, פאַר־שטייסט?

גלייך ווי פרידקין איז צוריק אַריין, איז סאַשאַ שטיל געוואָ־רן, גענומען ענדיגן דעם מיטאָג און אַזוי, כלאחר יד, האָט ער ווייך אַ פרעג געטאָן:

— אויך אַ לערער?

— יעס.

— אין ניו־יאָרק מוזן זיין אַ סך העברעאישע לערערס, האַ?

— נישט צו פאַרזינדיגן.

— איר ווייסט מיסטער פרידקין, — האָט סאַשאַ אַליין אינ־איינעם געוואָלט פאַרציהען אַ שמועס — איר וועט לאַכן, נאָר כ'בין מער מקנא אַ העברעאישן לערער, ווי אַ דאָקטער. איר לערנט אָפּ אייערע דריי, פיר שעהן און איר זייט פריי. אַ שאָד, אַ שאָד, כ'האָב אַמאָל גוט געקענט העברעאיש, ווי איר קוקט מיך אָן, געוואוסט נאַניך „ישעיה" אויף אויסווייניג. באַלד — האָט ער זיך גענומען רייבן דעם שטערן — „בנים גדלתי ורוממתי והם פשעו בי, ידע שור קונהו וחמור אבוס בעליו...

הוי גוי חוטא... נו, וואָס זאָגט איר, אַ גראָבער־יונג בין איך שוין נישט, האַ, האַ, האַ?

פרידקין האָט געשמייכלט, אַריינגעכאַפּט דעם לעצטן לעפל זופּ, געוואַרט אַ ווײַלע, צי מען וועט נאָך עפּעס דערלאַנגען, געזעהן אין דער בעל־הביתטעס פּנים, אַז ס'איז מער גאָר נישטאָ, איז ער אַ בייזער אַוועק פון טיש, אַריין צו זיך אין צימער און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

ביים טיש איז געזעסן אַ גלאַט־ראַזירטער, שטייפער יונגער־מאַן, ווי אַ האָלצענער, און אַריינגעקוקט אין אַן אָפן תנכל, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. אַז פרידקין איז צוריק אַריין, האָט דער יונגערמאַן זיך אויסגעדרייט, זיך געווישט דעם שטערן מיט אַן איינגעלייגט פיר־עקיג נאָזטיכל און עטליכע מאָל איבער־געחזרט:

— אַ היץ! אַ געפערליכע היץ!

— קריגסט גאָר קיין „וועקיישאָן" (אורלויב) נישט? — האָט פרידקין אים אַ פרעג געטאָן און זיך בשעת־מעשה געישובט, צי זאָל ער אים מכבד זיין מיט אַ קאַלטער גלאָז לימאָנאַד, וואָס די בעל־הביתטע האָט שטיין אין אייז־שענקל.

— ווייס איך וואָס? — האָט דער יונגערמאַן אַ ציה געטאָן מיט די אַקסלען — און ביי אייך אין דער תלמוד תורה גיט מען?

— מיר וועלן מסתמא קריגן אַכט טאָג — האָט פרידקין געענטפערט, נאָך אַלץ זיך געישובט, צי זאָל ער אים מכבד זיין מיט אַ גלאָז לימאָנאַד, באַשלאָסן, אַז אויב ער וועט זיך נאָך אַמאָל ווישן דעם שטערן, איז ער אים מכבד, און זיך אַוועקגע־זעצט אויפן בעטל — נו, וואָס הערט זיך, זיסקינד?

— פרידקין, ס'איז טאַקע אמת, וואָס כ'האָב געהערט?

— וואָס? — האָט פרידקין אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן.

— כ'האָב געהערט, אַז די „מחזיקי־תורה" נעמט צו אַ נייעם פרינסיפּאַל!

פרידקין איז בלאַס געוואָרן.

— טשיקאַווע, וואו האָסטו עס געהערט?

— באַלד — האָט זיסקינד אייגגעצויגן דעם ברייטן שטערן

— ווער האָט עס מיר געזאָגט? יע. דער הויכער בחור, וואָס רעדט תּמיד העברעאיש, ווי הייסט ער?

— וואַקסמאַן?

— יעס. ער האָט מיר געזאָגט, אַז גרין האַלט ביים אָנקומען אויף דיין פּלאַץ.

— איך ווייס דערהוייל פון גאָרנישט — האָט פרידקין אַ פאַר־לוירענער געשמייכלט — כ'האָב היינט דעם פּרעזידענט געזעהן און ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. כ'שטיי שוין אויפן פּלאַץ קנאַפּע צעהן יאָר און אַלע, דאַכט זיך, זיינען פון מיר צופרידן. נאָר ניי ווייס? · אַז זיי פאַרגינען מיר נישט, גראָבן הינטן אַרום! דו ווייסט נישט ווענן וואָס דאָ האַנדלט זיך. גלייך ווי וואַקסמאַן און מילער זיינען אָנגעקומען איז געוואָרן אַ טאַראַראַם — פּאַ־לעסטינער לערער! זיי זיינען פונקט אַזוי פּאַלעסטינער, ווי דו! ביידע קומען פון סמאַרגאָן, האָבן געשנאָרעט אַ יאָר אין ירושלים, געלעבט מסתּמא פון דער „חלוקה" און אַריבערגעקומען נאָך אַמעריקע אַלס פּאַלעסטינער . איז גלייך ווי זיי זיינען אָנ־געקומען, האָבן זיי געוואָלט דעם „סיסטעם" איבערמאַכן, לערנען „עברית־בעברית", בין איך, פאַרשטייט זיך, געווען דאַגעגן! נו, קאָנען זיי עס מיר נישט מוחל זיין, די סאַן אָף ע'גאָנס!

— איך גיב נישט פאַר זייער העברעאיש קיין שניף־טאַבאַק!

— האָט זיסקינד אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — גייסט אַמאָל אַריין אין דער „מפיצי"? דאָרט קומען מיידלאַך, וואָס ריידן העברעאיש. מען שטיפט, מען פלירטעוועט אויף העברעאיש — אַ מיטל אַ בחור צו קריגן. איינע נעמט אויס מיט אירע חן־גריבלאַך, די צווייטע מיט העברעאיש, אָבער אין תּוך זיינען זיי פלאַך, קאָנען גאָרנישט און זייער העברעאיש האָט קיין האַפט

נישט. פונקט אַזוי זיינען די פּאַלעסטינער בחורים, וואָס קומען דאָ אַהער! אַז זיי ריידן נאָר תּרגום-לשון! אָהן געלעכטער, זיי ריידן דאָך תּמיד העברעאיש און כ'האָב נישט געטראָפן איינעם פון זיי, ער זאָל קאָנען גרונטליך די שפּראַך. זיי קומען אַהער פּאַרטיגע גאונים, די עזות-פּנימער, זיינען זיך כּלומרשט מקריב פאַרן כּלל ישראל און אַלע אַרום קוקן אויף די בחורים ווי אויף אידעאַליסטן. כ'בין פונקט אַזאַ אידעאַליסט ווי יעדער פון זיי, אלא מה? זיי זיינען פאַלש, איינס באיינס היפּאָקריטן! *) בּרויכסט מער, כ'בין נישט רעליגיעז, לייד איך כאָטש דערפון, כ'פיל, אַז אַ מענש אָהן גלויבן איז אַ צעבראָכענע נשמה און גלויב מיר, נישט איינמאָל טראַכט איך, אַז ס'איז כדאי אַ מאַך צו טאָן אויף אַלעם מיט דער האַנט! נו, טאַקע, אַזעלכע מענשן ווי איך האָבן ניט געטאָרט חתונה האָבן, נעמען אויף זיך אַן עול! מיר וועלן אומעטום זיין די „בּעק-נאָמבּערס“ **). אַפּנים צו שפּעט געקומען אויף דער וועלט און די איינציגע ישועה איז פּילייכט צוריקגיין אין בּית-המדרש אַריין! און וויפיל, מיינסטו קאָסט מיך געזונט, וואָס כ'מוז יעדן טאָג לערנען מיט די קינדער דינים פון שלחן ערוך? כ'קאָן זיך אָבער נישט העלפן, שווייג איך כאָטש און כ'וועל קיינמאָל די העזה נישט האָבן אַפילו אַ טראַכט צו טאָן, אַז כ'בין זיך מקריב פאַרן כּלל ישראל! אָבער די פּאַלעסטינער חברה טוען דאָך כּל עבירות שבּעולם, שוין אָפּגערעדט וואָס זיי זיינען נישט רעליגיעז, דער געפיל פעלט זיי לחלוטין נישט, ווייל זיי האָבן אים קיינמאָל נישט געהאַט. ניב זיי בּיאַליקס „מרינקה“, צי אַן אַנדער מעשה וועגן אַ שיקסע, וועלן זיי דיר אַוועקגעבּן דאָס גאַנצע יידישקייט, און אין דער תּלמוד תּורה ציהט יעדער פון זיי אַרויף אויף זיך אַ טלית שכלה תּכלת. מען האָט טענות צו אַ מיסיאָנער, אַז ער גלויבּט אַליין נישט אין

---

*) צבועקעס.

**) די לעצטע אין שורה.

פאַר געלט רעדט ער אָן אַ צווייטן צו גלויבן. זיי זיינען דען בעסער? נעם, למשל, הגנין! דו קענסט דאָך אים? ווי גע־פעלט דיר עפעס דער נאָמען? ה־ג־ג־י! דאָס איז אַ בחור, וואָס רעדט אפילו אויף גנתקהן, נו, פרעג איך דיך, אַז דו זעהסט דעם זעלבן הגנין שטייט אין קלאַס און שלאָגט אַ יינגל, פאַרוואָס ער טראָגט נישט קיין אַרבע־כנפות, טאָ מיט וואָס איז ער בעסער פון אַ מיסיאָנער?

פרידקין איז די גאַנצע צייט געזעסן מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצ־טע אויגן, געקוקט אויפן פריינט און נישט פאַרשטאַנען צו וואָס ער קאָכט זיך. ער האָט געטראַכט, אַז ווער ווייס, טאָמער וועט אים דער פרעזידענט מיט אַן אמת היינט אָפּזאָגן. און אַן אומ־באַהאָלפענער, ווי עס וואָלט אים שוין מאָרגן אויסגעקומען צו גיין איבער די הייזער, איז ער געזעסן אַ דערשלאָגענער אויפן בעטל און אַליין אין אים האָט זיך געפרעגט: וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? אַז ער האָט דערהערט דאָס וואָרט מיסיאָנער, האָט ער אָנגעשפּיצט די אויערן, געוואָלט וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און געקוקט מיט חשד אויף זיסקינדן. נישט איין מאָל שוין, אַז ער האָט געהערט דערציילן ווי גוט און לייכט עס לעבט זיך אַ מיסיאָנער, האָט זיך תמיד ביי אים טיף אין דער נשמה עפּעס אָנגעצונדן. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַרנעפּלטן געדאַנק, אַז מען דאַרף זיך די זאַך אויך קלאָר מאַכן, נאָר ס׳זאָל זיין שאַ, שטיל, קיינער דאַרף נישט וויסן וואָס פרידקין טראַכט. איצט, אַז ער האָט געהערט דאָס וואָרט, האָט ער שוין חושד גע־ווען זיסקינדן, צי וויל ער נישט אים קיין פּיסל אונטערשטעלן.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

— קאַם אין!

סאַשאַ האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, אַ שמייכל געטאָן, דערנאָך האָט ער אַריינגערוקט אַ האַנט מיט אַן אָפן פּעקל סי־גאַרעטס:

— איר ווילט אפשר אַ סיגאַרעט?

זיסקינד האָט זיך אַ הויב געטאָן, געוואָלט נעמען איינעם, האָט סאַשאַ אים פלינק אונטערגעטראָגן דאָס קעסטעלע:

— פּאָזשאַלויסטאַ!

ער האָט אָנגעריבן אָן דער זויל פון שוך אַ שוועבעלע, עס אונטערגעטראָגן זיסקינדן און געוויזן אויף פרידקינען:

— מיסטער פרידקין איז ביי אונז אַ „באַרישניע", ער רויכערט נישט, טרינקט נישט און חאַ, חאַ, חאַ, דערפאַר איז ער מקיים די דריטע מצוה, נישט וואַהר?

פרידקין איז נישט געווען צופרידן וואָס סאַשאַ איז אַריין, אים גאָרנישט געענטפערט און געוואָלט ער זאָל וואָס גיכער אַרויס. סאַשאַ האָט זיך נישט וויסן געמאַכט וואָס זיין „באָרדער" (שכן) איז אין כּעס, זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, גוט פאַרצויגן, אַן ערנסטער געקוקט מיט איין אויג, ווי דער רויך הויבט זיך איבער זיין קאָפּ און מיטאַמאָל זיך אַ ווענד געטאָן צו זיסקינדן:

— איר ווילט אפשר אַ קאַלטן טרונק?

איידער זיסקינד האָט צייט געהאַט אים עפּעס צו ענטפערן, איז סאַשאַ שוין נישט געווען אין צימער.

— דאָס איז דיין בעל־הבּית? — האָט זיסקינד אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג וואו סאַשאַ איז אַוועק.

— איך האָב אים נישט ליב — האָט פרידקין זיך אַ קרום געטאָן — אַ ייד אַ נודניק! ווי ווערט מען פון אים פּטור?

סאַשאַ האָט אַריינגעבראַכט צוויי פלעשלאַך ביר, אָנגענאָסן אין גלעזער, און אַלע דריי האָבן געטרונקען לחיים. סאַשאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעטל, צעשטעלט די פיס, אָנגעשפּאַרט אָן זיי די עלנבויגנס און אָפּגעהוסט:

— אַ גוט גלאָז ביר קען מען נאָר קריגן אין בערלין! הורבפּאָרנדיג נאָך אַמעריקע האָב איך דאָרט געטרונקען אַ גלאָז ביר, ליגט מיר נאָך דער טעם אין מויל!

— יע, אין בערלין האָבן זיי גוט ביר! — האָט זיסקינד צו־געגעבן.

— און וואָס האָבן זיי נישט? — האָט סאַשאַ זיך אַרויפגע־וואָרפן אויפן ערשטן וואָרט, אַבי צו פאַרציהען אַ שמועס — די דייטשן האָבן אַליץ! יעדע זאַך וואָס איר קויפט איז „מייד אין דזשערמעני".

פרידקין האָט געהאַלטן, אַז אַליץ וואָס ער עסט און טרינקט דאָ, איז געפעלשט, אַז עפל, פּאָמעראַנצן, קאַרטאָפל, אפילו אַ שטיקל עוף, קיין עסנוואַרג האָט דאָ נישט דעם זעלבן טעם ווי אין דער היים, ווי זיי וואָלטן דאָ געווען נאָכגעמאַכטע, האָט איצט אויך נישט געקענט פאַרליידן, וואָס מען לויבט עפּעס דייט־שעס ביר און זיך אָנגערופן:

— און וואָס איז דער מער מיט אַ היימיש גלעזל ביר? כ'מיין דאָס שוואַרצע ביר? ס'איז אַזוי געדיכט און קרעפטיג, אַז דער טעם ליגט מיר נאָך אין מויל!

— וויים איך וואָס! — האָט סאַשאַ מיט אַ ציה פון דער האַנט מבטל געמאַכט פרידקינס רייד — וואָס אַ שטעטל אין דייטש־לאַנד פאַרברויכט ביר אין איין טאָג, פאַרברויכט נישט אַ גאַנצע רוסישע גובערניע אין אַ וואָך.

סאַשאַ האָט זיך קוים פונאַנדערגערעדט, געפילט אַז ער האָט שוין איינגעפּעדעמט, האָט פּונקט דעמאָלט וויעראַ אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער צעעפנטער טיר און איז רויט געוואָרן:

— סאַשאַ, איך דאַרף דיך!

— צו וואָס? — האָט סאַשאַ זיך אַ בייזער געטאָן, געוואוסט, אַז דאָס ווייב פאַרגינט אים נישט, וואָס ער רעדט מיט אַ מענשן און זיך נישט גערירט פון אָרט.

— קום אַהער וועל איך דיר זאָגן — האָט וויעראַ געשמייכלט.

— זאָג, איינענע מענשן, מענן זיי הערן!

— ס׳איז אַ סוד — האָט וויעראַ זיך פאַרלוירן — קום שוין, וואָס זיצטו?

אַז ביידע זיינען אַרויס, האָט זיסקינד זיך אויפגעשטעלט.

— גייסט שוין — האָט פרידקין אים געפרעגט — וואָס איז דאָס געאייל? ס׳איז דאָך היינט זונטאָג!

— מיינע וואָרט מסתמא אויף מיר מיט מיטאָג — האָט זיס־קינד געענטפערט — כ׳האָב איר געזאָגט, אַז כ׳גיי דאָ אַהער.

— פונדעסטוועגן, פרידקין, דאַרפסטו דיר נישט נעמען צום האַרצן. ראשית האָב איך מורא, אַז די גאַנצע מעשה מיטן פרינסיפּאַל איז אַ ליגן און אויב עס זאָל יאָ זיין אמת איז אויך נישט קיין געפאַר. אַ שיינער תכלית פאַר אַזעלכע מענשן ווי מיר צו זיין „היברו טיטשערס" *). ס׳זיינען פאַראַן טויזנט אַנ־דערע זאַכן וואו מען קען זיך מאַכן אַ שטיל, שיין לעבן, מען דאַרף נאָר אַ זוך טאָן! צו די גרויסע שכירות וואָס מיר קריגן, קען זיך דאָך אַ „היברו טיטשער" נישט ווייזן אויף דער גאַס. די אייגענע תלמידים, די ממזרים, לאָזן די גאַס נישט דורכגיין. יזאי דו גייסט און שטייסט שרייט מען דיר נאָך: רבי! רבי! זוען נ׳שט מיין ווייב וואָלט איך שוין לאַנג אויפגעגעבן די שיינע פּרנסה. ווייסט דאָך אַ ידענע... נו, גוט־באַי! קום היינט אין אָוונט אַריבער צו מיר, ועסט קומען?

— היינט? — האָט פרידקין אַ קלער געטאָן — היינט האָב איך דאָך ביים פּרעזידענט אַ לעסאָן. גוט, אויב זיי וועלן מיך נישט פאַרהאַלטן, וועל איך קומען.

— אָל־רייט, זעה צו קומען. כ׳וויל זיך טאַקע דורכשמיסן מיט דיר — האָט זיסקינד אָנגעטאָן דעם שטרויענעם קאַפּעליוש און געגומען אַרויסגיין.

---

*) העברעאישע לערערס.

פרידקין האָט אים באַגלייט ביז צו דער טיר, זיך איינגעהערט ווי דער חבר שפּרייזט איבער די טרעפּ, און אַז ער האָט גענומען גיין צו זיך אין צימער אַריין, איז אים די בעל־הביתטע אַנטקעגן געקומען. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, זיך פונאַנדערגעשמייכלט. פרידקין האָט זיך פאַרגעסן, זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט, גלייך אָפּגעלאָזט. אַ פאַרלוירענער האָט ער זיך אַרומגעקוקט, צו סאַשאַ זעהט נישט און איז אַריין צו זיך אין צימער.

---

## III

פאַרנאַכט האָט פרידקין אָנגעקלונגען בײַם פּרעזידענט. די דינסט, אַ יונגע, פּױלישע שיקסע, װאָס האָט געהאַט אַ טבע נישט צו קוקן אַ מאַנסביל אין די אױגן אַרײַן, האָט אים געעפנט און װי תּמיד זיך אַנטשולדיגט, װאָס דער תּלמיד איז נישטאָ. זי איז צוגעלאָפן צו אַן אָפן פענסטער, װאָס איז געגאַנגען אין גאַס אַרײַן, אַרױסגעשטעקט דעם קאָפּ און זיך פאַרגאַנגען אין אַ װײנענדיקן קװיטש — הע־רי־י! הע־רי־י־יה!

אין קאָרידאָר האָט זיך פרידקין באַגעגנט מיט אַן אַלטן, דאַרן ייד, װאָס האָט געשאַרט מיט די פיס, װי ער װאָלט גערוקט קלעצ־לאַך, געשטעלט דעם שטעקן אױף אַפריהער און אינגאַנצן האָט ער אױסגעזען, װי אױסגעקנאָטן פון קיט. פרידקין האָט געװאוסט, אַז דאָס איז אַן עברי־מלמד, לערנט מיטן פּרעזידענטס צװײ קלײנע מײדלאַך „סידור". דורכגײענדיק האָבן זיך בײדע אָנגעקוקט װי ביטערע קאָנקורענטן. פרידקין האָט געפילט, אַז ער איז: ער לערער און דער אַלטער דער מלמד, און דער אַלטער האָט זיך געטראַכט, אַז װען די „משומדים" פירן נישט אײן צו לערנען אױף ענגליש, װאָלט ער געמאַכט אַ בכבודיק לעבן.

פרידקין איז געשטאַנען אַ װײלע אין קאָרידאָר הינטער דער טיר, טאָמער װעט ער עפּעס אונטערהערן, זיך געטאַפּט בײַשעת־מעשה פאַרן קלײנעם קאָלירטן שניפּסל, װאָו אײן פליגעלע איז אַפּער פון הינטערן קאָלנער און אױסגעזעהן װי אַן אױסגעשטאַפּט

פייגעלע. ער האָט געעפֿנט די טיר, אַריין אין העררים צימער, זיך אַהיינגעזעצט נעבן דער אָפֿענער פּיאַנאָ און גענומען די ערשטע טענער פֿון „התקוה". פֿרידקין האָט זיך געטראַכט, אַז דער פּיאַ־נאָ־לערער וואַרט מסתמא נישט אויפֿן תּלמיד. מענשן און זאַכן זיינען ביי אים געווען איינגעטיילט אין ראַנגען. ער האָט פֿאַר־שטאַנען, אַז פּיאַנאָ שפּילן איז אַ העכערער ראַנג ווי העברעאיש, במילא, קומט דעם פּיאַנאָ־לערער בעסער צו באַהאַנדלען ווי אים. דערפֿאַר באַהאַנדלט מען אים בעסער ווי דעם אַלטן מלמד, וואָס מוז לערנען מיט די מיידלאַך אין קיך.

די טיר האָט זיך אויפֿגעפּראַלט, און העררי איז געבליבן שטיין אַ צופּלאַמטער, מיט דער „גלאָווי" אין דער האַנט. ער האָט זיך געוויישט מיט די אויסגעשמירטע הענט דאָס פֿאַרשוויצטע פּנים, איבערגעלאָזט פֿלעקן וואו ער האָט זיך נאָר צוגערירט, זיך איבער־געצווינגן, זיך געקרימט און מען האָט געזעהן, אַז ער האָט גאָר קיין חשק ניט צו גיין לערנען.

— קאָם אָן! קאַם אַן! — האָט פֿרידקין אַ ברום געטאָן און גענומען זוכן דעם תּלמידס ביכער.

— אַז איך האָב נישט פֿאַרטיג געמאַכט דעם לעסאָן (לעק־ציע)?! — האָט העררי אויפֿגעהויבן די אַקסלען, געמאַכט אַ נעבעך פּנימל און נאַריש געשמייכלט.

פֿרידקין האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. זאָל ער אים באַשטראָפֿן? האָט ער מורא געהאַט זיך איינצורייסן מיטן תּלמיד. וואָס טוט ער, אַז העררי וויל מער ביי אים נישט לער־נען? זאָל ער אים פֿאַרשווייגן? האָט ער ווידער זיך געשראָקן פֿאַרן פּרעזידענט. ער וועט זעהן, אַז העררי האָט ביי אים קיין פּעולה ניט געהאַט, וועט ער אים אַוועקגעבן צו אַ צווייטן. פֿרידקין האָט געפֿילט, אַז איצט איז נישט די צייט צו מאַכן מיטן תּלמיד אַ חתונה. ער האָט אויפֿגעמישט אַ „סדרה" אין חומש, וועלכע העררי האָט כמעט געקענט אויף אויסווייניג און זיך גע־

טראַכט, אַז טאָמער וועט דער פאָטער אַריינקוקן, לאָז ער כאָטש זעהן, ווי זיין תכשיט „זאָגט ווי אַ וואַסער". ער האָט זיך ניישט איינגעהערט ווי דער תלמיד זאָגט, געוואָלט די שעה זאָל וואָס גיכער אַריבער, זעהר קיין חשק נישט געהאַט דער פרעזידענט זאָל אים פאַרהאַלטן, נישט געוואָלט זיך טרעפן מיט גרינען אין מיס שולצעס געגנוואַרט און מיטאַמאָל זיך אַ פרעג געטאָן ביי העררין:

— דער פּאַ איז אין שטוב?

העררי האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן פון חומש און מיטן זעלבן ניגון געענטפערט:

— ר'איז דאָ. ס'איז דאָרט אַ לערער פון אייער „היבּרו", כ'האָב פאַרגעסן ווי ער הייסט — —

— גרין? — האָט פרידקין אים אַרויסגעהאָלפן.

— יעס, גרין — האָט העררי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געשמייכלט מיט אַ צעעפנט מויל, ווי ס'וואָלט אים הנאה געטאָן, וואָס דער לערער האָט געטראָפן.

— נו, קאַם אַן! — האָט פרידקין אים אונטערגערוקט דעם חומש.

העררי האָט געזאָגט מיט אַ פול מויל, פאַרטייטשט די ווערטער אויף ענגליש, באַמערקט, אַז פרידקין הערט זיך נישט איין, האָט ער אָנגעהויבן צו היפּערן, געקוקט אויפן לערער מיט איין אויג און יעדע ווייל̈ע אַ רוק געטאָן דעם גרויסן ווייזער פון וועקזייגער, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש.

פרידקין האָט זיך נישט געמאַכט זעהן, זיך געפילט נערוועז, ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַן עקזאַמען, געוואָלט וואָס גיכער זיין אויף דער גאַס און אין דער זעלביגער צייט האָט אים פאַרדראָסן, וואָס גרין פאַרברענגט זיך מיטן פרעזידענטס טאָכטער, און ער מוז דאָ זיצן מיטן „כאַמוליע".

העררין האָט דערעסן דער חומש, האָט ער אָנגעהויבן צו זאָגן מיט אַ פאַרשטיקט קול, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל הייזעריק געוואָרן, געצויגן די ווערטער אַליין פאַמעלאַכער, אַנטשווויגן געוואָרן און ווידער אָנגעהויבן צו רוקן די ווייזערס.

ווען פרידקין וואָלט נישט מורא געהאַט, וואָלט ער דעם יינגל געממיתט, אַזוי אויפגערעגט איז ער געוואָרן. ער האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כּוחות און נישט ווילנדיק אים אַ ציה געטאָן פאַר אַן אויער:

— וואָס שפּילסטו זיך, וואָס?

העררי איז אויפגעשפּרונגען, זיך געכאַפּט פאַרן אויער, געשריען אַז ער וועט ביי אים מער נישט לערנען, געסטראַשעט אַז ער גייט דערציילן דעם פאָטער און געוואָלט אַרויס פון צימער.

פרידקין האָט זיך פאַרלוירן. אַן איבערגעשראָקענער האָט ער פאַרמאַכט די טיר און אָנגעהויבן איינצונעמען דעם ווילדן יינגל. העררי האָט נישט געוואָלט הערן, זיך געהאַלטן פאַרן אויער און אַליין אינאיינעם געבורטשעט:

— כ׳וועל דערציילען דער מאַמען!

פרידקינען האָט באַנג געטאָן די גאַנצע חתונה. ער איז געשטאַנען איבערן יינגל אַ בלייכער, אַליין נישט געוואוסט וואָס ער רעדט און בשעת־מעשה זיך פאַרגעשטעלט, ווי מיסעס שולין קומט אַריין, ציינט אים הערריס אויער, אַ רויטס, אַ געשוואָלנס. אין דער טיר שטייט מיס שולין, מאַכט אַ זויער פּנים, ווי זי וואָלט אַראָפּגעשלונגען אַ שטיקל זייף, און גרין בויגט זיך אינדרייען, לאַכט.

פרידקין האָט געגלעט דעם תּלמיד, אים איבערגעבעטן, צוגעזאָגט אים קיינמאָל נישט צו טשעפּען, און דער קליינער זשוליק, זעהענדיג, אַז דער לערער האָט מורא, האָט ער זיך אַליין מער געריסן. אַ דערשלאָגענער איז ער געשטאַנען איבער העררין און ווען דאָס יינגל הייסט אים דעמאָלט פאַלן זיך צו די פיס,

װאָלט ער עס געטאָן, אַבי אים איבערצובעטן. ער האָט אים געמוזט צוזאָגן, אַז ער װעט אים אויף מאָרגן גאָרנישט פאָרגעבן, ערישט דעמאָלט איז הערדי צוגעגאַנגען צום טיש. פרידקין האָט געפילט אַ קאַלטן שווייס איבערן גאַנצן לייב און אים איז איינגעפאַלן, אַז װער װייס? עס קען זיין, אַז אויף דער עלטער װעט ער פונקט אַזוי אויסזעהן, װי דער אַלטער מלמד, װעמען ער טרעפט יעדן טאָג אין קאָרידאָר. ער האָט דערזעהן אין דעם אַלטן מער װי א שברי־כלי — ער האָט אינסטינקטיװ דערזעהן אין אים זיין אייגן געוויסן.

פרידקין איז געבליבן זיצן אַ װיילע, אַ בלייכער, מיט אַ פּאָר גרויסע, פאַרװאונדערטע אויגן און אינגאַנצן האָט ער אויסגעזעהן, װי מען װאָלט אים נאָרװאָס אַפּגעמינטערט פון חלשות. ער האָט צוגעמאַכט דעם חומש, אונטערגערוקט הערדין דעם העפט מיטן בלייפעדער און צום פּופּציגסטן מאָל אים אָנגעהויבן צו דיקטירן אַ „מכתב־ברכה לעת תקופת־שנה החדשה“, מיט װעלכן ער האָט זעהר געהאָפט אויסצונעמען ביים פּרעזידענט. הערדי האָט אים שוין באַלד געקענט אויף אויסװייניג און איידער פרידקין האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ס'יינגל אָנגעשריבן דעם טיטל:

— לכבוד הורי היקרים, בבות־עיני, חיי־רוחי, לזכרם תאות־נפשי, הלא המה: אבי, מורי, יקר־הרוח, איש־תבונות מו״ה ר' חיים נ״י — ואמי מורתי, טובת־הלב, מנשים באהל תבורך, מרת דבורה תחיה“.

— פאַרטיג? — האָט פרידקין אַ פרעג געטאָן גאָרנישט טראַכטנדיג דערביי.

— פאַרטיג — האָט הערדי געענטפערט, געװאַרט פרידקין זאָל אָנהויבן צו דיקטירן, בשעת מעשה פּראַקטיצירט די האַנט־שריפט, מאַכנדיג מיט איין צוג פונם בלייפעדער גרויסע רינגען, װי אָװאַלן, און אַ פרעג געטאָן — פאַרװאָס שרייבט מען אין „היברו“ אַזאַ לאַנגן טיטל?

פרידקין האָט זיך פאַרטראַכט. ס׳איז אים אַליין אויך צום ערשטן מאָל קשה געוואָרן, צו וואָס מען דאַרף טאַקע אַזאַ לאַנגן טיטל, נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן און זיך אַ בייזער געטאָן:

— כ׳ווייס, קשיות צו פרעגן ביזטו אַ בריה! נו, שרייב, באַלעמוטשע נישט! — און ער האָט אָנגעהויבן צו דיקטירן.

— „הורי־היקרים! הנה השנה הזאת צוללת בתהום־הנשיה, בחיק־העבר“ — — פּאַרטינג?

— יעס.

— „לא תשוב עוד אלינו. עוד מעט קט נעיף עינינו בה —

— —“ פּאַרטינג?

— מעט־קט — האָט הערדי איבערגעחזרט.

דער פּרעזידענט, אַ ברייטביינעגער ייד מיט אַ גרויליך בערדל, איז אַריינגעקומען אין מיטן דיקטירן. ער האָט געגעבן פּרידקינען די האַנט, זיך אַריינגעקוקט ווי דאָס ווגדל שרייבט און זיך וואוילעריש, מעשה גביר, אַ פרעג געטאָן:

— נו, האָט ער עפּעס אַ פעולה? אַז דאָס נעמט קיינמאָל קיין בּיכל נישט אין דער האַנט אַריין!

פרידקין האָט נאַריש געשמייכלט, געהויבן אַן אַקסל, זיך מיטאַמאָל אויפגעשטעלט, ווי ס׳וואָלט נישט געווען אָנשטענדיג צו זיצן אין דער געגנוואַרט פון אַ ברויטגעבער און געשטאַמלט:

— יאָ... כ׳מיין... ווי דען...

דער פּאָטער האָט אַ קניפּ געטאָן דעם ווגדל אין דער באַק און זיך געווענדעט צו פרידקינען:

— ס׳וועט זיין געגנג אויף היינט. איר האָט דאָך צייט, מיסטער פרידקין, האַ?

פרידקין האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער איז זעהר פאַרנומען, מען וואַרט גראָד היינט אויף אים און גלייך געענטפערט:

— געוויס האָב איך צייט!

— טאָ בלייבט אויף אָוונטברויט. גרין איז אויך דאָ.

אײדער פּרידקין האָט צײַט געהאַט עפּעס צו ענטפֿערן, האָט דער פּרעזידענט אים גענומען אונטערן אָרעם, אים אַרײַנגע־פֿירט אין דעם „פּאַרלאָר" (זאַל) און אַ זאָג געטאָן אויף ענגליש:

— איך האָב די עהרע...

פּרידקין האָט זיך פֿאַרנײַגט, רויט געוואָרן, זיך אַוועקגע־זעצט אין אַ ווינקל און געפֿילט, ווי זײַנע פּאַפּירן שטייען גוט, אַנדערש וואָלט דער פּרעזידענט אים נישט גענומען אונטערן אָרעם.

מיס שולין, אַ שוואַרץ מיידל, ווי אַ מולאַטקע, נישט קיין הויכע, די אויבערשטע ליפּ עטוואָס פֿאַרשאַרצט, וואו עטליכע ווײַסע צײַן האָבן אַרויסגעשמייכלט, איז געשטאַנען בײַ דער „וויקט־טראָלע". מיט איין האַנט איז זי יעדע ווײַלע גרייט געווען אָפּ־צושטעלן דעם „רעקאָרד", מיט דער צווייטער האָט זי לײַכט געמאַכט צום טאַקט, ווי זי וואָלט דיריזשירט און פֿון דער זײַט געקוקט אויף גרינען.

גרין איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, ווי אַ היימישער מענש. מיט האַלבפֿאַרמאַכטע אויגן זיך אײַנגעהערט צו דער מוזיק און מיט אַ טיפֿן טענאָר געענדיגט צוזאַמען מיטן רעקאָרד:

— פּאַגעליאַ — אַטשי — י — י! פּאַגע — ליאַ — אַטשי!

די מאַדאַם, מיסעס שולין, מיט אַ קאָפּ צווישן די אַקסלען, ווי זי וואָלט קיין האַלז נישט געהאַט, איז געזעסן אין אַ טיפֿן ווינקשטול, געקוקט אויפֿן מאַן, וואָס איז געבליבן שטיין אין דער טיר, געקוקט אויף דער טאָכטער, ווי זי פֿאַרזעצט יעדעס מאָל אַן אַנדערן „רעקאָרד" און זיך געשמאָלצן פֿון נחת, ווי נישט די „וויקטראָלע" וואָלט געשפּילט, נאָר די טאָכטער.

דער פֿאָטער האָט אַ וואונק געטאָן צו דער טאָכטער, מען זאָל אויפֿהערן שפּילן, און זיך געווענדעט מיט אַ שמייכל צו גרינען, ווײַזנדיג אויף פּרידקינען:

— איר זייט דאָך באַקאַנט?

— ווי דען, ווי דען — האָבן ביידע גוטמוטיג זיך אַרויסגע־
כאַפּט, ווי זיי וואָלטן זיך נאָרוואָס דערוועהן.

דאָס שיקסל האָט אַריינגעבראַכט אַ טאַץ מיט טיי.

— ביטע, רוקט זיך צו צום טיש — האָט מיסטער שולץ זיך
געווענדעט צו די געסט און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט
אויבנאָן.

פרידקין האָט באַמערקט, ווי גרין האַלט זיך פריי, האָט ער
אים מקנא געווען און אין דער זעלביגער צייט געהאַט פאַריבל
אויף אים. ער האָט זיך געטראַכט — מיר ווייסן דאָך וואָס פאַר
אַ פאַרשוין דו ביזט, נישט מער ווי אַ „היברו־טיטשער" און אַז
אַ ייד אַ גביר פאַרבעט דיך צו זיך אין שטוב אַריין, טאָ וואָס
מאַכסטו הינטישע שטיק?

די מאַדאַם האָט אויסגעשטעלט דעם טיי מיט די איינגעמאַכטס.
פרידקין איז בלומרשט געזעסן אַ גלייכגילטיגער, כלאחר־יד עפּעס
אַ פרעג געטאָן גרינען און געציטערט, מען זאָל אים נישט פאַר־
טיילן. דער בעל־הבית האָט זיך ברייט צעזעצט, אַ זופּ געטאָן
דעם הייסן טיי, זיך באַלעקט און זיך געווענדעט צו פרידקינען:

— כ'האָב נאָרוואָס גערעדט מיט מיסטער גרינען, ס'מוז דאָך
עפּעס זיין, וואָס דער עולם איז אַזוי שטאַרק נישט צופרידן מיט
אונזער „היברו"? *) כ'מיין, חס וחלילה, נישט צו באַשולדיגן
די לערערס, כ'וויל מיר זאָלן זיך דורכשמועסן, אפשר וועלן מיר
געפינען עפּעס אויסצובעסערן! נו טאַקע, אַז אַ יינגל גייט אָפּ
דריי, פיר יאָר און קען גאָרנישט — איז עס אַן עולה!

בשעת דער פּרעזידענט האָט גערעדט, איז פרידקין געזעסן
אַ בלאַסער, געהערט ווי דאָס אייגענע האַרץ קלאַפּט ביי אים און
געהאַט דעם געפיל, ווי מען וואָלט אים פאַרנאַרט מיט גוטע רייד,
מיט כבוד, ווי מען פאַרנאַרט א הונט, אַבי מען זאָל אים דער־

---

*) „היברו" – העברעאישע, „היברו־סקול" – העברעאישע שול.

נאָך קענען טאָן אַ בריק מיטן פוס. ער איז געווען זיכער, אַז אין געגנווייסערט פון אַלע, וואָס אַרום טיש, וועט אים דער פּרע-זידענט זאָגן, אַז ער מעג זיך זוכן אַן אַנדער שטעל. ער האָט זיך געכאַפּט ווען דער פּרעזידענט האָט אָפּגערעדט, אַז אַלעמענס אויגן זיינען געווען געווענדעט צו אים און ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען:

— מיר שיינט, אַז אונזער „היברו“ איז פּונקט אַזוי גוט, ווי אַלע אַנדערע אין נו-יאָרק, אין פיל פּרטים איז זי נאָך בעסער, ווייל..

ער האָט באַמערקט ווי גרין שמייכלט, ווי ער וואָלט מיטן שמייכל אים אינגאַנצן געוואָלט מבטל מאַכן, האָט ער זיך פאַר-לאָרן, אַ זופּ געטאָן דעם טיי און איידער ער האָט צייט געהאַט צו ענדיגן, האָט אים גרין איבערגעהאַקט:

— מיסטער פרידקין, דאַרף איך דען אייך דערציילן, אַז קיין איין ייִנגל האָט נישט ליב אונזער תלמוד-תורה? און ווייסט איר פאַרוואָס דאָס איז? ווייל ס׳פעלט ביי די קינדער ליבע צו אונזער „סקול“ און דאָס דאַרפן די לערערס איינפלאַנצן אין זיי! איצט ווי די „סקול“ ווערט געפירט איז עס אַן אוממעגליכע זאַך! פאַר-קערט, איך האַלט, אַז די „סקול“ דערווייטערט די קינדער פון די עלטערן! די קינדער שעמען זיך מיט ייִדיש, הערן זיי אַ וואָרט ייִדיש, לאַכט מען אין די פויסטן, ווי זיי וואָלטן געהערט כינעזיש ריידן. ס׳איז דאָך מערקווירדיג — האָט גרין זיך אַ הויב געטאָן, גענטער צוגערוקט די שטול צום טיש און אויסגעזעהן, אַז ער קלייבט זיך אַוועקצולייגן אַ לאַנגע דרשה — יעדעס ייִנגל, כמעט אָהן אויסנאַמען, מאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיין מוטער קען נישט קיין ייִדיש, אַז זי איז אַ געבאָרענע „יענקי“. און מאַכט זיך אַמאָל מען דאַרף רופן אַ ייִנגלס אַ מוטער אין „סקול“ אַריין, ווערט ער אַ פּאַרציטערטער, שעמט זיך פאַר די חברים — דען ס׳קומט אַ פּשוטע ייִדענע, פיל מאָל נאָך אין אַ שייטל. איך

בין איבערצייגט, אַז די אַלע תּלמוד־תּורות, אָדער ווי איר רופט „היברוס", נישט נאָר זיי דערגענטערן, נאָר רייסן נאָך איבער דאָס לעצטע שטריקל, וואָס בינדט צונויף די קינדער מיט די עלטערן!

— טאָ וואָס ווילט איר, מען זאָל לערנען ז ש אַ ר ג אָ ן? האָט פרידקין זיך געוואָלט פונאַנדערלאַכן, זיך דערמאָנט, אַז ער זיצט ביים פּרעזידענט און זיך איינגעהאַלטן.

— ס'וואָלט גאָר קיין עולה נישט געווען — האָט גרין אַן ערנסטער געענטפערט — כ'ווייס, אַז מיין פּלאַן וועט נישט אָנגענו־מען ווערן. אַלע וועלן זיין קעגן מיר — די בעלי־הבתּים פון דער סקול, די לערערס און אפילו דער פּרעזידענט אַליין — האָט ער מיט אַ שמייכל געוויזן אויף מיסטער שולצן.

מיס שולץ, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן און געקוקט גרינען אין מויל אַריין, האָט געפונען פּאַר נויטיג אים צו טרייסטן:

— דער פּאַ וועט נישט זיין דאַגעגן, וואַהר פּאַ? — האָט זי מיט אַ פינגער אָנגערירט דעם פּאָטערס האַנט.

מיסטער שולץ האָט אַ שמייכל געטאָן צו דער טאָכטער, גע־מאַכט אַן ערנסט פּנים און אָפּגעהוסט:

— כ'וועל אייך זאָגן, מען דאַרף די זאַך גוט איבערקלערן, ס'בעסטע וואָלט געווען מען זאָל פאַררופן אַ „מיטינג"...

— פאַררופט טאַקע! — האָט זיך גרין אָנגערופן.

— מען דאַרף רופן דעם „ועד החנוך" — האָט דער פּרעזי־דענט געגומען ציילן אויף די פינגער — די דירעקטאָרן, אַלע לערערס און גוט דורכשמועסן די זאַך... אָהן געלעכטער, אויב ס'איז אמת, וואָס מיסטער גרין זאָגט, אַז מיר האָדעווען גוים — האָט זיך שולץ צעלאַכט — זיינען מיר, מיט אַן אמת, אַלע ווערט שמייך!

— ווען רעכנט איר צו רופן דעם „מיטינג"? — האָט פרידקין זיך געפרעגט, אַבי אַריינצוּוואַרפן אַ וואָרט.

— ווען? — האָט זיך מיסטער שוליץ פאַרטראַכט — כ׳מיין מיטוואָך, האַ?

— אָל־רייט!

— דבורהלע — האָט זיך מיסטער שוליץ געווענדעט צום ווייב — מיר וועלן אפשר עפּעס איבערבייסן?

— מיר גייען שוין עסן — האָט ס׳ווייב גוטמוטיג צעשפּרייט די הענט און זיך געווענדעט צו דער טאָכטער — בעסי, גרייט צום טיש!

בעסי, ווי זי וואָלט נאָר געוואַרט דערויף, איז אַריין אין צווייטן צימער, געקלימפּערט מיט נאָפּל־מעסער און איידער מיסטער שוליץ האָט צייט געהאַט מכבד צו זיין זיינע געסט מיט סיגאַרן, איז בעסי שוין צוריק געשטאַנען אין דער טיר, געשמייכלט מיט די ווייסע ציין, וואָס האָבן אַפּערגעקוקט פון אונטער דער פאַרשאַרצטער ליפּ, ווי זי וואָלט געזאָגט — בין איך נישט קיין בריה?

— מען קען שוין גיין עסן.

אַלע זיינען אַריין אין עסצימער, זיך צעזעצט ביי אַ געגרייטן טיש. דער עולם האָט געשמאַק געגעסן, גערעדט וועגן היימישע מאכלים. מיסטער שוליץ, פרידקין, גרין — יעדער איז געקומען פון אַן אַנדער געגנט, גערימט זיינע איינענע מאכלים.

פרידקין איז געוואָרן נאָך אַ גלעזל וויין אַביסל אויפגערוימט און מיטאַמאָל זיך אַ פרעג געטאָן ביי גרינען:

— איר זייט דאָך אַ פּוילישער?

— יע.

— עסט איר דאָך פיש מיט צוקער! — איז פרידקין זיך פאַרגאַנגען מיט אַ דין געלעכטער, אַז טרערן האָבן זיך אַוש ביי אים באַוויזן אין די אויגן.

ער האָט בשעת מעשה געמאַכט אַזאַ נאַרעשע מינע, ווי גרין וואָלט נישט געגעסן פיש מיט צוקער, נאָר פליגן.

דער עולם האָט זיך איבערגעקוקט, געהויבן מיט די אַקסלען. האָט פרידקין זיך פאַרלאָרן, געפילט, אַז ער האָט געזאָגט אַ נאַרעשקייט און געבליבן זיצן מיט אַ פּאָר אָפּגעבליאַקעוועטע אויגן, ווי אַ קורצזיכטיגער, ווען ער טוט אויס די ברילן.

— און אַ הערינג אין טשאָלנט איז געשמאַקער? — האָט דער בעל־הבית געשמייכלט צו פרידקינען.

— ביי אונז אין דער ליטא עסן דאָך דאָס אַלע! — האָט פרידקין געענטפערט און זיך איינגעהאַלטן נישט צו לאַכן — אָבער פיש מיט צוקער...

— עסן אַלע אין פוילן פיש מיט צוקער — האָט בעסי זיך אָנגערופן.

— דאָס זאָג איך דאָך! — האָט פרידקין זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן און אַ פריסקע געטאָן מיט אַ געלעכטער אין זיין גלאָז מיט וויין, אַז ער האָט באַשפּריצט דאָס גאַנצע טישטוך.

דער עולם האָט גענומען צו בּיסלאַך ווערן, געוואָרן אויפגערוימט, געפילט, אַז ס'איז דאָ פון וועמען צו מאַכן שפּאַס און זיך איבערגעקוקט.

העררי איז אַריין, זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, גענומען עסן און געקוקט מיט אַן אויגל אויף פרידקינען. פרידקין האָט זיך געשראָקן דער תּלמיד זאָל אַמאָל נישט דערציילן, אַז ער האָט אים געצויגן פאַר אַן אויער. און יעדעס מאָל, וואָס העררי האָט זיך געווענדעט צו דער מוטער, איז פרידקינען הייס געוואָרן ביים האַרצן, געמיינט אַז אָט דערציילט ער. איצט האָט פרידקין, נאָך מער ווי פריהער, זיך נישט געוואָלט וואַרפן קיינעם אין די אויגן, זיך איינגעקאָרטשעט, געבליבן זיצן כּמעט אָן אַ זייט. אַליין אין אים האָט זיך געבעטן, דער עולם זאָל אים נישט באַמערקן, און אין דער זעלביגער צייט האָט אים פאַרדראָסן, וואָס גרין

פילט זיך אַזוי היימיש, טרינקט זיך געמיטליך ווייַן. אויף צו להכעיס און אויס מורא, אַז גרין זאָל נישט דערציילן, ווי דערישלאָגן ער האָט זיך געפילט בײַם פּרעזידענט, האָט פרידקין פאַרגעסן, אַז ער ליידט פון דיספּעפּסיע און אָנגעהויבן צו טרינקען אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל.

— אַז בחורים ווילן היינט נישט חתונה האָבן — האָט מיסעס שוליץ אָנגעהויבן — אָט איז מיסטער פרידקין נאָך אַ בחור!

— איר האָט דען פאַר מיר אַ שידוך? — האָט פרידקין אָנגעשטעלט זיינע אויגן, וואָס זיינען געווען פאַרלאָפן מיט טראָן.

— ווען כ'ווייס, אַז איר האַלט דערביי — האָט מיסעס שוליץ געצויגן די ווערטער — וואָלט זיך שוין געפונען אַ שידוך!

— אוודאי האַלט איך! — האָט פרידקין וואוילעדיש אַ זאָג געטאָן, געפילט, אַז מען מאַכט פון אים חוזק, זיך אָבער נישט פאַרלאָרן און דערזופט זיין גלעזל ווייַן — ווען איר האָט פאַר מיר עפּעס אַ לייטישן שידוך, וואָלט איך געטאָן.

— געלט ווילט איר דאָך נישט? — האָט די בעלי־הביתטע געשמייכלט, זיך בשעת־מעשה איבערגעקוקט מיט די אַרומיגע, זיך כמעט געבעטן ביי זיי: לאַכט נישט, איר וועט אַלין קאַליע מאַכן.

פרידקין האָט זיך אַליין געוואונדערט, ווי פריי ער האַלט זיך, ווי די שרייפלאַך ביי אים אין מויל וואָלטן לויז געוואָרן. ס'האָט אים מער נישט געאַרט וואָס מען לאַכט פון אים. דער ווייַן האָט אים אַזוי צעוואַרעמט, צעגומען, און ער האָט זעהר געוואָלט זאָגן עפּעס אַזאַ נאַרעשקייט, אַז דאָס טעכטערל זאָל זיך פאַרלירן, אַוועקלויפן פון טיש און דער עולם זאָל זיך קייקלען פון געלעכטער. ער האָט געמאַכט אַן ערנסט פּנים, איינגעצויגן די געמבע, זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט איבער דער בעל־הביתטעס לעצטע פראַגע און מיט אַ ישוב־הדעת געענטפערט:

— ווען איר האָט אַ שידוך מיט געלט איז דאָך אוודאי גוט, נאָר אויב אָהן געלט, איז אויך קיין מניעה, דער עיקר, זי זאָל מיר געפעלן!

— אין וואָס גוסטירט איר בעסער? — האָט מיס שוליץ אים געפרעגט און איז רויט געוואָרן — אין בלאָנדע?

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט די שמאַלציגע אויגן, אַז דאָס מיידל האָט זיך אַזוש פאַרשעמט, און געענטפערט:

— כ׳גלייך נישט (כ׳ליב ניט) קיין בלאָנדע.

— בין איך דאָך אַ ברונעטקע! — האָט מיס שוליץ אַ כאַפּ געטאָן די האַנט צום מויל, ווי זי וואָלט זיך אָפּגעבריהט, זיך צע־לאַכט און פאַרשעמט באַהאַלטן ס׳פּנים אין די הענט.

— איר זייט נישט קיין ברונעטקע! — האָט פרידקין אַ צו־פרידענער געשמייכלט.

— וואָס דען בין איך? — האָט ס׳מיידל געעפנט אַ פּאָר אויגן און אינסטינקטיוו געפילט, אַז דער לאַנגווייליגער „היברו־טיטשער" וועט זי באַליידיגן.

— איר זייט... איר זייט...

די צונג האָט זיך ביי פרידקינען גענומען וואַקלען, ווי ביי אַ שיכור, די אויגן פאַרצויגענע האָבן דאַכט זיך גאָרנישט געזעהן. ער האָט זיך אַ רוק געטאָן מיט דער שטול נענטער צום מיידל, אָנגעכאַפּט אירס אַ האַנט און געפלאַפּלט:

— איר זייט נישט בלאָנד. איר זייט... וואָס זייט איר? איר מיינט איך בין שיכור? אסור! איר זייט נישט בלאָנד. וואָס זייט איר? אַ כלה־מיידל? האַ, האַ, האַ!

ער האָט זיך אַ בויג געטאָן צו איר און ס׳האָט אויסגעזעהן, ער גייט איר אַ קוש טאָן. מיס שוליץ האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אים, מיט אַ קוויטש זיך באַהאַלטן הינטער דער „וויקטראָלע" און אַ פאַרלאָרענע געקוקט צום עולם.

— וואָס שרייסטו, ווילדע ציג? — האָט מיסטער שולין זיך געווענדעט צו דער טאָכטער — ניט אַריין אַביסל סעלצער, דער ווײַן האָט אים מסתמא פאַרשאַדט!

ער איז צוגעגאַנגען צו פרידקינען:

— איר ווילט זיך אפשר צושפּאַרן?

— איך בין נישט שיכּור! — איז פרידקין אויפגעשפּרונגען, זיך געוישובט, צו זאָל ער אים אַרומכאַפּן, קושן, געפילט, אַז ער האָט ווייניג קוראַזש און טעמפּ זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול.

מיסטער שולין האָט אים גאָרנישט געענטפערט, זיך צוגעלייגט אַ פינגער צום שטערן, געצייגט גרינען, אַז פרידקין איז באַקנאַקט און איז אַריין אין זאַל. גרין איז אים נאָכגעגאַנגען. פרידקין דאָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז סעלצער, געפילט, אַז ער איז דאָ אַן איבעריגער, אַז אַלע וואַרטן ער זאָל וואָס גיכער אַוועקגיין און זיך געטראַכט, זיי אויף צו פלאַצעניש וועט ער בלייבן. ער איז געבליבן זיצן איינער אַליין ביים טיש, געקוקט, ווי דאָס שיקסל נעמט אַראָפּ דאָס געפעס, און אַ שווערער אומעט איז אים באַפאַלן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם אַלטן מלמד, וואָס לערנט „עברי" אין קיך, און ער האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט געוואָלט אַרויס אָהן אַ גוטע נאַכט, די מורא אָבער, אַז מען קען אים מאָרגן אָפּזאָגן פון דער שטעל, האָט אים געשלעפּט צום זאַל. ער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, געזעהן, ווי אַלע זיצן און מיט אַ הוילקייט ביים האַריץ, ווי ער וואָלט שוין עטליכע טעג נישט געגעסן, האָט ער זיך געזעגנט:

— אַ גוטע נאַכט!

— נו, ווי פילט איר? לייכטער אַביסל? — האָט דער בעל־הבית זיך אויפגעשטעלט — וואָס איילט איר זיך? פאַרברענגט נאָך מיט אונז!

— ס׳טוט מיר זעהר לייד — האָט פרידקין זיך געהאַלטן אין איין נייגן — כ׳מוז גיין! אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט!

ביים אַרויסגאַנג האָט פרידקין זיך אָן עפּעס דערמאָנט, צוריק אַריין אין זאַל און געבליבן שטיין פאַר מים שוליץ:

— כ׳האָב אייך נישט געמיינט צו באַליידיגן! אַנטשולדיגט, מים שוליץ!

דער עולם האָט זיך איינגעהאַלטן, געביסן זיך די ליפּן און אַז פרידקין איז שוין געווען הינטער דער טיר, האָט ער געהערט, ווי מען קייקלט זיך פאַר געלעכטער.

4.

פרידקין איז געבליבן שטיין אויפן „סטופ“, פארלאָרן זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָריענטירן, צי ער דאַרף גיין רעכטס, צי לינקס. ער האָט נישט באַמערקט, ווי פאַרבייגייער האָבן פאַרדעכטיג אויף אים געקוקט, בלויז געפילט ווי עס פאַר־קוועטשט אים אונטערן האַרצן, ווי מיט אַ רייף. אַליין אין אים האָט זיך געקאָרטשעט פון כעס און פאַרדרוס. זיינע וואַסערדיגע אויגן האָבן נישט באַמערקט, ווי די גאַס איז, פון ביידע זייטן טראָ־טואַר, געווען אַזש שוואַרץ פון מענשן. מען איז געזעסן משפּחה־ווייז, כמעט אַלע אין צעקנעפּלטע העמדער, די קעפּ פאַרוואָרפן ווי נאָך אַ תּענית און יעדעם מאָל, ווען אַ ווינטל האָט אַ בלאָז געטאָן, איז די לופט פול געוואָרן מיט אַ קרעכצעריי, ווי אין אַ שוויצבאָד. אין עק גאַס, ווי ווייט ס'אויג האָט געקענט כאַפּן, האָט אַ שורה עלעקטרישע לעמפּלאַך, וואָס האָט אויסגעזעהן פון דערווייטנס, ווי אַ שנור לויכטנדיגע פּערל, געבלענדט די אויגן, גערייצט — האָבן מידע, פון דער היץ, פאַרלאַך זיך געשלעפּט אין וואָרעוויל אַריין, וואו מען האָט דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן פון ענגשאַפט.

— וואָס שטיי איך דאָ? — האָט פרידקין זיך אַ כאַפּ גע־טאָן, געפילט ווי די פינגער ווערן אים שטייף און געהיען זיכער, ווען ער כאַפּט איצט גרינען, צערייסט ער אים אויף שטיקער.

אַ יונגערמאַן מיט אַ פּאָרטפעל אונטערן אָרעם איז אָנגע־
קומען פון דער גאַס, אַריינגעשטופּט אין שולצעס בריוו־קעסטל
אַ קאָנווערט, אָנגעקלונגען און צוריק פאַרשוואונדן. פרידקין האָט
אַרויסגעשלעפּט דעם קאָנווערט. ס׳איז געווען אַ פּייער „אינ־
שורענס פּאַליסי“ *). ער האָט מיטאַמאָל געגומען רייסן די
פּאַליסי אויף שטיקלאַך און געהאַט בשעת מעשה דעם געפיל, ווי
ער רעכנט זיך אָפּ מיטן פּרעזידענט, צינדט אים אונטער. ער
האָט געהערט ווי עמיצער לויפט איבער די טרעפּן, איז ער אַ
פאַרציטערטער אַראָפּ פון אַלע טרעפּלאַך מיט איין שפּרונג און
זיך געלאָזט מיט דער גאַס.

פרידקין איז כמעט געלאָפן, זיך נישט געקענט קלאָר מאַכן
וואָס ס׳קוועלט אים, נאָר טיף ערגעץ אין זיין פאַרוואַקסענעם מיט
זישאַווער האַריץ האָט ער געפילט, אַז ער איז דער אומגליקליכסטער
מענש אויף דער וועלט. שטיקלאַך עולות אָהן אַ צוזאַמענהאַנג
זיינען אים באַפאַלן, ווי מען וואָלט אים באַוואָרפן מיט שטיינער,
און זיינע איינגעהויקערטע פּלייצעס האָבן זיך נאָך טיפער געבוי־
גען. ער איז בייז געווען אויף זיך פאַרוואָס די שנאה צו גרינען איז
ביי אים גרעסער, ווי די שנאה צו שולצן. ער האָט עס זיך נישט
געקענט פאַרענטפערן, בלויז געפילט, אַז אַן אומדורכדרינגבאַרע
מחיצה טיילט אים אָפּ פון פּרעזידענט. און ווי גרויס זיין האַס
צום פּרעזידענט זאָל נישט זיין, וועט ער קיינמאָל נישט איבער־
שטייגן די מחיצה, תמיד זיך בויגן פאַר איר, ווי פאַר אַ גאָלדענער
קאַלב. ער איז געווען איבערצייגט, אַז צווישן אים און גרינען
שטייט קיין זאַך נישט. ער דאַרף נאָר אויסשטרעקן די האַנט און
ער האַלט שוין גרינען פאַרן גערדיק. און גייענדיג אין מיטן גאַס
האָט פרידקין זיך ביסלאַכווייז באַרוהיגט, לויט דעם ווי זיין כעס צו
גרינען איז געוואַקסן. דער נקמה־געפיל האָט אים פאַרשיכורט,

---

*) פאַרזיכערונגס־צייגניס.

פאַרכאַפּט אינגאַנצן. ער האָט געהאַט צעהנדליגע פּלענער ווי זיך אָפּצוּרעכנען מיט אים — געפילט, ווי זיין האַנט קאָרטשעט זיך, הויבט זיך, לאָזט גרינגען אַראָפּ אַ פּאַטש, ווען ער גייט גראַדע מיט מיס שולין. לאָז ער וויסן, דער מלמד, אַז מיט פרידקינען שפּאַסט מען נישט! נו טאַקע, וואָס האָט מען פון אים געוואָלט? ער האָט געמאַכט אַ שפּאַס מיטן פּרעזידענטס טאָכטער? אם כּן? ווען נרין מאַכט דעם שפּאַס וואָלטן אַלע געקוואָלן, און אַז ער האָט געמאַכט, איז עס שיעור נישט געקומען צו אַ סקאַנדאַל! און ווער ווייס וואָס מאָרגן קען נאָך זיין?

— גראַרי היר! יו־או — — — —!

פרידקין האָט דערפילט, ווי מען האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ בויגיגן שטעקן איבער די פּלייצעס, אַז ס'האָט אים אַזש אַ בריה געטאָן. אַ פאַרצאַפּלטער האָט ער אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, דערזעהן פאַר זיך אַ פּאָר פערד און זיי געוואָלט אויסמיידן. ער האָט אינסטינקטיוו באַגריפן, אַז מען דאַרף זיך נעמען לינקס און ווי אַ נאַרעשער שעפּס, וואָס לויפט פון גרויס שרעק אין פייער אַריין, אַזוי איז פרידקין מיט נישט קיין מענשישן געשריי אַרויף אויף די פערד. דער אָנטרייבער האָט קוים זיי איינגעהאַלטן, גע־הויבן די בייטש אויף פרידקינען, געשריען, געשאָלטן. אַ ניי־געריגער עולם האָט באַלד אַרומגערינגלט די פערד און וואָגן.

פרידקין האָט אָפּגעצויגן נישט טויט נישט לעבעדיג, אָפּגע־ווישט אַ קאַלטן שווייס פון שטערן, זיך נאָך מער איינגעקאָר־טשעט און מיטאַמאָל זיך דערפילט נישטיג ביי זיך אַליין. ער האָט זיך דערזעהן אַן אַלטן בחור, וואָס אַלע לאַכן אויס, קיינער דאָרף נישט מורא פאַר אים און אַז אַ מענש — האָט פרידקין גע־טראַכט — האָט נישט מורא פאַרן צווייטן, נוצט ער אים אויס, באַליידיגט אים, דערנידעריגט אים. נישט איינמאָל אין סקול האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי שטאַרקערע קינדער פייניגן שוואַכערע, האָ־בן דערפון גרויס פאַרגעניגן און אַז דער שוואַכער כאַפּט אין אַ

הינקל, צי ער פֿאַרנאַרט נאָך אַ שוואַכערן, צי אפֿילו אַ קראַנקן, פּײַניגט ער אים פּונקט אַזוי, ווי מען האָט אים געפּײַניגט. נאָך מער — דער שוואַכערער וועט תּמיד אימיטירן, ווען ער וועט פּײַ־ניגן דעם נאָך שוואַכערן, די זעלבּיגע זידל־ווערטער, די וואוויל־ערישקייט, זשעסטן, אפֿילו די שטימע וועט ער נאָכמאַכן, וואָס דער שטאַרקער האָט געבּרויכט, ווען ער האָט אים געפּײַניגט. דאָס זעלבּיגע — האָט פּרידקין אָפּגעמאַכט בּיי זיך — איז מיט דער־וואַקסענע מענשן. ס׳איז אים קאַלט געוואָרן. ער האָט געפֿילט, אַז ער האָט ליבּ מיס שולץ, אַז דאָ איז נישט בּלויז אויסרעכע־נונג, אַז אויבּ אפֿילו דעם פּרעזידענטס פּראָטעקציע וועט נישט העלפֿן ער זאָל ווערן „ראַבּאַי“, וואָלט ער זיך אויך——— ער וועט נישט דערלאָזן, ניין! ער וועט גרינגעך עוקר מן השורש זיין! ער האָט שוין אַ פֿאַרטיגן פּלאַן. ער מוז דעם מלמד אַראָפּרוימען פֿון וועג!

פּרידקין האָט זיך אַרומגעקוקט, וואו ער איז פֿאַרקראָכן. ער איז געשטאַנען בּיי זיסקינדס הויז און זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אים צוגעזאָגט אַרײַנצוגיין. ער האָט אַרויפֿגעקוקט — ס׳איז גע־ווען ליכטיג אין אַלע פֿענסטער. ער האָט זיך געקווענקלט, צי ער זאָל אַרויפֿגיין, געוואָלט זיין אַליין, מיט זיך. נאָך אַמאָל אויפֿגע־הויבּן די אויגן צו די פֿענסטער, האָט אים די ליכטיגקייט אַ ציה געטאָן און מיט מידע, שווערע טריט האָט ער זיך גענומען הויבּן איבּער די געדרייטע טרעפּן, ווי אַ געקרויזטע חסידישע פּאה, און געטראַכט, אַז פֿון פֿירטן שטאָק וועט ער דורכן חלל פֿון די טרעפּן קענען שפּייען גלייך אין קאָרידאָר אַריין.

— איר זייט טאַקע בּיי אונז אַ גאַסט! — איז בּערטע, זיס־קינדס פֿרוי, נאָך אַ יונג ווייבּל, וואָס קלאָגט זיך תּמיד, אַז זי ווערט נישט פֿאַרטיג מיטן טאָג, אים אַנטקעגן געקומען.

— זיסקינד איז דאָ? — האָט פּרידקין אַ פֿרעג געטאָן און גע־וואָלט גיין אין צווייטן צימער, פֿון וואַנען ס׳האָט זיך געהערט זיסקינדס שטימע.

— אַז מיר האָבן קיין מזל נישט, מיסטער פרידקין — האָט בערטע אים פאַרשטעלט דעם וועג, אַריינגעמאַכט די הענט אין די קעשענעס פון איר ווייסן שירץ, וואָס האָט זי געמאַכט אויסזעהן ווי אַ קעלנערקע, פאַרריסן דעם האַלז מיטן שטייענדיגן קעלנערל און גענומען ריידן שטיל, ווי זי וואָלט פאָרטגעזעצט אַן איבערגע־ריסענעם שמועס — דאַכט זיך אַזאַ קליינינגקייט, אַ שכן, און אין דעם גייט אונז אויך נישט! דער איצטיגער איז נאָך אַ גרעסערע פורעניות, ווי דער פריהערדיגער! ער איז מיט אַן אמת משוגע!

— האָט בערטע אָנגעכאַפּט פרידקינען פאַר אַ האַנט, זיך אַ בויג געטאָן און אַרויסגעלאָזט נישט קיין איינגעגעבענעם לאַך.

— ווער? קרוזע? — האָט פרידקין אָפּגעהוסט און אויסגע־שפּיגן וואו ער איז געשטאַנען.

— יע. זיצט אַ מענש, מיט אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער נישט אַריין און האַלט זיך אין איין מעסטן די היץ!

— מסתמא פילט ער נישט גוט?

— וואָס? — האָט בערטע זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט אַ האַנט פאַרן קאָפּ און פאַרזשמורעט די אויגן — ער איז געזונטער פאַר אונז ביידן! און ס'איז גלאַט אַן אָנשיקעניש! אַ מענש שלאָפט נישט קיין נעכט, שרייבט כלומרשט, איר מעגט הערן — אַנומלט איז מיין פיליפ נישט געווען מיט אַלעמען. כ'גיי אַראָפּ אין מיטן נאַכט, כ'וויל אים געבן אַ ביסל וואַסער, הער איך ווי עמיצער דרייט זיך אַרום אין קיך. כ'נעם וועקן מיין אַלטן, האָט ער דאָך אַ שלאָף, כאָטש שיס מיט האַרמאַטן, און דאָ הער איך, ווי מען רוקט שופלעדער, האָב איך פון שרעק גענומען שרייען, איצט כ'זעה, קרוזע קומט אָן אין די גאַטקעס. נו, ס'האָבן אים שוין דע־מאָלס קיין צרות נישט געפעלט! גלויבט מיר, כ'וואָלט אים צוגעצאָלט ער זאָל אַרויס פון מיר!

פרידקין האָט געוואָלט פּטור ווערן פון איר און וואו ער האָט זיך אַ דריי געטאָן, געוואָלט אַריין אין צווייטן צימער, האָט

בערטע קונציג אומעטום פאַרשטעלט אים דעם וועג און געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן שכנים, וועגן אירע צוויי ייִנגלאַך, די חכמים, מיט די מיניסטערשע קעפּ, וועגן מאַן, וואָס קען אַ קאַץ אַ וויידל נישט צובינדן.

צוויי ייִנגלאַך זײַנען אַריין אין די בלויזע העמדלאַך, די קעפּ־לאַך צעשויבערט, זיך געיאָגט אַרום פרידקינען, ווי זשרעבקעלאַך, מיטאַמאָל געבליבן שטיין, געקוקט אויף פרידקינען, ווי זיי וואָלטן אים איצט דערזעהן און זיך געוואָרפן אויף אים מיט געשרייען:

— האַללאָ, מיסטער פרידקין! האַללאָ!

— דער עלטערער, פיליפּ — האָט די מוטער געוויזן אויפן ייִנגל און געדעדט כלומרשט אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט אין צווייטן צימער — איז אַ חכם! גנאַרט דעם טאַטן אין זאַק אַריין! דאָס האָט אויף זיך אַ קאָפּ, אסור אַ „לאָיער“ *).

— איך וויים, וואָס די מאַמע זאָגט — האָט פיליפּ זיך פאַר־שעמט, און געהאַלטן אין איין אַריינשניפּן אַ גרין ליכטל, וואָס ס׳איז אים אַרויס פון דער נאָז.

— נו, נו, נו, כ׳מיין נישט דיך — האָט די מוטער אים אָפּ־געשטופּט פון זיך—ער נעמט זיך שוין איבער! נייטס שלאָפן, גייטס!

פיליפּ האָט זיך אַדריי געטאָן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אויס־געשטרעקט צו פרידקינען אַ שמוציג הענטל:

— אַ פּעני — — — —

פרידקין האָט גענומען זוכן אין די קעשענעס. בערטע האָט אָנגעכאַפּט פרידקינען מיט איין האַנט, מיט דער צווייטער האָט זי געטריבן די קינדער שלאָפן און זיך געבעטן ביי אים:

— כ׳באַשווער איך, מיסטער פרידקין, גיט זיי נישט קיין סענט, מען דאַרף קינדער נישט געוואוינען צו קיין געלט! אַז וואָס

*) אַדוואָקאַט.

קען איך מיר העלפן? מיר וואוינען צווישן אַזאַ פּעוּול! אונ־זערע אַלע שכנים האַלטן זיך אין איין אַרומשלאָגן מיט די ווייבער, מען שילט זיך, קענט איר שוין פאַרשטיין, וואָס פאַר אַן ער־ציהונג זייערע קינדער קריגן!? וואָס קען איך מיר העלפן? כ'רייד אין זיי אַריין, כ'שלאָג אויך, ס'איז דאָך אָבער קינדער, גייען אין דער גאַס און לערנען זיך אָפּ פון אַנדערע! דער אָרעמאַן קען צומאָל נישט ערציהען ווי געהעריג זיינע קינדער!

די צוויי יינגלאַך זיינען געשטאַנען פון ביידע זייטן פרידר־קינען, געוועזן גרייט צו כאַפּן די פּעני, וואָס ער וועט זיי געבן און די אויגלאַך ביי זיי האָבן געפינקלט. די מוטער האָט נישט אויפ־געהערט שרייען:

— שלאָפן גייט, קינדער, כ'נעם באַלד דעם טאַטנס פּאַסעק! מען זאָגט קינדער זעהען נישט קיין סענט פאַר די אויגן, ווי כ'בין אַ יידישע טאָכטער, אַז עטליכע מאָל אַ טאָג שלעפּן זיי ביי מיר פּענים!

פרידקין האָט אויפגעזוכט ערגעץ אין אַ קעשענע אַ קליינע האַרמאָניקע, וואָס ער האָט געהאַט צוגענומען ביי זיינעם אַ תלמיד, און עס געוויזן די יינגלאַך. זיי זיינען געבליבן קלעפּן ביי זיינע הויזן ווי ראַקעס, געהויבן יעדער צו אַ הענטל, געוואָלט קריגן דאָס שפּילעכל. פרידקין האָט מורא געהאַט זיי זאָלן אים נישט צעררייסן די הויזן, האָט ער אַ וואָרף געטאָן די האַרמאָניקע אויף דער פּאָדלאָגע. איין יינגל האָט צוגעהאַלטן דעם צווייטן, גע־שריען, באַלד איז איינער געלעגן אויפן צווייטן און זייערע קולות האָבן געגרילצט אין די אויערן. די מוטער האָט פאַרקאַטשעט די לאַנגע נאַכטהעמדלאַך און גענומען שלאָגן די „ביידע חכמים מיט די מיניסטערשע קעפּ" אין די געזעסלאַך אַריין.

— אָט אַזוי! אָט אַזוי! אַז אַ מאַמע זאָגט שלאָפן, גייט מען שלאָפן!

אַ באַרוהיגטער מיט אַ שמייכל אויפֿן פּנים איז פרידקין אַריין אין צווייטן צימער.

צוויי גאַזן האָבן געציטערט, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן בײַם איסגיין, און אָפּגעגאָסן דעם צימער מיט אַ ברודיגע ליכט. אויף די ווענט האָבן געהאַנגען רעפּראָדוקציעס פֿון מאַדאָנעס, וואָס מען זעהט אַזוי אָפט אין די שלאָפֿצימערלאַך בײַ געוועזענע פּאַרטיי־בחורים און מיידלאַך. אין אַ ווינקל אויף אַ שראַנק מיט ביכער איז געשטאַנען אַ גרויסער גיפּסענער ביוסט פֿון געטען. צוויי שטרויענע קאַפּעלושן, איינער אויפֿן צווייטן, זיינען וואוילע־ריש געזעסן אויף געטעס קאָפּ, אים פֿאַרשטעלט אַן אויג, האָט זיך בײַם אַריינקומען געדאַכט, אַז דער אַלטער שמייכלט.

הינטער די גאַזן, בײַ אַ קיילעכדיגן טיש, איז געזעסן זיסקינד מיט אַ יונגנמאַן און געשמועסט.

בײַם אָפֿענעם פֿענסטער אויף אַ קאַנאַפּע איז געלעגן קרוזע, אַ פעטער, צעוואַקסענער ייד אין די פֿערציגער. זיין געפּרעסט העמד, וואָס איז אַמאָל ווייס געווען, האָט זיך אַרויסגעצויגן פֿון די הייזן, זיך צעבלאָזן אַרום דעם בויך און אויסגעזעהן פֿון דערווייַ־טנס ווי אַ מולטער מיט טייג. ער איז געלעגן מיט פֿאַרוואָרפֿענע הענט, ווי ער וואָלט געווען שלאָף, און געהאַלטן אַ טערמאָמעטער אונטער דער צונג.

מיט זיינע ווייסע, צעווייקטע אויגן, ווי בײַ אַ געקאָכטן פֿיש, האָט ער געקוקט אויף די ברודיגע ליכט, וואָס האָט זיך געשאַרט איבער די ווענט ווי שנירלאַך רויך און געטראַכט, אַז ער וועט דעם זומער נישט איבערלעבן. אַליץ האָט אים וויי געטאָן. דער מאָגן האָט געדריקט, ווי אָנגעשאָטן מיט נאַסן זאַמד, די זייטן אָפּגעלעגן, די פֿיס האָבן געטרוישט, ווי אַ פֿליגעלע וואָלט זיך פֿאַרקליבן, נישט אויפֿגעהערט קלאַפּן און זשומען.

— וואָס איז דער מער, קרוזע? — האָט פרידקין אים אַ שאָקל געטאָן.

קרוזע האָט זיך אַ בויג געטאָן, ווי אַ שטיק טייג, אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט דעם טערמאָמעטער און געוויזן אויף שטום־לשון, מען זאָל אים נישט טשעפּען.

— אַ, פרידקין, — האָט זיסקינד זיך אַ הויב געטאָן — כ׳האָב געמיינט, אַז דו וועסט נישט קומען. זייַ, וואָס שטייסטו?

פרידקין, וואָס האָט בדעה געהאַט אים אַליין צו דערציילן, האָט זיך פאַר דעם פרעמדן יונגענמאַן צוריקגעהאַלטן און געוויזן אויף קרוזען:

— וואָס איז? וואָס זיצט ער ווי אַ כינעזישער גאָט? ער איז קראַנק?

— ער וועט שוין אַזוי שטאַרבן אַ קראַנקער! — האָט זיך דער יונגערמאַן, וואָס איז געזעסן ביים טיש, אָנגערופן.

— אָהן געלעכטער, וואָס איז אים? — האָט פרידקין ווידער געפרעגט.

— ווער ווייס אים ? — האָט זיסקינד אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען — אַז אַ מענש רעדט זיך איין אַ משוגעת... דער דאָק־טער זאָגט, אַז ס׳איז אים גאָרנישט, הייסט אים זיין אויף דער לופט, נעמען קאַלטע בעדער, נו, פאָלגט ער אים? ווי דו קוקסט אים אָן, קען ער אַזוי אָפּליגן מיטן טערמאָמעטער אין מויל שעהן לאַנג!

בשעת זיי האָבן גערעדט, האָט קרוזע פאַרמאַכט די אויגן, איבערגעלאָזט צוויי דינע שפּעלטלאַך, און דאָס פעטע פּנים האָט זיך נעשמאָלצן פון נחת.

דער יונגערמאַן איז צוגעגאַנגען צו פרידקינען און אים אַ ציה געטאָן פאַר אַן אַרבל:

— אַנטשולדיגט, איר זייט מיסטער פרידקין, האַ? זעהר אַנ־גענעם! מיין נאָמען איז ראַבינאָוויטש!

— כ׳האָב דאָך אייך פאָרגעשטעלט, נאָ? — האָט זיסקינד זיך געפילט שולדיג.

— ס׳מאַכט נישט, ס׳מאַכט נישט — האָט ראַבינאָװיטש אַ ציה געטאָן זײַן הױכע פּלײצע און געװאָרן מיט אַ קאָפּ העכער, געריבן אײן האַנט אָן דער צװײטער, װי ער װאָלט אױסגעװיקלט אַ כינאַרעט און מאָדנע געשמײכלט — אַבי מיר קענען זיך!

זיסקינד האָט אַ קוק געטאָן אױפֿן לײדיגן טיש, אױף דער טיר, װאָס פֿירט אין קיך אַרײַן און אַ געשרײ געטאָן:

— בערטע! בערטע!

— װאָס איז? — האָט זיך געהערט בערטעס שטימע פֿון באָדצימער, װאו זי האָט געבאָדן אירע צװײ ײנגלאַך.

— זײַ עפּעס מכבד די געסט!

— די געסט װעלן מיר אַנטשולדיגן! כ׳װעל נאָר אָפּבאָדן די קינדער!

— מיסעס זיסקינד, — האָט ראַבינאָװיטש צוגעלײגט אַ האַנט צום מױל, זײַן שטימע זאָל גײן אין דער ריכטונג פֿון באָדצימער — פֿאָרעט אײַך נישט! מיר פֿאַרברענגען זעהר גוט!

— װאָס? איר מײנט אָהן מיר?

פֿרידקין האָט זיך צעלאַכט דין און שפּיציג, װי מען װאָלט געקראַצט מיט אַ נאָגל איבער גלאָז.

— אָ, אַנטשולדיגט, מיסעס זיסקינד, כ׳האָב דאָס נישט געמײנט! אין גענצטײל...

פֿרידקין האָט געקוקט אױף ראַבינאָװיטשן — אַ דאַר לענגליך פּנים, אױגן, װי דורכזיכטיגע העל ביר, רוהען נישט קײן רגע, קװעטשט מיט זײ, װי אַ קאַטשקע מיט אַן אָפּגעשװירענעם עק, די נאָזלעפֿלינג ציטערן און ס׳גאַנצע פּנים דערמאָנט אַ יאָגהונט.

— נו, װי איז צוגעגאַנגען בײַם פּרעזידענט? — האָט זיסקינד זיך געװענדעט צו פֿרידקינען — אַבי האָסט געשראָקן!

— זעהר גוט, זעהר גוט! — האָט פֿרידקין זיך אַלײן געמאַכט קוראַזש — כ׳װאָלט שױן דאָ געװען, האָבן זײ מיך נישט אָפּגעלאָזט! דו װײסט דאָך, זיצט די גאַנצע משפּחה, מען טרינקט אַ

גלעזל ווייַן, קען מען נישט זיין קיין חזיר, זיך אויפהויבן און אַנט־
לויפן!..

— אַלע דאָ „היברו טיטשערס"? — האָט ראַבינאָוויטש אַ
קוועטש געטאָן מיט די אויגן, און אַז איינער האָט אים ס'ערשטע
מאָל געזעהן, האָט ער געמיינט, אַז ער ווינקט זיך איבער מיט
זיין וויז־אַ־ווי און ציינגט עפּעס אָן אויפן שכן.

— אַלע — האָט זיסקינד געשמייכלט און זיך אויסגעדרייט
צו פרידקינען — גרין איז געווען?

— געווען — האָט פרידקין נישט ווילינג געענטפערט.

— ווייסט, כ'האָב גאָרנישט געוואוסט — האָט זיסקינד זיך
געחדושט — גרין שרייבט דאָך לידער! אָט לייען!

פרידקין האָט גענומען די צייטונג, וואָס זיסקינד האָט אים גע־
געבן, רויט געוואָרן פון פאַרדרוס וואָס זיין קאָנקורענט שרייבט,
און איידער ער האָט נאָך איבערגעלייענט אַ וואָרט, האָט ער זיך
אָנגערופן:

— ווער שרייבט היינט נישט? מ'האָט אַ רוהיגן קאָפּ, זעצט
מען זיך אַוועק און מען פאַרפּאַסט עפּעס! אין אַן אַנדער שפּראַך
פאַרשטיי איך נאָך, מען דאַרף כאָטש לשון קענען, אָבער דאָ?
ווער קען דאָס נישט קיין זשאַרגאָן? אָט קרוזע שרייבט העבּ־
רעאיש, פאַרשטיי איך! כי, כי, כי!

קרוזע האָט באַלד נישט געענטפערט. ער האָט אַרויסגענומען
דעם טערמאָמעטער פון מויל, אים אונטערגעטראָגן אונטער אַ
גאַז־פלעמל, זיך איינגעקוקט, אַ נישט צופרידענער אים אַריינגע־
שטעקט אין אויבערשטן וועסטל־קעשענע און ווי ס'וואָלט אים
פאַרדראָסן, וואָס ער האָט נישט קיין היץ, האָט ער עטליכע מאָל
איבערגעחזרט:

— נאָרמאַל. די טעמפּעראַטור איז נאָרמאַל.

— איז ווידער שלעכט? — האָט פרידקין זיך אָנגערופן.

— אַ דו, וואַסער־קאָפּ, דו לאַכסט פון גרינען? — האָט קרוזע זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן פרידקינען — דרך ארץ, דען וויסן זאָלסטו, אַז גרין איז אַ גרויסער דיכטער!

— ווען ער וואָלט געווען אַ גרויסער דיכטער, וואָלט ער נישט געדאַרפט זיין אַ מלמד — האָט פרידקין זיך לעקעריש צעשמייכלט און אין דער זעלביגער צייט זיך געשראָקן, געוואוסט, אַז פון קרוזעס מויל וועט ער שוין קיין כבוד נישט אַריינכאַפּן.

— ס'איז אַ ראיה, ווי גאָרנישט! — האָט קרוזע זיך פאַרהוסט, און זיין פעט, קיילעכדיג פנים האָט אַויסגעזעהן ווי אַ פענדל שמאַליץ, וואָס האַלט זיך אין אויסלאָזן — איז מענדעלע ניט גע־ווען ס'גאַנצע לעבן אַ מלמד? און פונקט מענדעלע? כ'וועל דיר אויסרעכענען אַ גאַנצן צעטל מיט גוים! מיצקעוויטש איז געווען אַ לערער, סאָלאָגוב — אַ לערער... כ'וויס... אַז דו הערסט: סיי־ווי־סיי זייערע נעמען ס'ערשטע מאָל! די צרה איז אָבער אַן אַנדערע — ביי גוים אַ לערער איז ראשית אַ געבילדעטער מענש: אַז ביי אונז איז אַלץ פאַרקערט! כ'רייד שוין נישט פון די דרדקי־מלמדים. אָט זיצט דאָ — האָט קרוזע געצייגט אויף פריד־קינען — אַ ייד שלא קרא ולא שנה, זיצט ווי אַ נאַר איבער לאָקשן, און אַז דאָס איז אַ פרינציפּאַל אין אַ תלמוד־תורה, איז טאַקע אַ חרפּה צו זיין אַ העברעאישער לערער, ווי כ'בין אַ ייד!

זיסקינדן האָט פאַרדראָסן אויף קרוזען, אים געשטופּט מיט אַ פוס, ער זאָל שווייגן. פרידקין האָט זיך פאַרלוירן, נישט געווען צוגעגרייט צו אַזאַ ברוך־הבא. ס'האָט אַ ווײַלע גענומען ביז ער איז צו זיך געקומען. ער האָט איינגעצויגן די ברייטע, ראַזירטע געמבע און אַרויסגערעדט די ווערטער איינציגווייז, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעפאַלן:

— כ'וועל זיך צו יעדער צייט פאַרהערן מיט דיר אין לומדות! אַן עזות־פנים אַזאַ! פאַר אַזעלכע רייד גיט מען ביי אונז אין דער באַק!

ער האָט פֿאַמעלאַך אויפֿגעהויבן אַ האַנט, ווי ער וואָלט גע־
שלעפּט אַ שווערע משא, האָט זיסקינד זי פֿון הינטן אָנגעכאַפּט
און אים גענומען באַרוהיגן:

— ווייס איך... אַ מענש מאַכט אַ שפּאַס...

— איך מיין עס ערנסט! — איז קרוזע אויפֿגעשפּרונגען און
זיך גענומען קלאַפּן אין האַרץ אַריין.

— נו, גענוג! — האָט זיסקינד אַלעמען איינגעשטילט.

עס איז מיטאַמאָל געוואָרן נישט אָנגענעם שטיל. יעדער
האָט געקוקט אין אַן אַנדער זייט, זיך מורא געהאַט צו טרעפֿן
מיטן צווייטנס בליק.

ראַבינאָוויטש האָט אַ שניף געטאָן מיט דער דאַרער נאָז,
אויסגעצויגן דעם האַלז, ווי ער וואָלט זיך געצאַטעוועט עמיצן
אַריינצוכאַפּן, און אָנגעהויבן זעהר שטיל:

— „היברו טיטשערס" האָבן זיך נישט וואָס צו קלאָגן. פּראָ־
פּאָרציאָנעל קריגן זיי מער, ווי פּאָבליק־סקול לערערס *), דערצו
קיינע אחריות, האָסט אָפּגעלערנט דריינע דריי, פֿיר שעה, ביזטו
פֿריי, קענסט טאָן וואָס דו ווילסט. אָט איך, למשל — זיסקינד
ווייס, אַז „כ'בין ווערט" עטליכע טויזנט טאָלער, פֿונדעסטוועגן
האַלט איך אָן די „היברו". פּופּצן צי זעכצן טאָלער אַ וואָך, פֿאַר־
שטייט איר מיך, גייען נישט צו פֿוס. אַז מען האָט נאָך אַ חוש
פֿאַר ביזנעס, האָט אַ „היברו טיטשער" די בעסטע געלעגנהייט
צו מאַכן געלט... ער זיצט דאָך דאָ, זיסקינד — האָט ראַבינאָ־
וויטש אַ פּינקל געטאָן מיט די אויגן, — לאָז ער אייך זאָגן: ווען
די פֿינף און צעהן סענט „סטאָרס" **) האָבן זיך געעפֿנט, בין
איך צו אים געקומען, מיר זאָלן בשותּפֿות קויפֿן „שערס" ***),
צעהן טאָלער אַ „שער". טענה איך מיט אים, נו טאַקע, וויאו

*) פּאָבליק־סקול — פֿאָלקס־שול.
**) סטאָר — אַ קראָם.
***) שערס — אַקציעס.

קומען נישט בײַ אַ מענשן אַוועק צעהן טאָלער? פּרובירן! ס'האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז אַ גאָלדן געשעפט! די וואַנט ענט־פערט? אַז ס'פעלט זײַ דער חוש פאַר ביזנעס! מײַנע פינף „שערס" זײַנען הײַנט ווערט פינף הונדערט טאָלער, ווי כ'בין אַ ייד! וואָס מײַנט איר? די שיפס, די ראָקעפעלאָס, די מאָרגאַנס זײַנען מלאכים? פּונקט אַזעלכע בשר־ודמס ווי מיר! אלא־מה? האָבן אַ חוש פאַר ביזנעס, דאַט'ס אָל (דאָס אַלעס) !

דאָ האָט ראַבינאָוויטש אַרויסגעשלעפּט פון דער קעשענע אַ בראָשורע, זי געעפנט, זיך אַ ציה געטאָן, פאַרמאַכט אַ האַנט, ווי ער וואָלט עפּעס אַרײַנגעכאַפּט, און די אויגן האָבן זיך בײַ אים אַ צינד געטאָן:

— אָט האָב איך ראָקעפעלאָס ביאָגראַפיע, געווען אַן אָרעם שיק־ייִנגל, געאַרבעט פאַר דרײַ טאָלער אַ וואָך — און איצט?

— איצט איז ער דער געלט־קעניג פון דער וועלט! — האָט קרוזע אונטערגעכאַפּט און מיט אַ בלײַשטיפט אויסגעשטעלט צי־פערן אויף זײַן ברודיגן מאַנזשעט.

— אַמעריקע איז אַ מדינה! — האָט ראַבינאָוויטש פון זיך געקוואָלן — דאָ קען יעדער זיך אַרויפאַרבעטן, מען דאַרף נאָר האָבן אַ חוש פאַר ביזנעס... אָט האָב איך איצט אַרײַנגעלייגט טויזנט טאָלער אין אינקובאַטאָרס, ס'איז אַ בלינדע זאַך, נאָר מיר שײַנט, אַז ס'דאַרף זײַן אַ ביזנעס און אויב ס'וועט זיך אײַנגעבן, דאַרף אַזאַ מאַשין אויסבריהען איבער הונדערט הינד־לאַך אַ וואָך, איר פאַרשטייט?

— אויב ס'איז יאָ אַזוי — האָט קרוזע אַרויסגענומען דעם טערמאָמעטער און, אום צו קענען רײדן, האָט ער זיך אַרײַנגע־רוקט הינטערן אָרעם: — אויב איר זייט טאַקע אַ ביזנעס־מאַן, האָב איך פאַר אײַך אַ גאָלדן געשעפט און כ'זעה, אַז איר וועט זײַן דער ריכטיגער מאַן, מען דאַרף נאָר ריזיקירן...

— וואָס אַשטייגער? — האָט ראַבינאָוויטש אַ קוועטש געטאָן מיט די אוינן־לעפּלאַך.

— די זאַך איז די — האָט קרוזע מיט אַ קליין שטיקל בליי־פּעדער, וואָס איז געווען פון ביידע זייטן גוט פאַרשניצט, אונטער־געצויגן אַ שורה ציפערן, וואָס ער האָט געהאַט אויסגעשטעלט אויפן מאַנזשעט — איך גלויב, אַז אַרויסצוגעבן אין אַמעריקע אַ העבּרעאישן וואָכנבלאַט, וואָלט געווען אַ גוטע ביזנעס. איר פאַרשטייט, מיר האָבן אין אַמעריקע איבער פופציג טויזנט יידן, וואָס פאַרשטייען העבּרעאיש און נויטיגן זיך אין אַ וואָכנבלאַט. מיט דריי טויזנט סובסקרייבער (אַבאָנענטן) איז די צייטונג געזי־כערט, בלייבן הייסט עס, זיבן און פערציג טויזנט, אַ ציפער, האַ? און מיט אַ פעהיגע אַדמיניסטראַציע, זאָג איך אייך, קען מען אויפ־טאָן וואונדער, ווי כ׳בין אַ ייד! אַז כ׳דאַרף גאָרנישט קיין זיבן און פערציג טויזנט — האָט קרוזע פון בלויזן געדאנק, אַז ער קען קריגן סובסקרייבערס, זיך געשמאָלצן פון נחת — אויב כ׳קריג אפילו וויינינער פון אַ העלפט, לאָז מען זאָגן צוואַנציג טויזנט לעזער, איז עס אויך אַ גאָלדן געשעפט! אָט האָט איר דעם גאַנצן חשבון — האָט ער געהאַלטן אין איין טייטלען מיטן שטיקל בליי־פּעדער איבערן מאַנזשעט — מיר וועלן רעכענען אַ נימער פינף סענט. . .

— לויט אייער חשבון — האָט ראַבינאָוויטש אים נישט געלאָזט ענדיגן — דאַרף עס זיין אַ געשעפט, פרעגט זיך אָבער, פאַרוואָס האָבן זיך אַלע פּרובן אַרויסצוגעבן אין ניו־יאָרק אַ העבּ־רעאישן וואָכנבלאַט נישט איינגעגעבן?

— דאָס אַליין ווייזט, אַז פאַר דער אַרבעט האָבן זיך גענומען בטלנים! — האָט קרוזע זיך אַ רוק געטאָן מיט דער שטול צו ראַ־בינאָוויטשן — אָט טראָג איך זיך שוין אַרום מיטן פּלאַן וועגן אַ העבּרעאישן וואָכנבלאַט יאָרן און כ׳גיב נישט אַרויס! ווייל כ׳בין זיכער, אַז מיט דעם קאַפּיטאַל, וואָס איך קען אַריינלייגן,

קען ער מער ווי עטליכע חדשים נישט גיין! מען דאַרף צוטרעטן מיט אַ קאַפּיטאַל נישט ווייניגער... כ'ווייס... ווען כ'האָב טויזנט טאָלער, איז די צייטונג געזיכערט!

בשעת קרוזע האָט אַריינגעטענהט אין ראַבינאָוויטשן, האָט זיסקינד אַ וואונק געטאָן צו פרידקינען און ביידע האָבן זיך אױ־בערגעקליבן אויף דער לעדערנער קאַנאַפּע.

— אַ נודניק! — האָט פרידקין געזאָגט אויף קרוזעס חשבון, װעלכער האָט זיך נישט געקענט רוקן מיט דער שטול, זיך אויפגעשטעלט, געהאַלטן ראַבינאָוויטשן פאַר אַ לאַץ, ווי ער וואָלט מורא געהאַט ער זאָל נישט אַנטלויפן, און אַריינגערעדט אין אים.

— הייסט עס — האָט זיסקינד אָנגעהויבן — בלייבסטו צו־ריק פּרינסיפּאַל, אַבי האָסט זיך געשראָקן.

— יעס, — האָט פרידקין נישט ווילינג געענטפערט און צוגע־געבן — פונדעסטוועגן ווען כ'קריג עפּעס אַן אַנדער שטעל, אפילו מיט ווייניגער געהאַלט, וואָלט איך מאָרגן נאָך אַוועקגעוואָרפן כ'מלמדות!

— דאַרפסט עס טאַקע טאָן, אַ מענש פאַר זיך אַליין האָט קיין זאָרג נישט.

— וואָס אשטייגער וואָלט איך געקענט טאָן? — האָט פריד־קין אומבאַהאָלפן אַ צוג געטאָן מיט די אַקסלען און אין פּנים האָט מען געקאָנט זעהן, אַז אַחוץ מלמדות טויג ער צו גאָרנישט.

— כ'ווייס וואָס, מען געפינט שוין! — האָט זיסקינד צו־נישט געמאַכט פרידקינס שרעק — ווען איך וואָלט געווען אַ בחור, ווי דו, וואָלט איך עס שוין לאַנג געהאַט אַוועקגעוואָרפן! אַז מען האָט אָבער איבער זיך אַ ווייב מיט קינדער, דערצו נאָך אַן אַלטע מוטער, טאָר מען נישט ריזיקירן,, מוז מען ליידן, נאָר כ'האָף אַז כ'וועל סוף־כל־סוף דערפון אויך פּטור ווערן! ס'איז נאָך אַ סוד, — האָט זיסקינד שטיל גערעדט און זיך אַרומגעקוקט

צי קיינער הערט נישט — נאָר כ'האַלט בײַם קריגן אַ שטעל...

— וואָס פאַרע? — איז פרידקין בלאַס געוואָרן און ס'האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער פאַרגינט נישט דעם חבר.

בערטע איז אַריין מיט אַ קרוג קאַלט וואַסער און אַ טעלער אויבס. זיסקינדס מוטער, אַן אַלטיטשקע, מיט אַן אָפּן, איינגע־פאַלן מויל אָהן ציין, ווי אַ קבר, האָט נאָכגעטראָגן עטליכע גלעזער.

בערטע האָט געמאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט געוואָלט געפעלן די מאַנסבילן און צונויפגעשנירלט דאָס מויל:

— טרינקט, ס'וואַסער איז קאַלט!

דער עולם איז געווען אַזוי פאַרשמועסט, אַז מען האָט בערטען כמעט נישט באַמערקט. קרוזע האָט שוין אפילו געהאַט פונאַנ־דערגעקנעפּלט פון גרויס באַגייסטערונג דאָס וועסטל און פון צו־פיל ריידן געשפּריצט ראַבינאָוויטשן אין פּנים אַריין:

— דאָס וועט זיין אַ בלעטל — אַ צאַצקע! דער העברעאיש — אַ מוסטער!

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיסקינד זיך אַ הויב געטאָן פון דער קאַנאַפּע, כלומרשט מיט אַ שמייכל, איינגערוימט קרוזען: „אויב איר וועט זוכן אַ גוטן העברעאיש, וועט איר מוזן איינ־לאַדן פּראָפ. זעליקאָוויטש", און זיך געווענדעט צום עולם:

— יידן, טרינקט, ס'וואַסער וועט באַלד וואַרעם ווערן.

קרוזע האָט אויסגעטרונקען מיט איין ציה אַ גלאָז וואַסער, אָפּגעאָטעמט, אַריינגעמאַכט די הענט אין די לויזע הויזנקעשענעס, אונטערגעשפּאַרט זיך דעם בויך און ברייט אַ זאָג געטאָן:

— ווער זאָגט דאָס, אַז דער עובר־בטל שרייבט אַ גוטן העב־רעאיש?

— בערדיטשעווסקי זאָגט ערגעץ, — האָט זיסקינד געשמיי־כלט — כ'האָב אַליין געלייענט, אַז זעליקאָוויטש שרייבט דעם ריינסטן העברעאיש!

— און אַלץ, וואָס בערדיטשעווסקי זאָגט, מיינט איר, איז תורת־לאָקשן? — האָט קרוזע זיך אַ קרום געטאָן, ווי ער וואָלט געזאָגט: אין דעם ענין ווייס איך אויך עפּעס! — האָט נאָך אַ גרעסערער פון בערדיטשעווסקין, בייראָן מיין איך, געזאָגט, אַז פּאָפּ איז דער גרעסטער ענגלישער דיכטער, נו, דעריבער?

מען האָט אָנגעקלונגען. זיסקינד האָט אַ קוק געטאָן צום ווייב, וואָס האָט אַרויסגענומען פון אַ שענקל אונטערוועש פאַר די קינדער.

— ווער קען דאָס איצט קומען?

זי האָט אַ צונג געטאָן מיט די אַקסלען, אַז זי ווייסט נישט, נעכאַפּט די וועש און געלאָפן עפענען די טיר.

אַ בלאַסער יונגערמאַן, מיט צעשראָקענע אויגן, ווי ער וואָלט געלאָפן פון אַ געפאַר, מיט אַראָפּגעהאַנגענע וואָנצעס, ווי ביי אַ כינעזער, איז אַריין אין צימער אָהן אָטעם. ער האָט זיך מיט קיינעם נישט באַגריסט, אָנגעהויבן צו דערציילן פון אַ מיט, אַז קיינער האָט באַלד נישט געקענט כאַפּן, וואָס ער רעדט, און כמעט יעדן זאַץ איבערגעחזרט דריי מאָל, אין יידיש, העברעאיש און ענגליש, אַפּנים געוואוינט געווען פון סקול, וואו ער פלעגט פאַר די קינדער אַזוי איבערזעצן יעדן פּסוק פון חומש.

— ווי האָבן מיך געקוילעט אָהן אַ מעסער! — האָט ער מיט אַ פינגער זיך אַ פיר געטאָן איבערן האַלז און אָנגעהויבן אַרבעטן מיט די הענט אין אַלע זייטן, — וואָס טוט מען? גיט אַן עצה! וואָס טוט מען?

— וואָס איז? שוואַרץ, וואָס איז געשעהן? — האָבן אים אַלע אַרומגערינגלט.

— אַז ווי האָבן מיר געגעבן דעם ערגסטן קלאַס — האָט ער נעקלאַפּט אין האַרץ אַריין — אמתע „באָמס“ *). מען דאַרף

---

*) באָם – אַן אויסוואורף, בוליגאַן.

זיי אַלעמען „שיקן איבערן וואַסער״! היינט האָט פּיל נישט נע־
פעלט כ׳זאָל ווערן אַ קאַליקע, כ׳האָב זיך פאַרגעסן, זיך נישט
געכאַפּט און זיך אַוועקגעזעצט אויף מיין בענקל, איז מיר אַריין
אַזאַ שפּילקע — ער האָט געוויזן אויף דער לענג פון זיין
פינגער — אין געזעס אַריין! און ריר עמיצן אָן, ווערט אַ ויצעקן!
כ׳האָב געדאַרפט דעם בחורל, וואָס האָט אַריינגעשטעקט די
שפּילקע אין בענקל, אַ קניפּ טאָן אין דער באַק — שמח בחור
בילדותך!

— טאָ פאַרוואָס האָט מען דיך געהייסן גיין? — האָט פריד־
קין געשמייכלט און זיך נישט געקענט באַפרייען פונם בילד, ווי
שוואַרץ איז אונטערגעשפּרונגען, ווען די שפּילקע איז אים אַריין.

— וואָס? — האָט שוואַרץ געקוקט אויף פרידקינען, פאַר־
געסן וואו ער האַלט — יעס, מיט אַ חודש צוריק האָב איך געקראָ־
גן אַ בריוו פון אַ שטעטל אין פענסילווועניאַ, וואו מען האָט מיך
נעבעטן, כ׳זאָל אָנגעמען אַ שטעל פאַר צוואַנציג דאָלאַר אַ וואָך.
כ׳האָב געוואוסט, אַז דאָ איז מען פון מיר נישט צופרידן, די
שכירות זיינען קלאָגעדיגע, האָב איך געוויזן אונזער פּרעזידענט
דעם בריוו. ר׳ווייסט דאָך, אין אַזאַ פאַל ווערן זיי תמיד ווייבער,
האָט דער פרעזידענט אָנגעהויבן בע־מע... די אונטערשטע
שורה, ער האָט מיר נעגעבן אַ פינפערל אַ חודש אַ הוספה
און מיך געהייסן בלייבן. היינט, כ׳ווייס פון קיין פותר, פון קיין
חלום, שיקט מען נאָך מיר און מען זאָגט מיר אָפּ! סטייטש?
טענהן זיי, אַז כ׳האָב קיין רעכט ניט צו רייסן אַ יינגל פאַר אַן
אויער! דאָס, וואָס ער האָט מיך שיער מיט דער שפּילקע פאַר
אַ קאַליקע נישט געמאַכט, איז נאָרנישט! נו, וואָס זאָגט איר,
יידן, וואָס טוט מען? די אַנדערע וואָך האָב איך שוין אויף קיין
„רענט״ (דירה געלט) נישט, ס׳וועט מיר אויסקומען צו גיין בעט־
לען אַ פּאָר טאָלער, אַז נישט שטעלט מען מיך אַרויס מיטן ווייב
און קינדער אויף דער גאַס! כ׳ווייס, אפשר באַלאַנגט עמיצער

פון אייך צו דער „אגודת המורים“? טאָמער וואָלטן זיי געקענט פועלן... אַז נישט, וועלן זיי מיך אַוועקשיקן אָהן אַ סענט געלט!

— איך באַלאַנג, — האָט ראַבינאָוויטש געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, נאָר קיינער האָט אים נישט געהערט.

— אַז איצט איז שווער צו קריגן אַ שטעל, — האָט שוואַרץ ווייטער גערעדט, אין מיטן זמן, ווען זיי גיבן מיר כאָטש אַ פופ־ציג טאָלער, וואָלט איך אַרויסגעגאַנגען אין גאַס פעדלען, פאַר־פאַלן! אַז מען דאַרף אין אַמעריקע קיין העברעאיש נישט!

— און וואו דאַרף מען עס יע? — האָט זיך קרוזע אָנגע־רופן, — שלמה מימון האָט נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק געזאָגט, אַז ס'איז בעסער צו האַנדלען אין דייטשלאַנד מיט הינט, ווי מיט...

קרוזע האָט זיך געכאַפּט, אַז זיין משל פּאַסט נישט אַהער, אַז דאָרט רעדט זיך גאָר וועגן פילאָזאָפיע, און זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

— נו, — האָט שוואַרץ געקוקט פון איינעם אויפן צווייטן, — קיינער פון אייך באַלאַנגט ניט צו דער „אגודת המורים“?

אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט. יעדער האָט גערעכנט, אַז דער אַנדערער איז אַ מיטגליד, האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז אַחוץ ראַבי־נאָוויטשן האָט קיינער נישט באַלאַנגט.

— קען מען מיט מלמדים עפּעס אויספירן? — האָט ראַ־בינאָוויטש נאַליג געשמייכלט. — אָט זיינען מיר פינף לערערס.... ווען מיר וואָלטן אָבער געווען אָרגאַניזירט, וואָלט צו דעם נישט געקומען, מען זאָל אין מיטן זמן איבערלאָזן אַ יידן אָהן פּרנסה! מאָרגן קען דאָס טרעפן מיט יעדן איינעם פון אונז! אַז מיר זיינען אַליין שולדיג, מיר וואָלטן שוין היינט געקענט זיין אַ מאַכט, דעמאָלט וואָלט מען אַ לערער נישט געקענט אָפּזאָגן אַזוי — מיר נישט, דיר נישט! און שכירות וואָלטן מיר געקראָגן גרעסערע און... און...

ער האָט מיטאַמאָל גענומען רייבן איין האַנט אין דער צווייטער, זיך אויסגעצויגן ווי אַ כאַרט, ווען ער קלייבט זיך אַ שפּרונג טאָן, אַרויסגענומען פון בוזעם קעשענע אַ ביכל מיט קוויטאַנציעס און זיך געווענדעט צו שוואַרצן:

— יעדנפאַלס, מיסטער שוואַרץ, גיט מיר דעם אַדרעס פון אייער סקול, אָדער, וואַרט, כ׳וועל בעסער מיט אייך אַליין אַריבערגיין. פאַר אַ חודש שכירות גאַראַנטיר איך אייך! און איצט — האָט ער זיך געווענדעט צו די איבעריגע — מאַך איך אייך אַלע פאַר מיטגלידער פון דער „אגודה“, נאַט, שרייבט אויס די קוויטאַנציעס און צאָלט איין צו פופציג סענט.

אַלע, אויסער קרוזן, האָבן זיך איינגעשריבן. שוואַרצס צעשראָקענע אויגן, דאָס פאַרלירן פון דער שטעל, אַליין האָט געווירקט, אַז קיינער האָט צומאָל נישט איבערגעפרעגט, וואָס איז אַזוינס די „אגודה“, געפילט, אַז דאָס איז נויטיג, ס׳איז אַ פאַרזיכערונג. קרוזע האָט נישט געהאַלטן פון קיינע אָרגאַניזאַציעס, פיינט געקראָגן ראַבינאָוויטשן, ווען יענער האָט דעמאָנט, אַז מען דאַרף זיך אָרגאַניזירן, געזעהן אין אים אַ דורכגעטריבענעם פירער פון אַ יוניאָן, אַ סאָציאַליסט; און סאָציאַליסטן האָט ער פיינט געהאַט תכלית שנאה. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן, אַז אויב מען וויל באַקעמפן סאָציאַליזם, דאַרף מען איינפירן מען זאָל לערנען אין די שולן דאָסטאָיעווסקיס „ביעסי“.

— מיר זעהען שיין אויס, — האָט ראַבינאָוויטש צוגענומען ד׳ פופציג סענטיגע — אַ העברעאישער לערער האָט אַ שיינעם פנים, ס׳מאַכט נישט!

— יע, — האָבן עטליכע שטימען פאַרענדיגט מיט ראַבינאָוויטשן.

עס איז געוואָרן שטיל. ראַבינאָוויטש איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט געמאַכט פיר מיטגלידער, און זיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין. שוואַרץ האָט זיך פאַרגעסן, אַז ער האָט נאָר וואָס

זיך געקלאָגט, געגלויבט, אַז ראַבינאָוויטש וועט אַליין פּאַר אים איינאָרדענען, זיין חשכדיג אויסזעהן איז פאַרשוואונדן און ווי אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק מיט אַ לייכטן קאָליר אין די בלאַסע באַקן, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין אַן עק טיש און אַרויסגענומען אַ פּעקל מיט כתבים. ער האָט זיך צעלייגט, געקוקט אויף זיסקינדן און זיך געבעטן עפּעס מיט די אויגן.

— האָסט עפּעס אָנגעשריבן? — האָט זיסקינד אים געפרעגט.

— אָנגעוואָרפן אַ פּאָר חרוזים, טאַקע היינט... ס'איז געווען שווער אויפן האַרץ... מען דאַרף זיי נאָך איבערשרייבן... האָב איך אָנגעשריבן אַ מין קינה אויף אונזער גורל... כ'מיין — האָט ער זיך גערויטלט ווי אַ מיידל — דער רעיון האָט געדאַרפט זיין, ווי אַזעלכע יונגעלייט, ווי מיר, מאַטערן זיך... אַז כ'וואָלט געווען וואו צו דרוקן? — האָט ער פאַרענדיגט מיט אַ זיפץ.

— לייען, — האָט זיסקינד זיך נעהענטער צוגערוקט.

קרוזע האָט אַ נישטאויפגעלייגטער זיך צוריק צוגעשלעפּט צו דער קאַנאַפּע, געוואָלט דערמיט אויסדריקן זיין פּראָטעסט, אַז אַזאַ ייד, ווי שוואַרץ, דאַרף נישט שרייבן, און זיך אויסגעצויגן.

די איבעריגע האָבן אַרומגערינגלט שוואַרצן, וועלכער האָט אַרויסגענומען עטליכע שטיקלאַך פּאַפּיר, זיי נישט געקענט איינלייגן, זיך נערווירט, נאָך אַמאָל זיך אַרומגעקוקט, צי אַלע הערן און אָנגעהויבן מיט אַ פּוילישער אויסשפּראַך:

נגועי־הזמן.

ההה! אזעק ואפעה כי לעמל יולדתי,
ואוסיף להתאונן כי בלי מטרה חונכתי,
גם כל אדם כל היום כעבד,
בזעת אפו יעבוד למען מצא זבד.
אבל אוי לאנשים כמוני לריק ייגעו

למלאכה לא למדו ידיהם ולא נגעו
גם להשכלה נפשם אותה בצלה לשבת
פנימה לא באו יוכלו דבשה רדת.
לזאת הולכים כל היום קודר כצללים
חשך משחור תארם, ראשם סחרחר כגלגלים
השקט בל ידעו נפשם פנימה
העבר יקללו, ובהוה לא ימצאו נחמה.
הורים, הקשיבו לאיש מנת כוסו רזה
הן אדע אהבתכם לבניכם כמות עזה
רק באהבתכם הפרוע בלי פלס
תדאגו לצאצאיכם הביאם לגן־עדן בעלס.
אָכן זכרו כי לא מלאכים נחנו
אשר בלא לחם בשמים יחיו ירונו
רק בני תמותה מגושי עפר ירכבון
ובאין לחם ייעפו וְילאו ולמעצבה ישכבון.
לכן השיבו אל לבבכם דברי האמתים
בדמי פצעי לבבי המה כתובים וחרותים
יעידו עלימו עדים נאמנים נגועי הזמן
נמצאים בכל מקום נופלים חללים כדומן.
אל תשהיתו מפרי בטנכם רחמיכם ככה
למדום היטב, למדום תורה, למדום מלאכה
וימצאו חן ושכל בעיני אלהים ואנשים
ישבעו לחם ונפשותם אל יהיו יבשים!

בשעת שוואַרץ האָט געלייענט זיינען אַלע געשטאַנען איבער אים נעבויגענע און געקוקט אין די שטיקלאַך פּאַפּיר מיט אָפענע מיילער. ראַבינאָוויטש האָט אים געהאָלפן לייענען, פאַרענדיגט יעדן פערז פריהער פאַרן מחבר און אַ צופרידענער געקיװעטשט צו די אַרומיגע מיט די אויגן, פּונקט ווי אַ ייד, וואָס קוקט אַ מגיד

אין מויל אַריין און אַז דער מגיד הויבט אָן אַ באַקאַנטן פּסוק, פאַרלויפט ער אים דעם וועג, ענדיגט דעם פּסוק און קוקט זיך אַרום, צי דער עולם באַמערקט זיינע בקיאות.

פרידקין האָט געקוקט אויף די קורצע שורות, נישט געוואוסט דעם טייטש פון פיל ווערטער, ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט אין אַ שווער שטיקל „פּיוט״ און זיך געוואונדערט, ווי ר׳נאָך דער־וואַקסענע מענשן, וואָס דאַרפן קלערן וועגן אַ תכלית, גיבן זיך אָפּ מיט אַזעלכע שטותערייען. לידער זיינען ביי אים אינגאַנצן געווען אַן איבעריגע זאַך און זיך אָפט געחדושט ווי ר׳נאָך מיושב־דיגע מענשן, מיט וועלכע ס׳איז אַ פאַרגעניגן צו פאַרברענגען, קענען ווערן מיטאַמאָל אַזוי קינדיש און אָנהייבן ריידן אין גראַ־מען. דאָס איז אַן עסק פאַר אַ בדחן, צי פאַר אַ ליץ! אָט איז שוואַריץ — זיך נאָר וואָס געקלאָגט, אַז מען האָט אים געקוילעט אָהן אַ מעסער, צונענומען ביי אים דאָס שטיקל פרנסה, און ווי צעפלאָכטן ער איז מיטאַמאָל געוואָרן, ווי ער וואָלט געווען דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט! אַ קליינינקייט, ער האָט אָנגעשריבן אַ לידל און אין דער היים שטאַרבן מסתמא ס׳ווייב מיט די קינדער פאַר אַ שטיקל ברויט!

קרוזע האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט. פון פאַרדרוס האָט ער געשפּינן, געשאָלטן, גערעדט צו זיך אַליין. ער האָט גע־טראַכט, אַז מען דאַרף אַזאַ ייד, ווי שוואַריץ, וואָס מיינט אַז פּאָעזיע באַשטייט פון מאַכן גראַמען, אַזוי אָנלערנען, ער זאָל פאַרזאָגן אַ צעהנטן נישט צו נעמען אַ פעדער אין דער האַנט אַריין! ס׳איז אַ פחיתת הכבוד פאַר דער העבּרעאישער ליטעראַטור אַזאַ ייד זאָל אַרומגיין און זיך האַלטן פאַר אַ משורר! נו טאַקע, וואָס פאַר אַ ליבע און דרך ארץ קען אַ לעזער האָבן צו העבּרעאישע שריי־בער, אַז שוואַריץ איז איינער פון זיי? ער האָט נאָר נישט פאַרשטאַ־נען, ווי ר׳נאָך זיסקינד, ראַבינאָוויטש און אפילו דער אידיאָט פרידקין, הערן זיך איין מיט אַזעלכע ערנסטע פנימער, וועלן דאָך

געווים זאָגן מבינות, זיך שפּאַרן, זיך באַציהען מיט דער זעלבּיגער ערנסטקייט, ווי זיי וואָלטן זיך באַצויגן צו ר׳ יהודה הלוים, אָדער ביאַליקס אַ ליד? וואָס טוט זיך דאָ? האָט ער שוין גאָר קיין געשמאַק נישט, צי זיי האָבּן נישט?

שוואַרץ האָט געענדיגט, געבּליבּן זיצן מיט אַ טרוקענעם האַלז, אַן אויסגעליידיגטער, ווי אַן אויסגעקאָכטער טשייניק, זיך געשעמט אויפצוהויבּן די אויגן און מורא געהאַט, אַז ס׳געפעלט נישט דעם עולם. ער האָט געקוקט אויף די שטיקלאַך פּאַפּיר מיט נישט קיין אָנגענעמען נאָך־טעם און אים אַליין האָט זיך איצט אויסגעדוכט, אַז נישט דאָס האָט ער געוואָלט שרייבּן, אַז צום עיקר, צום תמצית איז ער גאָר נישט צוגעקומען, אַז דאָס וואָס האָט אים אַזוי געקוועלט, ווי געטאָן, איז געבּליבּן בּיי אים. אויפן פּאַפּיר זיינען טויטע ווערטער, אַ טרוקענער פּראָטאָקאָל וועגן צע־ריסענע שיך, וועגן וויניג בּרויט און אַז ער וועט שרייען פון היינט בּיז איבּער אַ יאָר, אַז די שיך זיינען בּיי אים צעריסן, וועט אים עמיצער גלויבּן? ער האָט דערפילט, אַז קרוזע איז גערעכט — ער האָט קיין טאַלאַנט נישט! ער טויג צו גאָרנישט — אַפילו צו מלמדות! ער האָט צונויפגעקוועטשט די שטיקלאַך פּאַפּיר, זיי צעקנייטשט, אַריינגעשטופּט אין קעשענע. ס׳האָט אים מער נישט געאַרט, צי דאָס ליד געפעלט זיי. און אַז ס׳וועט זיי גע־פעלן, טאָ וואָס? וואָס פאַרשטייען זיי? אָט קרוזע, ווען עס געפעלט אים... און ס׳האָט אים נאָך מער געקרענקט, וואָס קרוזע האַלט נישט פון אים, וואָס ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט...

די צוהערער האָבּן זיך אויסגעגלייכט, זיך איבּערגעקוקט, פאַר־שטאַנען, אַז איצט דאַרף מען עפּעס זאָגן, און יעדער האָט געוואַרט אַ צווייטער זאָל אָנהויבּן פריהער.

— נישט שלעכט, — האָט ראַבּינאָוויטש זיך צעגענעצט, אַ ציה געטאָן דעם אויבּערשטן טייל פון קערפּער, אים אַ בּויג

געטאָן, אַז ער האָט זיך שיער נישט צונויפגעגאָסן מיטן אונטערשטן און די אויגן האָבן בײַ אים מאָדנע געשמייכלט — אָבער איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ פּראַקטישער מענש! די פראַגע איז, צי מען קען „מאַכן אַ לעבן” דערפון? כ'מיין צו די לידלאַך באַצאָ-לן זיך? צי אין אַמעריקע איז דאָ אַ „מאַרקעט” פאַר דער סחורה? ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך אויך אַמאָל געשריבן, כ'געדענק כ'האָב געשיקט שלח-מנות מײַן טאַטן אַ שיר! די צייטן, פאַרשטייט איר מיך, וואָס מען האָט געקענט פון ליידיג גיין משוגע ווערן, זײַנען שוין לאַנג אַוועק! אין אמעריקע וואו „טיים איז מאָני” *), איז אויב ער באַצאָלט זיך, איז קיין זאַך קיין חרפּה — אַפילו לידלאַך! נאָר אויב עס באַצאָלט זיך נישט — איז אַן עולה צו פּטרן די צייט...

— פיין ראַבינאָוויטש! פיין! — האָט קרוזע זיך אַזוי צע-לאַכט, אַז ער האָט זיך אַזש צוגעהאַלטן פאַרן בויך.

זיסקינד האָט נישט ליב געהאַט ראַבינאָוויטשן, אים גע-האַלטן פאַר אַ טרוקענעם נפש, געפילט, אַז ער דאַרף ענטפערן, לאָז ער נישט מיינען, אַז געלט האָבן הייסט רייך זײַן! ער האָט געהאַט אָהן אַ שיער פאַקטן אויף וועלכע אים צו צעשלאָגן, זיך נישט געקענט באַפרייען פון אַ נאָר וואָס איבערגעלייענטע פראַזע, ווי פון אַ פאַרעקשנטער פליג — אַז אָהן ברויט קען יעדער מענש לעבן אַ טאָג, אָבער אָהן פּאָעזיע נישט — און אָפּגעהוסט:

— ראַבינאָוויטש, איר זייט אומגערעכט...

— ניין, פריינט זיסקינד, — האָט ראַבינאָוויטש אים איבער-געהאַקט — אַ שאָד וואָס ס'איז איצט שפּעט, מיר וועלן נאָך ריידן דערפון, בײַ אַ געלעגנהייט, וועט איר זעהן, אַז איך בין גערעכט — און ער האָט זיך געווענדעט צום עולם — יידן, ווער פון אייך גייט?

פרידקין און שוואַרץ האָבן זיך אויפגעשטעלט:

---

*) „טיים איז מאָני” – צייט איז געלט.

— אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט! — האָט זיסקינד זיי באַגלייט און אָנגענו־מען שוואַרצן פאַר אַ האַנט — איר דאַרפט נישט הערן וואָס ראַ־בינאָוויטש זאָגט אייך, דאָס איז אַ סוחר, וואָס האָט זיין אייגענע נשמה פאַרהאַנדלט, אויב איר פילט, אַז איר האָט וואָס צו שריי־בן — שרייבט.

— איר מיינט כ'נעם זיך צום האַרצן וואָס יעדער זאָגט? — האָט שוואַרץ האַרציג געדריקט זיסקינדס האַנט — אויב אַזוי וואָלט איך שוין לאַנג געדאַרפט אויפהערן שרייבן! מען האָט גרעסערע פּאָעטן פון מיר אַרונטערגעריסן! נו, אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט! קומט אָפטער!

אין אָפענעם שלאָפצימער, וואו זיי זיינען פאַרביי־געגאַנגען, זיינען געלעגן זיסקינדס ביידע יינגלאַך אין ווייסע, לאַנגע נאַכט־העמדער, נעשלאָפן מיט פאַרוואָרפענע הענטלאַך, איינער אַרום דעם צווייטנס האַלז. אויף זייערע פּנימער איז געלעגן אַזאַ רו־היגקייט, ווי זיי וואָלטן געשמייכלט, און ס'איז שווער געווען פאַר־בייצוגיין מען זאָל זיך נישט אָפּשטעלן. צוקאָפּנס איז געזעסן די באָבע מיטן צעעפנטן מויל, ווי אַן איינגעפאַלענער קבר, געהאַלטן אַ טלית־קטנדל, דערזאָגט די לעצטע ווערטער פון „המפּיל" און זיך נישט געכאַפּט, אַז די קינדער שלאָפן שוין.

שוואַרץ איז געבליבן שטיין אַ צעשטראַלטער, אָפּגעשטעלט זיינע באַגלייטער:

— קוקט!

זיי האָבן זיך איינגעקוקט, ווי די קינדער שלאָפן, נאָרנישט געזעהן און געהויבן מיט די אַקסלען:

— וואָס איז דאָ נתפּעל צו ווערן — האָט ראַבינאָוויטש גע־עפנט די טיר — ס'ערשטע מאָל זעהט איר, ווי אַ באָבע לייענט מיט אייניקלאַך קריאת־שמע?

שׂהאַרץ האָט ניט געענטפערט, בלויז געפילט, ווי מען וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלטע וואַסער.

אַז קרוזע איז געבליבן מיט זיסקינדן, האָט ער אים געפרעגט:

— נו, ווי איז אייך געפעלן דער שיר?

— ס׳איז גאָרנישט.

— טאָ פאַרוואָס האָט איר עס אים נישט געזאָגט?

— בין איך דאָס מחויב יעדן איינעם צו פאַרשאַפן עגמת־נפש? און אַז כ׳וועל אים זאָגן, וועט ער אויפהערן שרייבן? אַ מענש האָט אַ שטיקל נחת אין לעבן, דאַרף איך עס אים נישט צעשטערן!

— פון אייער שטאַנדפּונקט — האָט קרוזע זיך געבייזערט — וואָלט מען קיין קריטיק אינגאַנצן נישט געדאַרפט.

— ס׳קאָן זיין אַז נישט — האָט זיסקינד זיך פאַרקלערט — איבעריגנס, האָב איך וועגן דעם קיינמאָל נישט געטראַכט.

— אויב איר וואָלט געווען אַ רעדאַקטאָר, — האָט קרוזע שוין געשמייכלט — וואָלט איר יעדן „קרענק" געדרוקט, האַ?

זיסקינד האָט נישט געענטפערט.

— און איך — האָט קרוזע צונעלייגט אַ פינגער צום האַרץ — וואָלט דעם גרעסטן יידישן שרייבער נישט געדרוקט, אויב אין זיין זאַך וואָלט געפעלט דער יידישער באַגריף פון שיינקייט!

— קיין נייס, — האָט זיסקינד געשמייכלט — אחד העם האָט עס שוין געטאָן פאַר דיר. כ׳האָב דיר שוין נישט איינמאָל געזאָגט, אַז איר האָט פאַרוואַנדלט דאָס יידנטום אין אַ דאָגמע, פון רמב״ם ביז אחד־העמן, און מערקווירדיג, אַז ס׳יידישע פאָלק האָט נישט געוואָלט אייער טובה, אייך תמיד גערודפט!

— ווי איך זעה ריידן פון דיר די „ספירות" אַרויס — האָט קרוזע געקוקט אויף אים מיט אַ ביטול — וועסט שוין באַלד באַשאַפן אַ גולם אויך, האַ?

זיסקינד האָט נישט געענטפערט. עס איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט ווי די שלאָפֿנדע עטעמען אין צווייטן צי־מער. זיסקינד האָט געוואָלט גיין שלאָפֿן, אויס לאַנגוויליקייט יעדן אָוונט געבליבן זיצן מיטן „באָרדער“, געוואוסט אַז קרוזע וועט זיך קלאָגן, ער גייט שטאַרבן, ער וועט אים טרייסטן, אין האַרצן אָבער האָט ער זיך געשראָקן, פֿיל מאָל נישט געקענט איינשלאָפֿן, געמיינט אַז קרוזע וועט זיך אַ וואָרף טאָן אויף אים מיט זיין געפּאַלדעוועטן בויך, דעם טערמאָמעטער אין מויל און וועט אים דערשטיקן. פֿון קרוזעס פּלאַן וועגן זיין העברעאישן וואָכנבלאַט, איז דער שמועס תמיד איבערגעגאַנגען אויף רעליגיע, פֿון רעליגיע אויף לערערײַ, פֿון לערערײַ אויף קרוזעס קרענק און אַזוי אַן אָוונט נאָך אַן אָוונט.

— כ׳דאַרף אויפֿגעבן די „היברו“ — האָט קרוזע צוריק אַרײַנגענומען דעם טערמאָמעטער אין מויל — כ׳טאָר זיך נישט אויפֿרעגן, דאָס הרגעט מיך אוועק!

— אַז דו טראַכטסט צופֿיל פֿון מאָגן — האָט זיסקינד זיך אַראָפּגעלאָזט צופֿוסנס פֿון דער קאַנאַפּע — הער אויף טראַכטן, וועסטו זיין געזונט!

— אַז ס׳איז נישט בלויז דער מאָגן — האָט קרוזע זיך פֿאַרענטפֿערט. — הערט אויף דער מאָגן, טוט מיר ווײ ס׳האַרץ, כ׳שלאָף קיין נעכט נישט, מיט איין וואָרט, כ׳פֿיל ווי די קרענק צעוואַקסט זיך אין מיר, ווי זי וואָלט געהאַט טויזנטער לאַפּעס, יעדע לאַפּע גראָבט זיך אַרײַן מיט אירע נעגל אין אַן אַנדער גליד און נאָגט, נאָגט מיר אַרויס דעם מאַרך פֿון די ביינער! וואָס ווייסטו? כ׳פֿיל אַז אויב כ׳וועל נישט אויפֿגעבן די „היברו“, איז נאָך מיר! נעכטן זיצנדיק אין סקול האָב איך געמיינט, אַז ס׳עקט זיך מיט מיר! ס׳האָט מיר מיטאַמאָל גענומען שווינדלען פֿאַר די אויגן און כ׳האָב דערזעהן ווי די קינדער אַרום מיר בלעקן אַרויס די צינגלאַך. כ׳ווייס נישט וואָס ס׳איז געווען מיט מיר, נאָר ערנ־

וואָרט, כ'וועל שווערן, ווי די צינגלאַך האָבן גענומען וואַקסן, געוואָרן דין ווי פּלעמלאַך, דורכגעבּרענט מיר די קליידער און ווי פּיאַווקעס גענומען מיר נאָגן בּיים האַרצן, אַז ס'איז מיר נישט גוט געוואָרן.

די מעשה האָט זיסקינדן דורכגעשווידערט. ער האָט מורא גע־האַט צו קוקן קרוזען אין די אויגן אַריין, זיך אָבּער געמאַכט קוּ־ראַזש:

— אַז דו ריידסט אַזעלכע מעשיות, בּיזטו דאָך אַן אמתער משוגענער!

— קיינער ווייסט נישט ווער דער שוך קוועטשט! — האָט קרוזע אָפּגעזיפּצט און זיך אויסגעצויגן מיט פאַרוואָרפענע הענט, ווי ער וואָלט אַוועקגעפאַלן.

עס איז געוואָרן נאָך שטילער. יעדער האָט געקוקט אין אַן אַנדערער זייט, ווי זיי וואָלטן זיך נישט געוואָלט טרעפן איינער מיטן צווייטנס בּליק. קרוזע האָט זיך איינגעקוקט אין דעם בּרוּ־דיגן מאַנזשעט, וואו די ציפערן זיינען געווען אויסגעשטעלט, פאַרשנירלט דעם שטערן און איבּערגעריסן די שטילקייט:

— פון בּראָנשווייגער צעטעלאַך האַלסטו עפּעס?

— ס'איז אַ ראַיעלע לאָטעריי.

— וועסט אפשר זיין אַ שותּף צו אַ האַלבּן לוז?

— וואָס פאַר אַ נומער האָסטו?

— אַ נומער!? דאַכט זיך, בּאַלד — 2223.

— אויבּ דו קענסט קריגן בּיי דיין „קאָלעקטאָר" 4545, וועל איך נעמען.

— רעכנסט דער נומער איז מער מזלדיג? — האָט קרוזע געשמייכלט.

— כ'ווייס נישט — האָט זיסקינד זיך פאַרלוירן — כ'ווייס נאָר, אַז אויף 4545 האָט מיין טאַטע געוואונען, דערנאָך מיינער אַ פעטער, איצט מיינער אַ בּרודער, דערצו איז יוד הא ואָו הא בּגמטריה 45, פאַרשטייסט?

— זיסקינד! זיסקינד! — האָט זיך געהערט ווי בערטע רופט פון אַן אַנדער צימער — צייט צו מאַכן נאַכט! דער „נאַז־ביל“ *) איז שוין אַזוי אויך גרויס!

— טאַקע שפּעט, — האָט זיך זיסקינד אויפגעשטעלט — אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט! — האָט זיך קרוזע אויסגעדרייט צו דער וואַנט, געטראַכט, אַז ער וועט מאָרגן אויסטווישן ס׳צעטעלע, פּרו־בירן, פאַרגעסן, אַז ער איז קראַנק, געבליבן ביז אַ שטיק אין דער נאַכט נישט קיין אויסגעטאָגענער, געחלומט, אַז 4545 האָט גע־וואונען ס׳גרויסע געווינס און ער, קרוזע, גיט אַרויס אַ מאָדערנעם העבּרעאישן וואָכנבלאַט.

---

*) נאַז־ביל – חשבון פון נאַז.

V

נרין איז געזעסן ביי זיך אין צימער און איבערגעשריבן אַ דרשה פון „אַמעריקאַנער רעדנער“ פאַר זיינעם אַ תּלמיד, וואָס האָט געדאַרפט די טעג בר־מצוה ווערן.

דאָס איבערשרייבן איז אים נמאס געוואָרן, האָט ער אַ שאַר געטאָן פון זיך דאָס פּאַפּיר, פאַרצויגן אַ ציגאַרעט און געהאַט פאַרדרוס, וואָס ער פּטרט זיינע טעג אין אַ „היברו־סקול“, ווען איבערן גאַנצן לאַנד האַלט מען אין איין עפענען פאָלקשולן. ער האָט נעכטן געהערט, ווי אַ קלאַס יינגלאַך מיט מיידלאַך האָבן געזונגען זיינס אַ ליד, האָט ער אַזש געציטערט פון פרייד, געווען זיכער, אַז זיין אַרבעט איז נישט אַרויסגעוואָרפן און די שטענדיגע ספקות צי מען דאַרף שרייבן יידיש זיינען פאַרשוואונדן. ער האָט אפילו געהאַט אַ פּלאַן ווי יידיש צו מאַכן פאַר אַ וועלט־שפּראַך. מען דאַרף נאָר אָנשרייבן אין יידיש אַ ווערק, וואָס זאָל מרעיש עולם זיין, וועלן שוין גוים אויך אָנהויבן צו לערנען יידיש. ווי איינפאַך!

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער איבערגעשריבענער דרשה, צוריק דערפילט די וואָכעדיגקייט, אַרויסגענומען דעם דינעם, שוואַרצן זייגער און זיך געחדושט פאַרוואָס מיס שוליץ קומט נישט. אים איז סתם געפעלן, וואָס אַן אַמעריקאַנער מיידל, אַ געענדיגטע פון „נאָרמאַל קאַלעדזש“, דרייט זיך אַרום אים, זעצט איבער זיינע לידער אין ענגליש, רעדט אַ קאָמישן יידיש,

איז פאַראינטערעסירט אין די פּאָלקשולן. ער איז זיכער געווען, אַז מיסטער שוליץ קלויבט זיך אים מאַכן פאַר פּרינסיפּאַל און זיך שלעכט געפילט, וואָס דורך אים וועט מען צונעמען ביי פרידקי-נען די שטעל, כאָטש ער האָט געהאַלטן, אַז די פרידקינס זיינען אַ קללה פאַר די אַמעריקאַנער תּלמוד-תּורות.

גרין האָט גענומען שפּרייזן איבערן צימער, יעדע ווײַלע אַרויסגענומען פון דער אויבערשטער קעשענע, פון זיין פּריש געוואַשענעם „פּאַלם-ביטש" אַנצוג אַ ברייטן, ווייבערשן קאַם, שטאָליץ פאַרריסן דעם קאָפּ, פאַרקעמט די צעוואָרפענע האָר, וואָס זיינען גלייך ווידער צעפאַלן פאַסמעסווייז איבערן שטערן און אינ-גאַנצן האָט ער דערמאָנט אי אַ ד ע נ ד י, אי אַ פּריזירער.

ער האָט זעהר געוואָלט פּטור ווערן פון מאַדאַם בליאַש, אַ פרוי פון אַ יאָר פערציג, אַן אָנגעשטעלטע אין די פרויען-שוין-נעזעלשאַפט, וואָס דערגייט אים די יאָרן מיט אירע ליבע-בריוו און סטראַשונקעס פאַר די לעצטע עטליכע וואָכן. ער האָט היינט ווידער ערהאַלטן פון איר אַ בריוו אין וועלכן זי זידלט אים, רופט אים מערדער, בעט זיך ער זאָל היינט צו איר קומען, סטראַשעט, אַז זי וועט זיך סמען.

גרין האָט געוואוסט, אַז דאָס אַליץ איז אַ ליגן, אַז זי וועט זיך נישט סמען, אַז ווען זי שרייבט די אַלע סטראַשונקעס, שמירט און פּודערט זי זיך בעת-מעשה, זי זאָל אויסזעהן יינגער.

ער האָט אויך געטראַכט פון מאַדאַם שאַפּיר, דעם יינגלס מוטער, וועמען ער האָט צונעגרייט צו בר-מצוה, און געפילט, אַז מען דאַרף זיך באַפרייען פון די ווייבער.

עס האָט זיך געהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

גרין האָט אויף ניך באַהאַלטן מאַדאַם בליאַשס בריוו און צו-געגאַנגען צו דער טיר:

— ווער איז דאָס?

— איך!

— אַ, בעסי! הייסט עס, וואו שטייסטו, וואו? הינטער דער טיר?

און ער האָט זי געעפנט.

פאַר אים איז געשטאַנען מאַדאַם בליאַש אין אַ לייוונטענעם „נאָרפאָלק“ אָנצוג ביז צום טריט. אויפן קאָפּ האָט זי וואוילעריש געטראָגן אַ קליינע מענערישע פּאַנאַמע, אַרומגענומען מיט אַ קרעם וואואַל, וואו פון הינטן האָט זי זיך נאָכלעסיג פאַרקניפּט און אַראָפּגעפאַלן איבער די פּלייצעס ווי אַ פליגל. אַ מישמאַש פון פאַרפומען האָבן אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין.

גרין דערזעהענדיג מאַדאַם בליאַש, האָט זיך עטוואָס פאַרלוירן. ער האָט חשק געהאַט צו פאַרמאַכן הינטער איר די טיר, זאָגן, אַז ער וויל זי מער נישט זעהן, נאָר ער האָט כלומרשט אַ שמייכל געטאָן:

— האַללאָ, גוט וואָס איר זייט געקומען, כ'האָב זיך נאָר וואָס געקליבן גיין צו אייך.

מאַדאַם בליאַש איז אַריין, זיך אַוועקגעזעצט אויף גרינס בעטל, אַראָפּגעוואָרפן די פּאַנאַמע, זיך פאַרריכט די האָר, איינגעצויגן די ליפּן און אַרויסגעבלעזלט:

— טאַקע — — — און וואו וואָלט איר בעסין געלאָזט?

— וואָס הייסט?—האָט גרין פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף איר און געפילט, ווי דער צונג פּלאָנטערט זיך ביי אים — כ'וואָלט זי מיטגענומען.

— איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב פיינט „בייבעס“, ביי מיר איז נישט קיין נאַרטן — האָט זי גאַליג צונויפגעדרייט די ליפּן ווי אַ שנוק, זיך אויפגעשטעלט און מיט פאַרלייגטע הענט אויף אַ הינטן גענומען גיין איבערן צימער.

זי האָט פונאַנדערגעקנעפּלט דעם זשאַקעט, פאַרבייגייענדיג אַריינגעלאָזט אַ האַנט אין זיינע פּאַסמעס האָר און ווייך גערעדט, כמעט זיך געפּיעשטשעט:

— קומט, גרין, לאָמיר צופאָרן צום ים. ס׳איז אַזאַ היץ...
גרין האָט דערפילט ווי שווערע געפלען פאַרפּום הילן אים איין, געשראָקן בעסי זאָל יעדע ווײַלע נישט אָנקומען, לײכט אַרויסגעדרייט דעם קאָפּ פון איר האַנט און זיך געבעטן בײַ איר:
— כ׳קען איצט נישט פאָרן, כ׳בין זעהר פאַרנומען. איר זעהט — האָט איר געוויזן אויף דער איבערגעשריבענער דרשה — כ׳מוז דאָס פאַרטיג מאַכן אין אַ שעה אַרום.
— הייסט עס, מען דאַרף אייך לאָזן אַליין, — האָט מאַדאַם בליאַש אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך אײַנגעהערט. געזעהן, אַז גרין ענטפערט נישט, האָט זי זיך אויסגעגלײכט און אַ צישע געטאָן מיט די ציין. — שרעקט נישט, כ׳וועל אייער בעסין נישט קאַליע מאַכן, אומשולדיגע מיידלאַך שלעפן זיך נישט אַרום ביז האַלבע נאַכט אין „טשאַינטאַון״! וואָס איך קאָן איר יאָ זאָגן איז, אַז זי זאָל זיך אויסוואַשן דעם קאָפּ!
— אָבער צו וואָס די אַלע רייד? — האָט גרין אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש אַריין, — איך בעט אייך, לאָזט מיך איצט אַליין!
— וואָס מיינט איר, וואָס? איר וועט דאָס מיך טרעטן מיט די פיס, מיין בלוט מיר צאַפּן לעבעדיגערהייט? — האָט מאַדאַם בליאַש פון כעס צעשפּרייט די הענט, אויסגעבויגן די פינגער מיט די פאַרשאַרפטע, מעניקיורטע נעגל, וואָס האָבן געפינקלט ווי בײַ אַ קאַץ. — אַזוי באַהאַנדלט מען דאָך ניט קיין... פּאָדליעץ! ניין, כ׳גיי איצט נישט אַרויס פון דאַנען! איר זייט דאָך אַ דאָן־זשואַן, אַ „יובאָטשניק״, און אייער סמאַרקאַטשקע וועל איך די אויגן אויסדראַפּען!
עס האָט זיך געהערט, ווי עמיצער לויפט איבער די טרעפּ, באַלד נאָכדעם אַ קלאַפּ אין טיר.
גרין איז איבער אַ רגע געבליבן זיצן אַ צעטומלטער, ווי ער וואָלט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, און אַ בלאַסער געעפנט די

טיר. בעסי איז אַריין מיט צוויי טונקל־באָרדע טולפּאַנען אין דער האַנט. די אויבערשטע ליפּ איז געווען אַזוי באַטעמט פאַרשאַרצט, די עטליכע ציין האָבן פון צופיל ווייסקייט אַזש אַרויסגעבלענדט פון מאַטן פּנים, אַז יעדער פאַרבייגייער, ווער עס האָט זי נאָר באַמערקט, האָט איר געמוזט נאָכאַמאָל אַריינקוקן אין פּנים אַריין. זי האָט זיך געוואָלט אַרומכאַפּן מיט גרינען, נאָר דערזעהענדיג מאַדאַם בליאַש, איז איר אויבערשטער טייל פון קערפּער געבליבן אין אַ פּאָזע פון נישט קיין פאַרענדיגטער באַוועגונג. מאַדאַם בליאַש האָט זיך מיט איר באַגריסט ווי מיט אַן אַלטן גוטן פריינט.

— האַללאָו, בעסי דאַרלינג (טייבעלע)! וואָס מאַכט איר? איר זעהט גוט אויס! אָ, גוט וואָס איר זייט געקומען, — האָט מאַדאַם בליאַש זיך גענומען צורעכט מאַכן די פריזורע. — כ'אַרבעט שוין מיט גרינען איבער אַ שעה, ער זאָל קומען פאָרלעזן אויפן ליטעראַרישן אָוונט פון די סטרייקנדיגע דרעס־מייקערינס *). און עס גייט נישט. איך רעכן, אַז איר וועט געווים ביי אים פועלן!

— מיסטער גרין, פאַרוואָס זאָלט איר טאַקע נישט גיין? — האָט בעסי זיך ביי אים געבעטן.

גרין האָט געשמייכלט, צוגעשטעקט ס'פּנים צו די טולפּאַנען און זיך אַ קרום געטאָן:

— דאַכט זיך זעהר אַ שיינע בלום און שמעקט נישט.

— מען זאָגט דאָך: טולפּאַנען זיינען ווי שיינע מיידלאַך, — האָט מאַדאַם בליאַש אַריינגעוואָרפן, — וואָס שענער — אַליך פּוסטער!

— מיסטער גרין, זאָגט איר מיר צו? — איז בעסי צוגעשטאַנען צו אים.

---

*) דרעס־מייקערינס – שניידערינס, מאָדיסטקעס.

— וואָס איז שייך, — האָט גרין אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און די האָר זײַנען אים אַרײַן אין די אויגן — אַז מיס שולין הײסט, מוז מען! כ׳האָב טאַקע אַ נײַע ליד הײַנט אָנגעשריבן, כ׳האַלט עס פֿאַר אַ מײַסטערווערק, די בעסטע זאַך, וואָס איך האָב ווען געשריבן!

— אָ, מיסטער גרין... — האָבן בײדע מיטאַמאָל גענומען זיך פּיעשטשען, — לעזט עס פֿאָר, פּליעז!

גרין האָט גענומען דעם בויגן פּאַפּיר מיט דער בר־מצוה דרשה, זיך געשטעלט אין מיטן צימער און מיט פּאַטאָס געזאָגט:

— „ווערטער פֿאָטער, טײַערע מוטער, פֿרײַנדע און געער־טעס פּובליקום!

„איך האָטע דרײַצן יאַהר אַלט געוואָרדן..."

מאַדאַם בליאַש האָט זיך געקײַקלט פֿון געלעכטער. מיס שולין האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָ קומט פֿאָר, נאָר זעהענדיג ווי מאַ־דאַם בליאַש לאַכט, האט זי אויך געלאַכט, זיך געבעטן בײַ גרינען ער זאָל איר זאָגן, וואָס דאָס איז.

דערווײַל האָט זיך מאַדאַם בליאַש אַוועקגעזעצט שרײַבן אַ בריוול גרינען. זי האָט אים געוויזן, אַז זי שטײט העכער פֿון אַלע קלײנליכקײטן, לאָז ער נישט מײנען, אַז זי איז עפּעס אַ יענטע, זי קען תּמיד פֿאַרבויגן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן איר, און אים עטליכע מאָל געבעטן, ער זאָל למען השם נישט פֿאַר־געסן צו זײַן הײַנט בײַ איר.

זי איז אויפֿגעשפּרונגען פֿלומרשט אַ צופֿרידענע, זיך וואוילע־ריש אָנגעטאָן די פּאַנאַמע, אַריבערגעבויגן די וואואַל פֿון פֿאָרנט און געכאַפּט אַ קוק אין שפּיגל.

— איצט פּאַק איך זיך שוין! גוד־באַי, בעסי, פֿאַרבלאָנד־זשעט אַמאָל! און איר, — האָט זי זיך אויסגעדרײט צו גרינען, — פֿאַרגעסט נישט צו זײַן איבער אַכטאָג זונטאָג, פּונקט אַכט

אור אין אָוונט, און אייער „מייסטערווערק“, — האָט זי זיך צעלאַכט, — לאָזט אין דער היים!

— ווי דען, ווי דען... — האָט גרין אונטערגעבּרומט, זי אַרויסבּאַגלייט און געדאַנקט גאָט, וואָס ער ווערט זי שוין פּטור.

בּיי דער טיר האָט זי אים אַריינגעשטעקט אין דער האַנט דאָס בּריוול.

---

אַז זיי זיינען געבּליבּן אַליין, האָבּן זיי זיך דערפילט פרייער און זיך צעשמייכלט. בּעסי האָט זיך אַוועקגעזעצט בּיים טיש און איידער גרין האָט זיך געכאַפּט וואָס זי טוט, האָט זי שוין גע־האַט איבּערגעלייגט יעדעס פּאַפּירל, יעדעס בּוך און אויפן טיש איז אויסגעוואַקסן אַ בּאַרג שמות, ווי אָנגעגרייט אַרויסצוּוואַרפן.

— מיס שולין, גאָט איז מיט אייך, — האָט גרין אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף די אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן, — וואָס ווילט איר פון מיינע כּתבים?

— אָ, אַנטשולדיגט, מיסטער גרין, — האָט בּעסי זיך גע־כאַפּט, וואָס זי האָט דאָ אָפּגעטאָן, געהאָלפן גרינען צוריק אַריינ־לייגן די פּאַפּירן און גיך אַ פרעג געטאָן: — ווען גייען מיר אין גרינוויטש־ווילעדזש?

— אין אָוונט. איצט איז נאָך צו פריה.

— ווייסט איר גאָר וואָס? — האָט בּעסי אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט, — קומט צו אונז, וועלן מיר עסן צוזאַמען אָוונט־בּרויט און דערנאָך וועלן מיר צופאָרן, גוט?

גרין האָט נעקנייטשט אַ ווײַלע דעם שטערן, ווי ער וואָלט געווען אין אַ פאַרלעגנהייט און אָנגעהויבּן שטאַמלען:

— צו וואָס גייט איר איצט אַהיים? בּלייבּט דאָ. און אויבּ ס'הונגערט אייך, וועלן מיר צוגיין אין אַ רעסטאָראַן!

— נאָו, מיסטער גרין, — האָט בעסי פאַרשאַרצט די אױ־
בערשטע ליפּ און געשמייכלט מיט צװײ ציין, — כ׳האָב צוגע־
זאָגט אַהיימצוקומען! איר האָט פאַרגעסן, אַז היינט איז פרייטאָג־
צונאַכט? קומט, מיין מוטער קאָכט אַזעלכע גוטע פיש, זיסע,
װי איר האָט ליב. קומט מיט, איך בעט אייך!

גרין האָט נישט געענטפערט, זיך געװאונדערט, װי ר׳נאָך איז
אים מיטאַמאָל פרידקין געקומען אויפן זינען, זיך דערמאָנט אָן
די זיסע פיש און זיך צעשמייכלט.

— כ׳װעל אייך זאָגן דעם אמת, מיס שולין, כ׳האָב זיך שוין
אַזוי אָפּגעװאוינט פון אַ פאַמיליע, אַז כ׳פיל זיך נישט גוט צװישן
עלטערע מענשן...

— אָ, קומט, — האָט בעסי זיך געפּיעשטשעט, נישט איינ־
געשטאַנען אויף אַן אָרט און דערמאָנט אַ קעצל, װען ס׳לאַש־
טשעט זיך. — איר װעט זיך גוט פילן, איר װעט זעהן! איר
דאַרפט שוין קענען מיין פאָטער, ער איז דאָך אַזאַ גוטער און
כ׳װעל אייך פאַרטרויען אַ סוד, — האָט זי זיך צעלאַכט, געװאַרט
אַ װיילע, אַבי אים צו פאַראינטערעסירן, — מיין מוטער גלייכט
(ליבט) אייך, זאָגט אַז איר מוזט זיין זעהר אַ קלוגער...

— טאַקע? — האָט זיך גרין עטװאָס פאַרלוירן.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין שטרויענעם הוט, אים אָנגעטאָן
גרינען איבער אַן אויער, אים באַטראַכט פון אַלע זייטן, װי אַ
מאָדעל, און זיך געבויגן פון געלעכטער.

גרין האָט מיטגעלאַכט, אָנגענומען מיס שולין פאַר די הענט,
געקוקט איר אין די אויגן, האָט זי נישט אויסגעהאַלטן, זיך אַרויס־
געדרייט און אַן עפן געטאָן די טיר:

— קומט!

איבער די קליינע הילצערנע הייזלאַך, נישט װייט פון באָטאַ־
נישן גאָרטן, האָט זיך געצױגן אַ בלױער הימל, דורכגעשפּרייט
מיט בלוטיגע פאַסן. ערטערװייז זיינען די פאַסן געװען צע־

דריי־לט און די פעדים האָבן זיך צעצווייגט אין דער בלויקייט ווי שטיקלאַך רעגנבויגן. די פּאַסן זיינען געוואָרן טונקעלער, ברייטער, זיך צונויפגענאָסן, און איבערן הימל זיינען געשוואומען קאָלירטע בערג, טייכן און חיות.

זיי זיינען געגאַנגען געאָרעמט, געקוקט ווי די זון פאַרגייט און געשוויגן. פון ביידע זייטן וועג, אויף די גרינע לאָנקעס, האָבן מיידלאַך געשפּילט אין טעניס, אין פּילקע, געלעגן שורות־ווייז אויפן גראָז, געזונגען, געגודערט און מיט זייערע קאָלירטע, פלייענדיגע קליידער, לייכטע טריט, האָבן זיי פול געמאַכט די לופט און אויסגעזעהן פון דער ווייטנס, ווי מען וואָלט פונאַנדערגעלאָזט אַלע פויגל פון זאָאָלאָגישן גאָרטן.

גרין איז געווען גוט געשטימט, געקוקט יעדע מיידל, וואָס איז פאַרביינגעגאַנגען, אין די אויגן, און אַלע האָבן דעמאָלט ביי אים אויסגעזעהן שיין.

זיי זיינען אַריין אין טראַמוואי. דער טראַמוואַי האָט זיך אויפגעהויבן באַרג־אַרויף — איז פאַר די אויגן געלעגן אַ שטיק פון באָטאַנישן גאָרטן. קליינע נאָדל־בוימלאַך, ווי קאַרליקעס, זיינען געווען אויסגעזעצט שורות־ווייז ווי ווייט ס׳אויג האָט געקענט כאַפּן. צווישן די בוימלאַך, אין אַ קליין שטייענדיג וואַסער, האָבן זיך געטוקט עטליכע ווייסע קאַטשקעס און אויסגעזעהן ווי שטיקלאַך דורכזיכטיגע וואָלקן.

גרין האָט פאַרגעסן וואו ער איז, געקוקט אויף די קאַרליקלאַך־בוימלאַך, אויפן וואַסערל, געפילט אין זיך די בלויע שטילקייט וואָס אַרום, און געווען זיכער, אַז באַלד וועט פון ערגעץ וואו זיך באַווייזן אַ פּרינץ מיט אַ פּרינצעסן, אויך קאַרליקלאַך.

דער טראַמוואַי האָט זיך אָפּגעשטעלט. ס׳איז ביי אים קיין ספק נישט געווען, אַז מיס שוליץ טראַכט דאָס זעלבינע וואָס ער, ווי אַנדערש האָט ניט געקענט זיין, האָט ער געוויזן מיט דער האַנט אויף די קליינע בוימלאַך און זיך געווענדעט צו איר:

— ס׳פעלט נאָר אַ פּרינץ מיט אַ פּרינצעסן, אמת?

זי האָט צעעפנט אַ פּאָר אויגן, אים אָנגעקוקט ווי אַ חסר דעה און זיך צעלאַכט:

— אַז כ׳ווייס נישט וואָס איר מיינט? רעדט מיט מיר פּראָזע!

גרין האָט זיך געכאַפּט, זיך עטוואָס פאַרלוירן און איר איבערגעגעבן, וואָס ער האָט געמיינט.

דער טראַמוויי איז אַראָפּ פון באַרג און מיט אַ קלינגערייַ זיך אַריינגעשניטן אין אַ שמוציגער גאַס. פון ביידע זייטן גאַס האָבן אָהן אַן ענד זיך געצויגן שורות מיט ווענעלאַך. צעווירענע איטאַליענערינס אין טיכלאַך, ווי קליינשטעטלדיגע יידישע ווייבער, אַרומגערינגלט פאַר די קליידער מיט קליינע איטאַליענערלאַך, זיינען געגאַנגען פון איין ווענעלע צום צווייטן, זיך געדונגען, געאַרבעט מיט די הענט, געקויפט מציאות. זייערע געשרייען האָבן טויב געמאַכט, זיך געהויבן איבער די קעפּ, געקרעלט אין האַלז. די רויטע בייטשן קרעלן, די לאַנגע גאָלדענע אוירינגלאַך, די שרייענדיגע זיידענע קליידער, די פּערסישע שאַל־טיכער, די קופּקעכ ווייבער מיט קינדער אַרום יעדער טרעפּ, זייער גודערן, די ווענעלאַך מיט גרינס, וואָס נאָר איטאַליענער עסן, די קופּקעס מיסט אויף טריט און שריט — אַלץ האָט עדות געזאָגט, אַז די גאַס איז אַ שטעטל פאַר זיך אין דעם גרויסן ניו־יאָרק.

— ווי געפעלט אייך עפּעס דאָס איטאַליענישע שטעטל?

— האָט גרין זיך געווענדעט צו מיס שוליץ, — תמיד ווען כ׳בין אין די מקומות דאַכט זיך מיר, אַז ס׳איז נאָר קיין ניו־יאָרק נישטאָ! ס׳זיינען בלויז פאַראַן גאַליציאַנער שטעטלאַך, אונגאַרישע, סלאַווישע, כינעזישע...

— און די פינפטע עוועניו? — האָט אים בעסי איבערגעהאַקט.

— וואָס, איר מיינט טאַקע, אַז פינפטע עוועניו האָט צו טאָן מיט אַמעריקע? —האָט גרין געשמייכלט, — גלויבט מיר,

אַז די יידישע העסטער סטריט איז אינערליך מער אַמעריקאַניש ווי די פינפטע עוועניו.

אַן עלטערער ייד, אַ פּעדלער, באַלאָדן מיט קאָשיקלאַך ווייַן איז אַריין אין טראַמוואַי. ער איז געבליבן שטיין אָן אַ זייט, געוואָרפן מיט די אויגן, ווי אַן איבערגעשראָקענער האָז, אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט עמיצנס בליק און יעדעס מאָל, וואָס די קאַר האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, האָבן די קאָשיקלאַך, וואָס האָבן אַראָפּגע־האַנגען פון זיינע אַקסלען, אים אָנגעהאַקט די זייטן. די פּאַסאַ־זשירן האָבן געלאַכט פון דעם איינגעהויקרטן יידן, מיט דער אַריינגעמאַכטער באָרד אין וועסטל, ווי זיי באַטראַכטן אַ כינע־זער, זיך געוויצלט אויף זיין חשבון, און גרין האָט געהערט ווי זיין שכן, אַ נעגער, האָט געגעבן צו פאַרשטיין דער נעגערטע, מיט וועלכער ער איז געזעסן, אַז דער פּעדלער איז אַ „קעטאָליק דזשו“ (קאַטוילישער ייד) און יענע יידן, וואָס אַרבעטן שבת, גאָלן די בערד, זיינען „פּראָטעסטענט־דזשוס“ (פּראָטעסטאַנטישע יידן).

גרין האָט פּונם נעגערס אויסטייטשונג זיך אַזוי פונאַנדערגעלאַכט, אַז די גאַנצע טראַמוואַי מענטשן האָבן אים אָנגעקוקט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געלאָזט דעם ייד זיך זעצן. דער פּעדלער איז געוואָרן דרייסטער, אפנים זיך דערפילט זיכערער אין שכנות מיט אַ יידן און אַ שטופּ געטאָן גרינען אין דער קני, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן:

—לאַנג אין לאַנד?

גרין האָט זיך איבערגעקוקט מיט מים שוליך, געשמייכלט און געענטפערט:

— נישט לאַנג.

— ס׳אַראַ לאַנדסמאַן?

— אַ פּוילישער.

— כ׳בין דאָך אויך אַ פּוילישער! — האָט דער פּעדלער אַרויסגעשלעפּט פאַר שמחה די באָרד פון וועסטל, געוויזן מיטן

גראָבן פינגער פון דער פּאַרמאַכטער האַנט אויף מיס שולץ — אייער ווייב?

ער האָט געזעהן, אַז מיס שולץ האַלט זיך פאַר די זייטן פון לאַכן, האָט ער זיך געכאַפּט, פאַרשאַרצט דעם שוואַרצן, שטרויענעם קאַפּעליוש, וואָס איז אים געפאַלן איבער די אויגן און נאָאיי א פרעג געטאָן:

— אוודאי אַ כלה?

ער האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער, אַרויסגענומען דעם זייגער, אפנים געשראָקן ער זאָל נישט אַריינפאָרן אין שבת אַריין, געזעהן ווי עס ווערט טונקל, האָט ער זיך פון עגמת־נפש פאַרקוועטשט די ליפּן און גערעדט ווי צו זיך.

— ווי אויף צו להכעיס, שלעפּט זיך היינט די קאַר!

— מאַכט איר כאָטש ביזנעס? — האָט גרין אים געפרעגט.

— געלויבט השם יתברך, נישט צו פאַרזינדיגן, — איז דאָס יידל געוואָרן ערנסט. — אַביסל מאַך איך, אַביסל די קינדער, מען קומט דורך!

— און אַהיים, נאָך פּוילן מיין איך, בענקט זיך נאָרנישט?

— און אַז ס׳בענקט זיך? איך וועל שוין אַהיים נישט פאָרן. די קינדער זיינען אַלע דאָ, כ׳האָב דאָרט קיינעם נישט. מען קען נישט זאָגן, אין דער היים איז ס׳לעבן געווען באַטעמטער. צי כ׳האָלט איצט געקענט דאָרט זיין, הייס איך נישט, נאָר גלויבט מיר, ווי כ׳בין אַן אָרעמאַן, וואָלט איך זיך פונדעסטוועגן געלאָזט קאָסטן אַ פּופּציגער, כ׳זאָל זיך איינמאָל דורכשפּאַצירן איבערן שטעטל.

דער ייד האָט אָפּגעזיפצט, זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און גע־ענדיגט:

— מען זאָגט, כ׳וואָלט עס נישט דערקענט, אַזוי האָט עס זיך פאַר די לעצטע יאָרן אויסגעבויט.

דער טראַמוואַי האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיס שוליץ האָט אָנגע־
כאַפּט גרינען פאַר אַ האַנט און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג:

— אָט ווינען מיר!

זיי זיינען אַריין אין שטוב. מיסטער שוליץ איז זיי אַנטקעגן געקומען. ער האָט האַרציג באַגריסט גרינען, אים אַריינגעפירט אין זאַל און אַ געשריי געטאָן מען זאָל אַריינברענגען טיי. אַ שבתדיגער ריח פון געקאָכטע פיש האָט זיך געטראָגן פון קיך.

— פון וואַן גייט איר? — האָט דער פאָטער כּלאחר יד אַ פרעג געטאָן.

— כ'האָב געטראָפן מיסטער גרינען נישט ווייט פון אונזער הויז, — האָט בעסי נישט טראַכטנדיג געענטפערט, — האָב איך אים אַרויפגעבעטן.

— גוט, מיין טאָכטער!

גרינען האָט בעסים ליגן אַ גרילץ געטאָן אין די אויערן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן מאַדאַם בליאַש און זיך געטראַכט, אַז אין די הינזיכטן זיינען אַלע פרויען גלייך.

מיסטער שוליץ האָט אַרויסגענומען פון אַ לעדערנעם שיידל אַ פאָר ברילן, זיי אויסגעווישט מיט אַ פאַפּירענעם דאָלאַר, זיי אָנגע־טאָן, צעעפנט איבערן טיש אַ יידישע צייטונג און גענומען לייענען.

---

מיסטער שוליץ איז אַריבערגעקומען נאָך אַמעריקע צו אַכצן יאָר. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פעקל מיט העברעאישע כּתבים, געחלומט צו ווערן אַ משורר, זיך באַלד אַרומגעזעהן, אַז קיינער דאַרף עס אין אַמעריקע נישט און ווי טויזנט אַנדערע אי־מיגראַנטן, איז ער אַרויס אויף דער גאַס פעדלען. צום יאָר האָט ער געעפנט מיט אַ שותּף אַ קליינעם פלאַץ „שוליץ ענד קאָ". אָנ־געהויבן צו אַרבעטן זעהר אַ ביליגע סאָרט הויזן און דער ערשטער גענומען פונאַנדערשיקן אַרום ניו־יאָרק פעדלערס מיט פעק סחורה,

וואו סלאַווין און איטאַליענער האָבּן געאַרבּעט. מיסטער שולץ האָט אָנגעהויבּן זיך אַרויפצואַרבּעטן, גענומען קאָנקורירן מיט אַלטע פירמעס און וואָס גרעסער די אימיגראַציע איז געוואָרן, אַלץ שנעלער איז ער געוואַקסן. גרינגע יידן, וואָס האָבּן נישט גע־וואָלט אַרבּעטן אום שבּת, זיינען אָנגעקומען צו אים, געווען צופרידן וויפיל זיי האָבּן געקראָגן, געאַרבּעט אַזעלכע לאַנגע שטונדן ווי אין דער היים. דער פלאַץ האָט דערווייל געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן זיך, אויסגעוואַקסן אין אַ קורצער צייט אין אַ זעקס־שטאָקיגער געביידע, וואָס איז נאָר מעגליך געווען אַ דאַנק דער ריזיגער אימיגראַציע, און וואו יידישע פעדלערס זיינען נאָר געווען בּנמצא, האָבּן הונדערטער דאָלאַרן געהאַלטן אין איין שטראָמען צו שולצן.

אַז די געשעפטן האָבּן זיך שוין אַליין געפירט, האָט שולץ זיך אָנגעהויבּן צו פאַרזאָרגן מיט אַ בּיסל עולם־הבּא. ער האָט געקויפט די שול „מחזיקי־תּורה", וואו ער איז געווען פּרעזידענט, געעפנט די תּלמוד תּורה, זיך אָפּגעגעבּן מיט קהלשע זאַכן, מקרבּ געווען לומדים און געהאָפּט, אַז זיין הויז וועט ווערן אַ „בּית ועד לחכמים".

אויסערליך האָט ער זיך כּמעט אינגאַנצן נישט געבּיטן, פילע פון זיינע עלטערע אַרבּעטער, צומיינסטן בּן־תּורהס, זיינען בּיי אים געווען איינגייער, געקומען אַ שבּת ראש־חודש, אַ יום־טוב, טרינקען אַ גלעזל וויין. ער האָט פאַרנומען אַ געוויינליכן עטאַזש אין זיין איינגן הויז און האָט זיך געפירט ווי אַ היימישער רייכער בּעל־הבּית.

---

בּעסי האָט אַריינגעבּראַכט צוויי גלעזער טיי, אונטערגעטראָגן איינס דעם פאָטער, דאָס צווייטע גרינען, אַליין האָט זי זיך אַוועק־געזעצט אויבּן אָן, גענומען די יידישע צייטונג און אָנגעהויבּן אַזוי קאָמיש אַרויסצורייידן די ווערטער, אַז אַלע האָבּן זיך צעלאַכט.

— אַז דאָס רעדט ווי אַ גוי יידיש! — האָט דער פּאָטער אַ זופּ געטאָן דעם טיי און זיך אויסגעדרייט צו גרינען. — איר ווייסט, כ׳האָב באַשלאָסן צו מאַכן פרידקינען פאַר אויס פּרינ־סיפּאַל, איר זייט גערעכט, דער מענש פּאַסט לחלוטין נישט פאַר דער שטעל!

— דאָס האָט איר שוין לאַנג געדאַרפט טאָן!

— ווייסט איר עפּעס פון אַ פּרינסיפּאַל?

— גראַדע איצט נישט, נאָר איר דאַרפט נישט דאַגהן, איר וועט קריגן!

— וואָלט איר אפשר געוואָלט אָננעמען די שטעל? — האָט מיסטער שוליץ אַ שמייכל געטאָן און געקוקט, וואָס פאַר אַן איינ־דרוק עס וועט אויף גרינען מאַכן.

— כ׳וואָלט-אָנגענומען, — האָט גרין זיך געקווענקלט.

— וואָס מיינט איר — כ׳וואָלט?

— כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, — ס׳וועט אויסקומען, אַז איך האָב פרידקינען אַרויסגעשטופּט.

— פרידקין וועט בלייבן, — האָט אים שוליץ באַרוהיגט, — ער וועט אפילו קריגן ביז ענדע זמן די זעלביגע שכירות, נאָר פּרינסיפּאַל וועט ער מער נישט זיין! און אויף ווינטער וועט מען אים הייסן זוכן אַן אַנדער שטעל! נו, וואָס זאָגט איר?

גרין האָט גלייך נישט געענטפערט, ווי ער וואָלט זיך געישובט, נישט געוואָלט אַרויסווייזן, אַז ער איז שטאַרק צופרידן און גע־זאָגט—כלומרשט אַ גלייכגילטיגער:

— גוט!

מאַדאַם שוליץ האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ:

— צייט ליכט בענשן, האַ?

זי האָט דערזעהן גרינען, זיס אַ שמייכל געטאָן און זיך גע־ווענדעט צו אים:

— האַללאָ מיסטער גרין, איר וועט מיטהאַלטן מיט אונז! נו, נו, קיינע תירוצים!

שוליק האָט אויסגעטאָן די ברילן, זיי געלאָזט ליגן אויפן טיש, אַריין אין אַ צווייטן צימער און מען האָט געהערט ווי ער איז מקבל־שבת.

— כ׳האָב מורא, — האָט גרין זיך געווענדעט צו מיס שוליק, אייער פאָטער וועט אייך נישט לאָזן גיין אין גרינוויטש־ווי־לעדזש? *).

— ער דאַרף נישט וויסן!

— און אַז ער וועט פרעגן, וואו איר זייט אַזוי שפּעט געווען?

— ער וועט נישט פרעגן, — ער גייט באַלד נאָכן עסן שלאָפן.

— און די מוטער?

— די מוטער גייט אויך שלאָפן!

— בעסי, בעסי, — האָט זיך געהערט פון עסצימער דער מוטערס קול, — זיי אַזוי גוט און נעם אַרויס פון דער „סייף" די לייכטערס!

— בעסי האָט זיך גענומען פאָרן ביי דער אייזערנער קאַסע, גרויס ווי אַ האַלבע וואַנט, געדרייט ביים קעפל פון שלאָס, צו־נויפגעשטעלט לויט אַ פאָרמעל די ציפערן און זי געעפנט. זי האָט אַרויסגענומען דריי פאָר זילבערנע לייכטער, אַ זילבערנע קאַנדי־ליאַברע, ווי אַ מנורה, אַ שמייכל געטאָן צו גרינען און אַרויס פון צימער.

גרינען איז געוואָרן אומהיימליך. ווען ער וואָלט נישט גע־ווען קיין בן־בית ביי בעסיס עלטערן, וואָלט אים קיין זאַך נישט געאַרט, אַזוי אָבער האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער נוצט אויס

*) גרינוויטש־ווילעדזש – גריניטש־דאָרף, דער באָהעמי־קוואַרטאַל פון קינסטלער אין ניו־יאָרק.

די מענשן, באַנוצט זיך מיט זייער צוטרוי צו אים, טאָ מיט וואָס איז ער בעסער פאַר פרידקינען?

אַז מיסטער שולץ האָט אָפּגעדאַוונט, זיינען אַלע אַריין אין עסצימער. דער צימער איז געווען אַזוי באַלויכטן, אַז ס'האָט אַזש געבלענדט די אויגן. ביי אַ ווייס־געדעקטן טיש איז געזעסן די גאַנצע משפּחה אויסגעזעצט לויט דער עלטער. דער בעל־הבית האָט אָנגעגאָסן אַ גלאָז וויין, זיך אויפגעשטעלט מאַכן קדוש און געקוקט צו דער טיר, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף עמיצן. אַ ייד האָט אַריינגעשטופּט אַן אויסגעבעט ווענגעלע, וואו שולצעס פאָטער, אַ פּאַראַליזירטער זקן, איז געלעגן. אַלע זיינען אַזוי געוואוינט געווען מיטן זיידן, אַז קיינער האָט זיך צומאָל אויף אים נישט אומגעקוקט. דער זיידע, אַ צעקנייטשטער, מיט אַ פּאָר אויגן, וואָס האָבן געקוקט אין איין ריכטונג, האָט געהאַלטן אין איין עפענען און צומאַכן דאָס איינגעפאַלענע מויל, ווי אַ פיש ווען ער טרינקט וואַסער. נרין האָט זיך באַגעגנט מיטן אַלטנס שטאַרן בליק, דערפילט קאַלטע דרעשטשעס און זיך אויסגעדרייט. נאָכן קדוש האָט דער ייד אַרויסגעפירט ס'ווענגעלע, קיינער האָט וועגן זיידן אַ וואָרט נישט דערמאָנט, ווי ער וואָלט גאָרנישט געווען אין שטוב. די בעל־הביתטע איז געזעסן נעבן מאַן, אויסגעטיילט פּאָרציעס פיש און אַז אַ האַלבער טיש האָט שוין געהאַט אָפּגעגעסן, האָט זי זיך איצט געמאַכט פּלאַץ, זיך אָנגעשפּאַרט אָן טיש מיט ביידע עלנבויגנס, געזעסן איבער אַ שיסל מיט פיש און גרויס הנאה געהאַט פון עסן.

— נו, מיסטער נרין, ווי שמעקן אייך מיינע פיש? גענוג זיס? — האָט די בעל־הביתטע אים געפרעגט.

— כ'האָב שוין לאַנג אַזאַ שטיקל פיש נישט געגעסן, מיט אַן אמת! — האָט נרין געענטפערט.

— ווייסט, — האָט שולץ אַ שטופּ געטאָן דעם ווייב מיטן עלנבויגן — אַ לעבעדיג פישל איז טאַקע געשמאַקער!

— זיי רייסן אָפּער אַ הויט, די גנבים! — האָט ס׳ווייב גע־ענטפערט — ווייסן שוין אַליין נישט וויפיל זיי זאָלן נעמען פאַר אַ פונט פיש, נו, איז עס נישט קיין רציחה, ביזט אַ מבין וויפיל כ׳האָב געצאָלט? זעכציג סענט אַ פונט!

שוליץ האָט גענומען נאָך די פיש אַ ביסל בראָנפן, צוגערוקט די פלאַש צו גרינען און איינגעשטילט ס׳ווייב:

— יידן דאַרפן פּרנסה, נעמען זיי, נו פּטור, פּטור!

— חכם, — האָט ס׳ווייב געקלאַפּט מיטן גאָפּל אָן טעלער — גוט אַז גאָט האָט דיר געהאָלפן און דו קענסט! וויפיל מיינסטו קענען צאָלן אַזאַ פּרייז?

— הויבט זיך אָן! — האָט שוליץ אויסגעצויגן די פיס אויף אַ שטול און זיך פאַרטיפט אין דער צייטונג.

פון איין געריכט צום צווייטן האָט אַזוי לאַנג גענומען, אַז די קלענערע קינדער זיינען דערווייל אַפּערגעגאַנגען פון טיש, זיך צע־ליינט אויף דער פליושענער אָטאָמאַנע, וואָס איז געשטאַנען ביים פענסטער, און איינציגווייז איינגעשלאָפן.

ס׳איז קיין חדוש נישט, — האָט די מאַדאַם זיך פאַרענטפערט פאַר גרינען, וואָס די קינדער שלאָפן איין אין מיטן עסן — וואָס זיי צעאַרבעטן אַ טאָג! אַז דאָס רוהט אַ מינוט נישט!

גרינען האָט געלאַנגווייליגט, ער האָט שוין געוואָלט זיין אויף דער גאַס. בעסי האָט עס באַמערקט, אָנגערירט מיט איר שוך זיין פוס, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, זיך באַגעגנט מיט איר בליק און ביידע האָבן זיך צעשמייכלט.

ביים צימעס האָט זיך מיסטער שוליץ אַ פאַרשלאָפענער אויפ־געהויבן פון טיש, זיך אַנטשולדיגט פאַר גרינען, אַז ער איז נישט עפּעס מיט אַלעמען און זיך געבעטן:

— קינדער, בעטס מיר!

מיסעס שוליץ האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז טיי, זיך אַריינ־געזעצט אין אַ וויגשטול, זיך אַ ווײַלע איינגעהערט, וואָס בעסי

דערציילט, ביסלעכווייז פאַרריסן דעם קאָפּ, גענעמט אַ מויל און זיך נעלאָזט הערן איבערן צימער.

— מאַ, פּליעז, מאַ *) — — — — האָט בעסי זי אָנגענומען ביי אַ האַנט.

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי מען וואָלט זי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער, פאַרלוירן געטענהט, אַז זי שלאָפט נישט, זיך אויפגעשטעלט און זיך פאַרענטפערט:

— די היץ מאַטערט אויס! אַ גוטע נאַכט, מיסטער גרין!

— אַ גוטע נאַכט!

ביי דער טיר האָט זי זיך דערמאָנט אָן די קינדער, וואָס זיינען געשלאָפן אויף דער אָטאָמאַנע, און זיך אַ ריס געטאָן:

— לאָ׳מיך, בעסי, כ׳וועל לייגן די קינדער!

— איך וועל זיי שוין לייגן — האָט בעסי צוגעהאַלטן די מוטער — גיי שלאָפן, כ׳בעט דיך!

— אָל־רייט!

די ליכט האָבן געהאַלטן ביים אויסגיין, געקנאַקט, ווי מען וואָלט אויף זיי געשאָטן זאַלץ, און אָנגעפילט דעם עסצימער מיט אָנגעברענטס. די צערוקטע שטולן, די שיריים אויפן טיש, די איינגעגאַנגענע ליכט, אַלץ האָט געמאַכט די לופט געדיכטער און אָנגעיאָגט אויף גרינען דאָס בענקעניש פון אַ היימישן פרייטאָג־צונאַכט, ווען טאַטע־מאַמע שלאָפן שוין און אַליין דרייסטו זיך אויפן געלעגער, ווייסט נישט וואָס דו ווילסט און אַלץ אין דיר וויל אַ געשריי טאָן.

— וואָס איז? וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרטראַכט? — איז בעסי לייכט אַריין אַן אָנגעטאָנענע — קומט, איך בין גרייט!

---

*) כ׳בעט דיך, טאַטע.

## VI

אין דער „גרינע לאַפּע" האָט זיך געטומעלט. די קליינע, נידע־
ריגע צימערלאַך פון אַ שמאָלער, צוויי שטאָקיגער געבּיידע, וואָס
האָט אויסגעזעהן פון דערווייטנס ווי אַ פּויעריש הייזל, זיינען פול
געווען מיט מענשן. אַ הילצערנע, נישט קיין געפּאַרבּטע, טרעפּ,
ווי אַ לייטער, מיט אַ פּאָרענטש, וואָס האָט אונטער דער קלענסטער
משא זיך אָנגעהויבּן צו שאָקלען און קרעכצן, ווי זי וואָלט גע־
האַלטן בּיים איבּערבּרעכן זיך, האָט געפירט אין דעם רעסטאָראַן,
נאַפּט און ליכט־לאָמטערנעס האָבּן קוים בּאַלויכטן דעם קאָרידאָר,
וואו אויף די טירן זיינען געווען אויסגעמאָלט גרינע לאַפּעס פון
חיות און פויגל און דערמאָנט אָן כּשופמאַכעריי. די צימערלאַך
זיינען געווען געפּאַקט מיט מענשן, וואָס מען זעהט זעלטן אין
ניו־יאָרקער גאַסן. די מענער נאָכלעסיג אָנגעטאָן, מיט פּאַר־
זאָרגטע פּנימער אפילו ווען זיי לאַכן; די פרויען אין האַלבּ־מענע־
רישע קליידער, מיט אַרומגעשוירענע קעפּלאַך האָר, ציגאַרעטן אין
מויל, האָבּן געמאַכט בּיים ערשטן בּליק דעם איינדרוק פון איבּער־
געטאָנענע יינגלאַך. און ס'האָט זיך געדאַכט, די אַלע מענשן
שלאָפן בּייטאָג, און מיט דער נאַכט, ווען דאָס געזוערך דרעמלט
איין אונטערן שלאָף פון אירע געהאָרכזאַמע קינדער, קריכן זיי
אַרויס פון זייערע שלאָפצימערלאַך, שאַרן זיך אומבּאַמערקט אַרום
די ווענט פון די פילנאָרנדיגע הייזער און איילן זיך אין „ווילעדוש"
אַריין.

ביי גרין געפּאַרבּטע טישן זיינען געזעסן יונגעלייט מיט מיידלאַך, געטרונקען, געדרויבערט און דער טומל איז געשטאַנען איבּער אַלעמענס קעפּ ווי אַ פּאַרע און געקרעלט אין האַלז. אויף די ווענט האָבּן געהאַנגען נישט קיין אויסגעגלייזטע קרינגלאַך, טעפּ־לאַך מיט לאַנגע העלזער, ליימענע טעפּ, וואָס דערמאָנען אין אויס־געגראָבּענע אַנטיקן.

דער בּעל־הבּית פון פלאַץ—אַ נידעריגער, אַ בּרייטבּייניגער, אָנ־געטאָן, איין גאָט ווייס פאַרוואָס, אין אַ נאַציאָנאַלע אונגאַרישע קאַ־פּאָטע, אַרומגענומען אַרום בּויך מיט אַ בּרייטן גרינעם גאַרטל, וואָס האָט זיך אין דער רעכטער זייט פאַרבּונדן אין אַ קנופּ און פון צווישן די פראָנזן האָט אַרויסגעקוקט אַ האַלבּ־קיילעכדיגער ציבּעק, בּאַצירט מיט קאָלירטע קרעלן, איז געלאָפן פון איין טיש צום צווייטן, נאָכלעסיג געהאַלטן אין עק מויל אַ קליין פּיפּקעלע, גענומען בּאַשטעלונגען און מיט יעדן איינעם גערעדט אויף זיין לשון.

זיין ווייבּ, אַן עלטערע בּרונעטקע, אָנגעטאָן אין לויזע, שרייענ־דיגע קליידער, וואו גאַנצע שנורן מטבּעות האָבּן געלומפּערט אַרום האַלז, אַרום די בּלויזע הענט, האָט אויסגעזעהן ווי אַ שפּאַ־נישע גאַסן־זינגערין. אירע שוואַרצע אַרומגעשווירענע האָר, דורכ־גענומען מיט אַ שוואַרץ סאַמעטל, זיינען געפאַלן איבּער די בּאַקן און זי געמאַכט יינגער. זי האָט זיך יעדע ווײַלע צוגעזעצט צו אַ אַנדער טישל, מיטגעטרונקען, גענומען געלט און עס אַריינגע־שאָטן אין די פאַלדן פון איר קלייד, ווי אין אַ קעשענע.

בּיי אַ לאַנגן טיש זיינען געזעסן אַ חברה יונגעלייט מיט מייד־לאַך און געזונגען „טהע יענקס אַר קאַמינג" מיטן ניגון פון „מה קא משמע לן, דער רעגן". עטליכע גוים, וואָס זיינען געזעסן דערנעבּן, האָבּן מיטגעהאָלפן.

קעגנאיבּער בּיי אַ טישל איז געזעסן אַ יונגער גוי מיט אַ דאַמע. בּיידע מיט פאַרלאָפענע אויגן. דער גוי האָט סקיצירט אויף דער

וואַנט דער דאַמעס בילד. פון גרויס באַגייסטערונג האָט זי גע־
כאַפּט זיין האַנט און אים אַ קוש געטאָן. דער גוי איז אויפגע־
שפּרונגען, קוים איינגעשטאַנען אויף די פיס, נישט געקענט אָבער
דערלאָזן אַ דאַמע זאָל אים קושן די האַנט, צעפּאַלן מיט די
ליפּן צו אירער און געשטאַמלט:

— יו מאָס׳נט... עי ליידי מאָס׳נט...

— אָ, — האָט די דאַמע אַוועקגענומען די האַנט פון האַרצן,
אויסגעשניטן מיט איר אַ ברייטן זשעסט און אים נאָכאַמאָל אַ
קוש געטאָן — אַזאַ האַנט איז אַן עהרע צו קושן.

דער גוי איז געפאַלן דער דאַמע צו די פיס, באַהאַלטן זיינע
הענט, זי זאָל זיי ניט געפינען, און געקושט איר קלייד. די דאַמע
האָט דוקא געזוכט זיינע הענט, זיך געאַמפּערט מיט אים און ביידע
זיינען געבליבן ליגן איינער אין צווייטנס אָרעמס.

אין אַ ווינקל אויף אַ מאַטראַץ איז געזעסן דער רעדאַקטאָר
פון „געצנדינער", אַרומגערינגלט מיט זיינע מיטאַרבעטער, און
געלייענט קאָרעקטורן.

ביים אַריינקומען איז בעסי געבליבן שטיין מיט אַ צעעפנט
מויל, און יעדער, ווער עס האָט זי נאָר אָנגעקוקט, ווי זי וואַרפט
מיט די אויגן אין אַלע זייטן, האָט דערקענט, אַז דאָס מיידל איז
דאָ צום ערשטן מאָל.

עמיצער האָט באַמערקט גרינען. דער גאַנצער טיש האָט זיך
אַ הויב געטאָן, גענומען אַפּלאָדירן און געזונגען מיטן יידישן
ניגון — טהע יענקס אַר קאמינג, קאמינג, קאמינג...

אַ מאַן פון אַ יאָר עטליכע און פערציג, מיט איינגעפאַלענע באַ־
קן, פינקלדיגע אויגן און אַ קליין קיילעכדיג פּליכל, ווי אַ טעלערל,
האָט פון דער זייט אַ וואָרף געטאָן אַן אויג אויף בעסין, זיך אויפ־
געשטעלט, געמאַכט פּלאַץ, אויסגעשטעקט אַ האַנט צו גרינען און
געקוקט אויפן מיידל:

— האַללאָו גרין! וואָס באַקענט איר מיך ניט מיט אייער לעדי?

— אַז איר גיט מיר ניט קיין געלעגנהייט — האָט גרין זיך פאַרענטפערט און זיך אויסגעדרייט צו בעסין — באַקענט אייך: שלמה מאַנדל, מים שולץ!

מאַנדל האָט געהאַלטן אַ ווײַלע מים שולצס האַנט אין זײַנער, דורכגענומען דאָס מיידל מיט זײַנע עטוואָס שוין פאַרלאָפענע אויגן, געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ אײַנדרוק זײַן נאָמען וועט מאַכן אויף איר, און ווען חברה לצים וואָלטן ניט בײַם טיש געזעסן, וואָלט ער אַליין דעם מיידל, וואָס האָט זײַן נאָמען צום ערשטן מאָל געהערט, פאַרטרויט, אַז דאָס האָט מען איר פאָרגעשטעלט דעם גרעסטן יידישן ראָמאַניסט.

דער עולם אַרום טיש איז אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, מאַנדל איז געוואָרן אויפגערוימט, וואָס אַ מיידל זיצט נעבן אים, זיך איבערגעקוקט מיטן עולם און אַ שטופּ געטאָן גרינען:

— פאַרוואָס באַקענט איר זי ניט מיט די איבעריגע?

און איידער גרין האָט צײַט געהאַט אים עפּעס צו ענטפערן, האָט שוין מאַנדל געהאַלטן בעסין אונטערן אָרעם און אָנגעהויבן אימיטירן אַ פּאָרזיצער:

— דאָס איז ניט קיין אַנדערער, ווי אונזער גרויסער, אפשר דער גרעסטער הומאָריסט — משה חוזק; איצט וועל איך אייך פאָרשטעלן דעם זאָגענאַנטן גרויסן יידישן ראָמאַניסט — זאַלקינד.

— פאַרוואָס נישט דער גרעסטער? — האָט זיך עמיצער אָנגערופן.

— ווײַל איך בין דער גרעסטער! — האָט מאַנדל געענטפערט, זיך צעלאַכט פון דער אייגענער חכמה און ווײַטער פאָרגעשטעלט — ביג, ביג — אַ מאָלער, זײַנע בילדער באַצירן די ווענט פון דער „גרינער לאַפּע“; וויים — דער גרעסטער יידישער קריטיקער.

— אַז וויים איז דער גרעסטער, טו וואָס בין איך? — האָט אַ בחור מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר זיך אויפגעשטעלט.

— אַז כ׳וועל האַלטן בּיי דיר, וועסטו זיין דער גרעסטער! — האָט מאַנדל זיך אַזוי צעלאַכט, אַז ער האָט זיך אַזש אַוועקגעזעצט.

דער עולם האָט מיטגעלאַכט. בּעסי, וואָס איז צום ערשטן מאָל געווען צווישן אַזאַ עולם, האָט זיך געפילט גליקליך, בּיי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן ווי דאַנקבּאַר זי איז גרינער. זי האָט געקוקט אויף די עטליכע דאַמען, וואָס זיינען געזעסן אַרום טיש, בּאַטראַכט זייערע קליידער, ווי זיי האַלטן זיך, און געווען בּיי זיך זיכער, אַז זי קען מיט זיי אַלע קאָנקורירן.

מאַנדל האָט גענומען קלימפּערן מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס:

— יידן, לאָמיר שטעלן אַביסל וויין!

בּאַלד האָבּן אָנגעהויבּן צו פליהען זילבּערנע מטבעות. אַ בּלאַסער בּחור מיט אַ שוואַרץ בּערדל, ווי אַ גרימירטס, האָט צונויפגענומען דאָס געלט און מאַנדל האָט אויפן קול גענומען רופן דעם בּעל־הבּית.

— פּעטער, קומט נאָר אַהער!

דער אייגנטימער האָט זיך ניט געמאַכט הערן, אפנים ניט אָנגעשטאַנען, וואָס מען רעדט צו אים יידיש, און זיך געדרייט בּיי אַנדערע טישלאַך. מאַנדל האָט צוגערופן די אייגנטימערין מיט אַ פינגער:

— איר רעדט דאָך יידיש?

— כ׳האָבּ זיך דאָ אויסגעלערנט.

— וואו, אין „ווילעדזש“?

זי האָט זיך צעלאַכט.

— אָבּער איר רעדט יידיש? — האָט מאַנדל איר געגלעט די האַנט און די אויגן זיינען בּיי אים געוואָרן שמאַלציג.

— יעס.

— ווי הייסט איר?

— רעגינאַ.

— כ׳מיין אין יידיש?

—רעגינאַ! — האָט זי אַ ציה געטאָן מיט די אַקסלען, און די שנורן מטבעות האָבן זיך צעקלימפּערט.

— אין יידיש הייסט איר נישט רעגינאַ — האָט ער זי אַרומגענומען מיט אַ האַנט — אין יידיש הייסט איר רייזל, הא? נו, רייזעלע, וואָס הערט זיך מכּוח אַ גלעזל וויין?

זי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון מאַנדלס הענט און צוגעלאָפן צו אַ צווייט טישל, וואו דער עולם האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין.

דער אייגנטימער האָט צוגעטראָגן עטליכע קריגלאַך וויין, גלעזער, און דער עולם האָט אָנגעהויבן צו טרינקען, געוואָרן אַלץ לעבעדיגער. אין מיטן זינגען האָבן די בענקלאַך זיך גערוקט און די מענער האָבן זיך געדרייט אַרום די צעשטראַלטע דאַמען, ווי פליגעלאַך אַרום אַ פלאַם.

גרין האָט דערפילט ווי בעסיס פינגער פלעכטן זיך אין זיינע, בויגן זיך און זי רוימט אים איין אין אויער:

— ס׳איז אַ יידיש פלאַץ?

— ווי דען?

— און ווער איז דער, וואָס זיצט אויפן מאַטראַץ?

—דאָס איז דער רעדאַקטאָר פון „נעצנדינער“.

— פון וואָס?

— ס׳איז אַ מאָנאַט־זשורנאַל, ס׳הייסט „געצנדינער“.

— וואָס איז ער, אַן אינדיאַנער?

—וואָס פאַלט דיר איין? — האָט זיך גרין צעלאַכט.

— כ׳ווייס, אינדיאַנער זיינען געצנדינער — האָט זיך בעסי פאַרלוירן.

— נאָ, ס׳איז אַ ייד, מיר יידן האַנדלען מיט אַלץ! — האָט ער איר שטאַרקער געדריקט די האַנט.

הינטער גרינען בײַ אַ קלײן טישל איז געזעסן אַן עלטערער מאַן, כּמעט גרוי, מיט אַ לאַנגהאָריגן ייִדן, אַ געפּוּדערענער באָהעס, וואָס קיינער ווייס ניט פון וואַנען ער קומט, וואָס איז זיין שפּראַך. גרין האָט באַמערקט, ווי דער איינגנטימער פון פּלאַץ האָט זיך אויך צוגעזעצט, זיך איינגעהערט, ווי דער גרויער מאַן האָט גע־רעדט וועגן ענגלישן קעניג, עדוואַרדן, ווי וועגן זיינס אַ באַקאַנטן. און אַז ער האָט אַרויסגענומען אַ גאָלדן זײַנגערל און געוויזן, אַז דאָס איז אַ מתּנה פון קעניג, האָט דער בעל־הבית פאַרבויגן זיין נאַציאָנאַלע אונגאַרישע קאַפּאָטע, אַ ווינק געטאָן מיט אַן אויג צום לאַנגהאָרינן ייִד און אַריינגעוואָרפן אויף ייִדיש:

— ער האָט געטראָפן אַ יאָלד מען זאָל אים גלויבן!

גרין האָט געוויזן בעסין אויפן גרויען מאַן:

— זעהסט, דער אַלטער בײַם טישל, דאָס איז דער „דזשענ־טעלמען״, וועגן וועמען אָסקאַר ווײַלד רעדט אין זיין „דע־פּראָ־פונדיס״. אַז מען האָט ווײַלדן געפירט אַ געשמידטן אין תּפיסה, און דער עולם האָט אים אויסגעפּייפט און באַשפּיגן, איז דער אַלטער מאַן געווען דער איינציגער, וואָס האָט געצויגן דעם צי־לינדער און אים באַגריסט.

אַ מאַן איז געבליבן שטיין אין דער טיר, געזוכט מיט די אויגן, זיך אָפּגעשטעלט אויפן יונגן גוי מיט דער דאַמע, וואָס זיינען געזעסן געאָרמט. דער גוי האָט דערפילט, אַז מען קוקט אויף אים, האָט ער אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, געוואָרן געל ווי קיט און זיך אַרויסגעדרייט פון דער דאַמעס הענט. דער מאַן האָט געמאַכט עטליכע טריט, זיך אָפּגעשטעלט און גערעדט צו דער דאַמע:

— לוסי, כ'בעט דיך, גיי אַהיים, ס'קינד וויינט!

זי האָט ניט געענטפערט. מיט איין ציה, ווי אַ חיה, איז ער געשטאַנען בײַם יונגן גוי, אים אָנגעכאַפּט פאַרן האַלז, אַראָפּ־

געלאָזט אים אַ פּאַטש, אַז יענער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט געוועזן פון גומע, און דורכגעזייהט דורך די ציין:

— טכויר! וואָס האָסטו מיר צוגענומען ס'ווייב?

גרין האָט געזעהן, ווי דער גרויער מאַן האָט זיי צענומען, גע־פּועלט ביי דער דאַמע זי זאָל אַהיים גיין, געטרייסט דעם יונגן גוי, וואָס איז געזעסן און געכליפּעט, צי דערפאַר וואָס מען האָט אים געשלאָגן, צי דערפאַר וואָס די דאַמע איז אַוועק, און זיך דערמאָנט: Men have gone to heaven for smaller things than that.

אַ יונג בחורל, נישט קיין ראַזירטער, איז אַריינגעקומען פון קיך. יעדער האָט גרייט געהאַט אַ שמייכל, געוואָלט כאַפּן דעם בחורלס בליק, אים באַגריסן. נישט קוקנדיג אויף קיינעם, האָט ער דורכגעוואָרפן אַלעמען, זיך צוגעשאַרט צו מאַנדלען און זיך אַוועקגעזעצט. ביים טיש איז געוואָרן לעבעדיגער. אַלע האָבן געוואוסט, אַז איצט קען מען בעטן אויפן בחורלס חשבון וואָס ס'האַרץ גלוסט. דער בעל־הבית מיטן ווייב זיינען געשטאַנען הינ־טער זיינע פּלייצעס, גענומען באַשטעלונגען און געהאַלטן אין איין מאַכן קאָמפּלימענטן. דאָס בחורל, אַ מידער, האָט קיינעם נישט באַמערקט, אָפּגעשטופּט די בעלי־בתים פון זיך און גע־האַלטן אין איין טענהן צו מאַנדלען, וועלכער האָט אים קוים פאַרשטאַנען:

— נישט גוט צו זיין אַ זון פון אַ גרויסן מענשן! נישט גוט!

— ערפינדעט מען אַליין אַ טעלעפאָן! — האָט מאַנדל אים געגעבן צו פאַרשטיין האַלב אין יידיש.

— ס'וועט נישט העלפן! — האָט דאָס בחורל אים אַריינ־גערעדט אין אויער אַריין — מען וועט סיי־ווי־סיי נישט רופן ביים נאָמען, מען וועט אַלץ הייסן דעם טאַטנס אַ זון!

— איר ווילט ווערן באַרימט? — האָט מאַנדל אים אָנגע־נומען פאַר אַ האַנט — איך האָב פאַר אייך אַ פּלאַן!

— וואָס פאַר אַ פּלאַן?

— דאָס טעאַטער — האָט מאַנדל אָנגעהויבן — קען איך נישט מאַכן באַרימט. ס'איז קיין נייעס נישט אין אַמעריקע! איך האָב פאַר אייך עפּעס אַנדערש! פאָלגט מיך און גיט אַרויס אַ יידיש וואָכנבלאַט, איר שמייכלט?

— וועט מען זאָגן, אַז כ'פּטר דעם טאַטנס געלט! — האָט דאָס בחורל אָנגעשפּאַרט די פויסטן אָן טיש און אויף זיי אַרויס־געלייגט די געמבע.

איבער אַלעמענס קעפּ האָט זיך געטראָגן אַ וואַלס. אויפן צווייטן שטאָק האָט מען געטאַנצט. די דינע סטעליע האָט זיך אַזש געבויגן אונטערן וואַלס און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז איין גוטער שפּרונג, און די ברעטער וועלן זיך נעמען שיטן איבער אַלעמענס קעפּ. דער עולם איז נישט איינגעזעסן, זיך געהויבן צום טאַקט און יעדער האָט געזוכט אַ דאַמע, מיט וועלכער צו כאַפּן אַ טאַנץ.

נרין האָט אַ כאַפּ געטאָן בעסין מיט אַ האַנט אַרום דער טאַליע. אַ צעשטראַלטע האָט זי זיך צוגעטוליעט צו אים, נישט געפרעגט וואוהין ער פירט זי און אַרויפגעלאָפן מיט אים אויפן צווייטן שטאָק.

אין אַ גרויסן האַלבפינסטערן זאַל, איבער אַ גלאַנציגער פּאָדלאָגע, האָבן זיך געדרייט עטליכע פּאָרלאַך אונטערן טאַקט פון אַ וואַלס. אַ הויכער, דאַרער מאַן איז געזעסן ביי אַ פּיאַנאָ און געשפּילט מיטן גאַנצן קערפּער.

נרין איז געשוואומען מיט בעסין, נישט געפילט ווי זי ליינט זיך אים אויף די הענט, אַזוי לייכט האָט זי זיך אים אויס־געדוכט. ער האָט זיך געדרייט, געלאָפן מיט איר פון איין ווינקל אין צווייטן און וואו ער האָט דערזעהן אַ ליידיגע באַנק, זיך אַ לאָז געטאָן צו איר, איז יעדעס מאָל אויסגעוואַקסן אַ פּאָרל, פאַרנומען די באַנק און ער האָט זיך ווייטער געדרייט.

ווי זיינען שטיין געבליבן, זיך אָנגעקוקט, זיך צעשמייכלט און גליקליכע זיך צוגעזעצט. ביידע האָבן געפילט איינער דעם צווייטן עפּעס צו זאָגן, זיך פאַרשטאַנען אויפן בליק און גרין, אַרויפלייגנדיג זיין האַנט אויף אירער, האָט סתּם אַ פרעג געטאָן:

— נו, ווי טאַנץ איך?

— פיין, זעהר פיין!

אַ יונגערמאַן מיט אַ מיידלשע טאַליע איז אונטערגעקומען מיט אַ דאַמע:

— האַללאָו, גרין!

— האַללאָו, ליפּשיץ!

ליפּשיץ האָט צוגעפירט זיין דאַמע עטוואָס געהנטער און אָנגעוויזן אויף גרינען:

— באַקענט אייך. מיסטער גרין, אַ יידישער דיכטער, און דאָס איז מיס מאַער.

— זעהר אַנגענעם — האָט מיס מאַער עטליכע מאָל איבערגעחזרט און זיך אַוועקגעזעצט נעבן גרינען — ס׳ערשטע מאָל, וואָס כ׳באַקען זיך מיט אַ יידישן דיכטער.

גרין איז געווען בייז אויף זיך, פאַרוואָס ער האָט זיך פאַרלוירן פאַר דער דאַמעס נאָמען, כאָטש ער איז נישט געווען זיכער צי דאָס איז דעם מיליאָנער מאַערס אַ טאָכטער. ער האָט זי פאָרגעשטעלט בעסין, באַמערקט, אַז זי האָט זיך אויך פאַרלוירן, חשק געהאַט עפּעס צו זאָגן מיס מאַער, אַז זי זאָל זיך באַליידיגן, און געבליבן אַנטשוויגן.

— ווי כ׳זעה, זייט איר דאָ ס׳ערשטע מאָל — האָט ליפּשיץ זיך וואוילעריש געקלאַפּט איבער דער קני מיט אַ זיידענער הענטשקע און אויסגעזעהן צו זיין צופרידן מיט זיך.

— פאַרוואָס זייט איר אַזוי זיכער? — האָט בעסי אים אַ קוק אָן געטאָן און געפילט ווי זי ווערט רויט.

— פשוט דערפֿאַר ווייל כ׳זעה אייך דאָ ס׳ערשטע מאָל — האָט ער זיך צעלאַכט און די פּולע באַקן האָבן זיך ביי אים געראָטלט, ווי ביי אַן אָפּגעמאָלט מיידל.

— איר קענט דען אַלעמען, וואָס קומען דאָ אַהער? — האָט בעסי קוים געשמייכלט.

— כמעט — האָט ער זיך איינגעקוקט אינם זייגערל, וואָס האָט ביי אים געשטעקט אין אַ לעדערנעם בראַסלעט, פֿאַרשנאַלט אַרום דער האַנט — כ׳קום דאָ דריי מאָל אַ טאָג פֿאַר די לעצטע צעהן יאָר. פֿינף בעלי־בתּים האָבן זיך שוין געטוישט דורך דער צייט, און דער עולם, פֿאַרשטייט איר מיך, איז אַ געקליבענער, וואַרפֿט זיך אַ נייער פּנים גלייך אין די אויגן! אָט ווייז איך אייך, כ׳בין איצט דורכגעגאַנגען מיט מיס מאַער — ער האָט זיך בשעת־מעשה צוגעבויגן צו בעסין, צוגעלייגט אַ האַנט צום מויל, גערעדט שטילער — דאָס איז דעם מיליאָנער מאַערס יינגסטע טאָכטער — האָט יעדער איינער אונז נאָכגעקוקט. גלייך דערקענט, אַז זי איז נישט פֿון „ווילעדזש“. יעס, מיך קען דאָ יעדער. צומיינסטן ווייסן צומאָל נישט, אַז כ׳הייס ליפּשיץ, אַלע רופֿן מיך בעטהאָווען.

— איר זייט דען אַ קאָמפּאָזיטאָר? — האָט בעסי אים געפֿרעגט.

— נאָ, — האָט ער געמאַכט אַ מינע, ווי אַ פֿאַרשעמט מיידל — איך בין אַ קריטיקער! אויב איר אינטערעסירט זיך מיט מוזיק און לייענט „די צייט“, דאַרף אייך מיין נאָמען זיין באַקאַנט. כ׳שרייב צוויי מאָל אַ וואָך אונטערן נאָמען „ליאָ“.

בעסי האָט זיך געפֿילט שולדיג, וואָס זי האָט אַזאַ נאָמען קיינמאָל ניט געהערט, איז זי רויט געוואָרן, זיך פֿאַרלוירן, וואָס זי איז רויט געוואָרן און געשטאַמלט:

— געלייענט, אוודאי געלייענט! זייט איר דאָס? אָ, זעהר אַנגענעם!

ליפשיץ, אַ צעשמאָלצענער פון נחת, האָט זיך עטוואָס אונ־
טערגעהויבן, גענעבן בעסין די האַנט, מעשה ספּאָרט, פון אויבן
אַראָפּ און איינגאַנצן האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ יונג מיידל, וואָס
קריגט דעם ערשטן קאָמפּלימענט. ביי אים אין מוח האָט זיך עפּעס
אָנגעהויבן פּלאָנטערן פון אַ מיט, ווי ביי אַ קנויל, וואו מען קען
קיין אָנהויב ניט געפינען, געזעהן, אַז דאָס שווייגן פאַרציהט זיך
שוין אַביסל צו לאַנג און אַז דאָס קען שטערן מיס מאַער דעם
שמועס מיט גרינען, האָט ער אָנגעהויבן וואָס ס'איז אים גע־
קומען אין קאָפּ אַריין:

— יעס, מיט גרינען זיינען מיר אַלטע פריינט! כ'בין אויך
אַמאָל מיט יאָרן צוריק געווען אַ העברעאישער לערער, גוט אָבער
וואָס כ'בין עס פּטור געוואָרן! כ'פאַרשטיי טאַקע נישט ווי ר'נאָך
כ'האָב דעמאָלט געלעבט? אַז אויף ציגאַרעטן גייט מיר היינט
מער אַוועק וויפיל כ'האָב דעמאָלט פאַרדינט! טענה איך מיט גרינען
— וואָס דאַרפסטו עס? גרין איז אַ טאַלאַנטפולער מענש און
איך האָב אַ גרויס באַקאַנטשאַפט, איז ווען ער וואָלט נישט געווען
אַזאַ איינגעשפּאַרטער, וואָלט איך שוין פאַר אים עפּעס געקראָגן!
דען לאָמיר זיך נישט נאַרן, ווען איך רייס זיך נישט באַצייטנס
אַרויס פון דער איסט־סייד, וואָס וואָלט פון מיר געוואָרן? אַ גע־
נאָסע! פונקט אַזאַ תכלית, ווי פון טויזנט אַנדערע, וואָס גיבן
אַוועק זייערע בעסטע יאָרן, פטרן קאַריערעס, אַבי אַ פּאָר דע־
מאַגאָגן, זייערע פאָרשטייער, זאָלן קענען לעבן ווי די גראַפן!

— לויט אייך, מיסטער ליפשיץ — האָט בעסי אים איבער־
געריסן — זיינען גאָר קיין אָרנטליכע מענשן נישט פאַראַן!

— פאַראַן, אָבער נישט צווישן פירער פון פאַרטייען. יע־
דער פירער, כמעט אָהן אויסנאַם, איז אַ דעמאַגאָג! איך בין אי־
בערצייגט, אַז די אמתטע, אינטערעסאַנטסטע מענשן זיינען די
שלעפּער און מיליאָנערן. ביידע דאַרפן קיינעם נישט חנפענען,
דאַרפן קיינעמס טובה נישט... יעס, וואָס האָב איך געוואָלט

אויספירן? — האָט ליפשיץ איינגעקנייטשט דעם שטערן — יע, לעצטע וואָך בין איך געווען פארבעטן צו הילדהיימען אויף אָוונטברויט — דאָס איז דער ייִנגסטער ברודער פון די קופּער־מאַגנאַטן. ביים עסן האָט ער מיר פאָרגעליייענט לידער פון אַ יונגן סערבישן דיכטער, גאַנץ טשיקאַווע לידער, האָב איך גראַדע געהאַט ביי זיך גרינס לעצטע סעריע און זי אים פאָרגעלייענט. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? ער וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז מען זאָל אין ייִדיש קענען שרייבן אַזעלכע לידער און מיך זעהר געבעטן, כ׳זאָל גרינען ברענגען צו אים. דאַכט זיך גוט, האַ? דאַרף מען אַ בעסערע געלעגנהייט? טענהט גרין, אַז הילד־היים וויל אים זעהן, לאָז ער קומען צו אים, ער האָט אויך אַן אַדרעס. זאָג איך אייך, אַז דאָס איז פון אים אַ משוגעת! איך, וואָלט פאַר איין לעזער ווי הילדהיים אַוועקגעגעבן די פאָר הונ־דערט לעזער פון דער איסט־סייד! נאָר גאָרנישט — האָט ליפּ־שיץ געשמייכלט — גרינען דאַרף מען אַלץ מוחל זיין! איר ווייסט, אַז ער איז אַ גרויסער דיכטער?

— אודאי ווייס איך! — האָט בעסי שטאָלץ געענטפערט און זיך פאַררויטלט.

— איך שרייב אויך פּאָעזיע — האָט ליפשיץ אַריינגעוואָרפן, ווי ער וואָלט גאָרנישט אויסן געווען — אַזוי פאַר זיך, כ׳דרוק אָבער נישט, יעס, האָט איר מאָרגן צייט?

— וואָס איז דען?

— מאָרגן אָוונט זינגט קאַרוזאָ אין לאַ־בּאָהעם.

— כ׳ווייס. ער זינגט אין סטאַדיום פון סיטי קאָלעדזש, כ׳האָב אָבער קיין בילעט מער נישט געקענט קריגן.

— אויב איר האָט נישט דאַגעגן — האָט זיך ליפשיץ עט־וואָס אונטערגעהויבן און זיך פאַרנויגט — קען איך אייך מיט־נעמען אין מיין לאָזשע.

— אין געגנטייל — האָט בעסי אים געדאַנקט, געוואָלט ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פון איר, בייז געווען, וואָס גרין האָט זיך אַזוי פאַררעדט מיט דעם מיליאָנערס טאָכטער, אַז ער האָט אָן איר איינגאַנצן פאַרגעסן, און געטראַכט ווי ר׳נאָך אים געבן אָנצוהערן, אַז זי וויל גיין אַהיים.

— טאָ וואו וועל איך אייך באַגעגענען מאָרגן? — האָט ליפּ־שיץ זי געפרעגט.

— וואָס? — האָט זיך בעסי אַ כאַפּ געטאָן — וואו איר וועט מיך טרעפן? קומט אַריבער נאָך מיר אום זיבן אור, באַלד

— גוט, קומט אום זיבן, וועט איר קומען?

— וואָס פאַר אַ פראַגע? — האָט ליפּשיץ אַרויסגענומען אַ נאָטיץ־ביכל — וואו וואוינט איר?

— ניט ס׳ביכל, וועל איך אייך פאַרשרייבן.

מיס מאַער האָט זיך דערווייל אויפגעשטעלט, זיך געזעגנט מיט גרינען און אויסגעשטעקט אַ האַנט צו בעסין:

— אייער באַקאַנטשאַפט איז מיר זעהר אַנגענעם! צום ווידערזעהן!

אַז מיס מאַער מיט ליפּשיצן זיינען אַוועק, איז בעסי גע־בליבן זיצן אַן אָנגעצויגענע מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. גרין האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָס זאָל באַטייטן, און זיך צוגערוקט צו איר:

— וואָס איז בעסי? ביזט ברוגז?

— אוודאי בין איך ברוגז!

— אויף מיר?

— אויף דיר!

— פאַרוואָס?

— פאַר... דו ווייסט...

— אסור — האָט ער זי אָנגענומען פאַר דער נעמבע.

— דו לאָזט מיך זיצן אַזוי לאַנג, גיי!

— ביזט דאָך געזעסן מיט ליפּשיצן?

— ער איז אַ נאַר!

— ביזטו טאַקע ברוגז?

— אוודאי בין איך ברוגז! — האָט זי אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן אים—כ׳ווייס נישט, וואָס דו האָסט געהאַט צו ריידן אַזוי פיל מיט מיס מאַער? זי איז דאָך דיר אַ ווילד־פרעמדע?

— ווייל זי איז אַ פרעמדע איז דאָ וואָס צו ריידן — האָט גרין געשמייכלט.

— ווען זי וואָלט נישט געווען אַ מיליאָנערס אַ טאָכטער...

— וואָס? — האָט גרין איר איבערגעשלאָגן די רייד.

— גאָרנישט...

— שעם זיך, בעסי! גיי, — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך עטוואָס אָפּגערוקט פון איר.

ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז ער איז געפּענטעט, חשק געהאַט אין דער זעלבינער רגע אויסצורייסן אַליין מיטן וואָרצל, קיין זאַך נישט צו דערלאָזן, אַבי ער זאָל בלייבן פריי. בעסי האָט אונטערגעשפּארט דעם קאָפּ מיט אַ האַנט, פאַרשאַרצט די איבערשטע ליפּ און געביסן מיט די צוויי ציין די אונטערשטע. די אויגן זיינען ביי איר פאַרלאָפן און טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער די באַקן. גרין האָט נישט געקענט זעהן קיין טרערן, גע־פילט ווי דער כעס לאָזט נאָך און זיך צוריק צוגערוקט צו איר.

— נו, בעסי, באַרוהיג זיך!

— אַז כ׳האָב דיך ליב!

— זאָג נישט, קינד מיינס!

— פאַרוואָס?

— ווייל דיין טאַטע וועט נישט נעמען א מלמד פאַר אַן איידעם!

— ער וועט יאָ נעמען!

— ער וועט נישט נעמען!

— וועל איך קומען צו דיר, גוט?

— גוט!

— מיין גרויס יינגל! ווייסט, ליפשיץ האָט מיך איינגעלאַדן כ׳זאָל מאָרגן גיין מיט אים אין סטאַדיום, קאַרוזאָ זינגט, זאָל איך גיין?

— ניי, פאַרוואָס נישט?

— און דיך וועט נישט אַרן?

— פאַרוואָס זאָל מיך אַרן?

— און איך וויל ס׳זאָל דיך אַרן!

— ביזט אַ נאַרעלע!

— טאָ פאַרוואָס וואָלט מיך געאַרט, ווען דו גייסט מיט אַ צווייטער?

— ווייל ביזט אַ נאַרעלע!

— מיין יינגל! ווייסט, כ׳האָב זיך טאַקע שטענדיג פאָרגע־שטעלט, אַז אַ דיכטער איז אַן אַנדער מענש, טוט נישט די אַלע מיאוסע זאַכן, וואָס מיר טוען, אמת? הער איין, וואָס איז ליפשיץ, אַ קריטיקער?

— ער איז אַ גאָרנישט!

— וואָס מיינסטו?

— כ׳מיין — האָט גרינען באַנג געטאָן צו וואָס ער האָט זיך אַרויסגערעדט און עס געוואָלט צוריקכאַפּן — ער איז אַ גאַנץ פּע־היגער יונגערמאַן... שרייבט איבער מוזיק... שרייבט לידער אויך, וואָס ווילסטו נאָך?

— ניין — האָט זי זיך געטוליעט צו גרינען — כ׳וועל נישט גיין מיט אים.

— אַז דו וועסט נישט גיין, וועל איך מיט דיר זיין ברוגז! — האָט גרין זי אַרומגענומען.

— כ׳וועל אסור גיין! — האָט זי זיך געפּיעשטשעט.

ער האָט זיך צעלאַכט, זי אַרומגעכאַפּט, געקושט וואו ער האָט נאָר געטראָפן. גליקליכע זיינען זיי געזעסן אין דעם האַלבליידיגן

זאַל, בײַ אַן אָפֿן פֿענסטער, נישט באַמערקט ווי פֿאָרלאַך האָבן יעדע ווײַלע פֿאַרבײַגעטאַנצט, נישט געזעהן ווי די נאַכט האָט געשפּונען, געשפּונען, פֿאַרענדיגט דעם שוואַרצן געוועב און דער פֿריהמאָרגן האָט דאָ און דאָרט זיך גענומען אַרויסדריוולען אין העלע שטרײַפֿן.

דער אײַנגנטימער, אַ פֿאַרשלאָפֿענער, אין אַ לױזן כאַלאַט, האָט יעדע ווײַלע אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ, געקוקט צי מען קען שוין פֿאַרמאַכן און גערעדט עפּעס צו זיך.

מיטן טאָג זײַנען זיי אַרויס אויף דער גאַס. ס'איז געווען שטיל. זיי זײַנען געגאַנגען געאָרעמט, מיט פֿאַרריסענע קעפּ. אַ מיטליעריגער איטאַליענער, וואָס האָט צוגענומען די פּעסער מיסט, האָט אָפּגעשטעלט דעם וואָגן, זיי נאָכגעקוקט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, האַסטיג אויסגע־ליידיגט אַ פֿאַס מיסט אין וואָגן אַרײַן, אַ טרײַב געטאָן ס'פֿערד און זיך פֿונאַנדערגעפּייפֿט.

VII

פרידקין האָט געשפּרייזט איבערן חדר און זיך איינגעהערט ווי זיינע תּלמידים זאָגן עברי. און אַז די קינדער האָבן זיך צעזונגען אויף דער העכסטער אָקטאַווע, האָט זיך פרידקין אַוועקגעזעצט אויף זיין שמאָלן און הויכן בענקל און מיט הנאה באַטראַכט, ווי די חבֿרה מאַכן „פּיסקעס". אים פלעגט זיך דאַכטן, אַז דער ברייטביינינגער דזשייקל מיט די הערלאַך ביז דעם האַלבן שטערן, זעהט פּונקט אויס ווי אַ ביקל, און אַז ער זאָגט נישט, נאָר ער שלינגט; סעם בלאָזט זיך אָן ווי אַן אינדיק, שפּריצט, און אַז ס'קומט צו „בן בג-בג", דאַכט זיך, אַז ער שפּייט אויס די ווערטער; פיליפּ האָט אַ פּנים ווי אַ פויגל מיט אַזאַ לאַנגן, דאַרן נעזל און דאָס יינגל שמייכלט תּמיד. פרידקינען פּאַלט איין, אַז ס'וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו מאַכן דעם יינגל וויינען — עס האָט זיך אים געוואָלט וויסן, צי זיין פּנים וועט דעמאָלט אויך שמייכלען. ער האָט גענומען שפּרייזן מיט דער ווירע אין דער האַנט און מיטאַמאָל זי אַראָפּגעלאָזט איבער פיליפּס הענטל.

פיליפּ האָט אַ צאַפּל געטאָן, אויסגעשריען „אַאוטש", נעכאַפּט זיין הענטל צום מויל און בלאָזנדיג האָט ער זיך צעוויינט. דער גאַנצער קלאַס האָט אויפגעהערט זאָגן און אַלע האָבן מיט הנאה געקוקט, ווי דאָס יינגל וויינט. פרידקין איז געשטאַנען און באַטראַכט פיליפּן. ער האָט געוויינט, זיך פאַרגאַנגען אַליין

הענער, און אין צווייטן צימער האָט דער לערער אויך אויפגעהערט צו זאָגן מיט די קינדער — האָט זיך פרידקין עטוואָס דערשראָקן, אַז דער פרעזידענט,וואָס האָט זיך געדרייט אין קאָרידאָר, זאָל נישט דערהערן — האָט ער געהייסן אַלעמען זאָגן מיטאַמאָל, אַזוי, אַז מען זאָל איבערשרייען דעם קינדס שטימע. אַליין האָט ער צו־געקלאַפּט צום טאַקט מיט דער ווירע אין טיש, געגלעט פּיליפּן ביז ער איז טאַקע אַנטשוויגן געוואָרן.

פרידקינען איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן, אַז ער איז אַ קאָ־מאַנדיר און די אַלע ממזרים — זיינע זעלנער, מוזן אים פאָלגן, אָט:

— בּי קוויַט! (זייט שטיל) — און דער גאַנצער קלאַס איז געבליבן שטיל.

— גאָ אהעד! (גייט ווייטער) — און אַלע זאָגן!

ער האָט געשפּרייזט אַ צופרידענער איבערן חדר, געקלאַפּט מיט דער ווירע און געזונגען מיט א סקאַרבאָוון ניגון:

„— — — מאין באת? מטפּה סרוחה! ולאָן אתה הולך? למקום עפר, רמה ותולעה!"

און די קולות זיינען געוואָרן אַלץ שטאַרקער, זיך געריסן פון די קינדערס מיילער, אָפּגעהילכט אין ענגן צימער, און אַז מען האָט זיך לאַנג איינגעקוקט, האָט זיך געדאַכט, אַז פון די געשרייען העננט איבער די קינדערס קעפּ אַ שטויבינער נעפּל.

סידני, אַ בּחורל פון אַ יאָר דרייצן, איז געזעסן מיט אַן אָפן מויל, געשאָקלט מיט די ליפּן, אפנים אָפּצונאַרן דעם לערער, אַז ער זאָגט, בּשעת מעשה געמאַכט קייקעלאַך פון פּאַפּיר, זיי גע־נעצט אין מויל און געשאָסן אין אַנדערע יינגלאַך.

פרידקין האָט עס באַמערקט, זיך געמאַכט נישט זעהענדיג און הינטערוויילעכס אים אַראָפּגעלאָזט די ווירע איבער די פּליי־צעס. דאָס יינגל איז אויפגעשפּרונגען, אַ געשריי געטאָן צום לע־רער: „גראַרי־היר!" — און זיך צעוויינט.

די חברה זיינען מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, אויפגעשפּרונגען אויף זייערע פּלעצער, בּרייט צעעפנט די נייגעריגע אויגעלאַך און געמורמלט:

— קיס הים, טיטשער, קיס הים! (טו אים אַ קוש, לערער).

פרידקין איז געוואָרן ווי פּאַרטויבּט פון דער פּלוצלונגער שטילקייט. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַרן קלאַס און מיט כּעס גענומען שלאָגן דעם יינגל. סידני האָט זיך צעקוויטשעט, אַרויס פון דער בּאַנק, איינגעקוועטשט די פויסטן, זיך געשטעלט אין אַ פּאָזע פון אַ „פייטער" (בּאָקס-קעמפּער) און זיך פאַרמאָסטן אויפן לערער.

פרידקינען האָט דאָס בּלוט אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין. ער האָט געכאַפּט דאָס בּחורל, אים אויפגעהויבּן, מכבּד געווען מיט עטליכע „בּענקלאַך" אין געזעס אַריין, געעפנט די טיר און מיט אים אַרויס אין קאָרידאָר.

דער גאַנצער קלאַס איז אַרויף אויף די בּענק און מיט אַ ווילדן „הוראַ" בּאַגלייט דעם לערער מיטן תּלמיד.

פרידקין איז צוריק אַריין אַ בּלאַסער. ער האָט חשק געהאַט צו צערייסן דעם גאַנצן קלאַס, געזוכט מיט די אויגן אויף וועמען אויסלאָזן זיין כּעס.

די חברה האָבּן אינסטינקטיוו פאַרשטאַנען, אַז איצט איז אַ געפאַר אָנצוהויבּן מיטן לערער, זיינען זיי אַלע געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און זיך געשטיקט פון געלעכטער. פרידקין האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער ווירע אין טיש און דער קלאַס האָט זיך ווידער צעשריען.

אים איז מיטאַמאָל אַליץ נמאס געוואָרן. דער ענגער קלאַס, די שמוציגע פּנימער פון די קינדער און זייערע ווילדע קולות.. ער האָט זיך נישט איינגעהערט, וואָס זיי זאָגן, בּלויז געפילט ווי די קולות מישן זיך אויס, ווי עס גרילצט אין די אויערן, ווי די

הייטלאַך ציהען זיך אָן ביז צום פּלאַצן — — — און דאָס זעלביגע חזרט זיך איבער פאַר די לעצטע צוועלף יאָר. ער האָט פון כעס אַ רוק אַרויף געטאָן דאָס פענסטער, דערזעהן עטליכע יונגעלייט, וואָס קוקן מיט ערשטוינטע אויגן אַרויף צו אים, וואונ־דערן זיך, וואָס דאָרט קומט פאָר — האָט זיך פרידקין פאַרשעמט, צוגעהאַקט דאָס פענסטער און אַוועק אין אַ ווינקל. ער האָט געפילט, ווי די קולות פאַרטויבן אים, יאָגן אָן אַ שווערע מידקייט איבער אַלע זיינע גלידער און ער האָט זיך צוגעזעצט.

אים איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן, אַז ער איז אַ מאַראָקער רבי, טראָגט אַ טורבאַן, זיצט אויף דער ערד מיט די פיס אונטער זיך, האַלט אַ יאַמבוס אין דער האַנט און שרייט, ממיתט די תּלמידים. עס האָט זיך אים נישט געגלויבט, אַז דאָס קומט פאָר אין אַמעריקע, אַז פרידקין מאַכט דאָ אַזעלכע קולות, שלאָגט צום טויט די קינדער.

ער האָט דערפילט אין קאַרק ווי אַ פּאָר אויגן קוקן אויף אים, אַ ציטער געטאָן און זיך אויסגעדרייט. פאַר אים איז געשטאַנען מיסטער טורש, איינער פון די גרינדער פון דער „היברו־סקול“. מיסטער טורש, אַ ייד אַ גביר, איז תּמיד געגאַנגען מיט פאַרלייגטע הענט פון הינטן. ער איז אַריין לייכט מיט אַ פאַררייסענעם קאָפּ, אַ שאָקל געטאָן צום לערער מיט זיין לאַנגער גרויליכער באָרד אַזוי קונציג, אַז דאָס פּנים האָט זיך נישט באַוויזן, און זיך איינגעהערט ווי די יינגלאַך זאָגן, פאַרקוועטשנדיג איין אויג:

— קינדער, „דאָנט קעטש“*) — האָט ער זיך געווענדעט צום קלאַס און אַליין גענומען מיטזינגען — טראַ — טאַ — טאַ — טאַ, טראַ — טאַ — טאַ — טאַ! — און צוגעקנאַקט מיט אַ פינגער.

ער האָט געפרעגט אַ יינגל די ברכה פאַר „פלוימענצימעס“, געבעטן פרידקינען, ער זאָל יעדן טאָג זאָגן מיט די קינדער

*) כאַפּט ניט.

„ברכות־הנהנין“, מער אַכטונג געבן אויף די „שוא נע און שוא נח“ — און נעקוואָלן ווי די חברה זאָגן עברי.

פרידקין איז געשטאַנען אין דרייען אַ געבויגענער, געהאַלטן איפּן אויג יעדעס ייִנגל, זיך געווישט דעם נאַסן שטערן און געטראַכט, אַז מען דאַרף עפּעס אַריינוואַרפן אַ וואָרט, לאָז ער נישט מיינען, אַז פרידקין איז אַ תּם. ער האָט געוואַרט מיסטער טורש זאָל אַ קוק טאָן אויף אים, האָט ער געוויזן מיט דער האַנט אויף זיין נאַסן שטערן און הכנעהדיג אַ שמייכל געטאָן:

— אַ חמימה...

— האַ, האַ, האַ — האָט זיך טורש הילכיג צעלאַכט — ס'איז קיין עין־הרע דאָ, וואָס ס'זאָל וואַרמען! מה־דאָך — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ ניגון — די גמרא זאָגט, אַז פון בלויזן הויך פון קינדער, וואָס לערנען, ווערט שוין וואַרעם, על אחת כמה וכמה...

דאָ האָט זיך טורש צעפּינטלט, נישט געוואוסט ווי צו ענדיגן די „תּורה“, אַ קלאַפּ געטאָן פרידקינען אין דער פּלייצע, זיך פונאַנדערגעלאַכט און גענומען אַרויסגיין. ביי דער טיר האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט עפּעס פאַרגעסן, זיך אויסגעדרייט, געשטעלט אַ טריט און זיך געווענדעט צו פרידקינען:

— מיסטער פרידקין...

פרידקין איז אונטערגעלאָפן, מאָדנע געשמייכלט, ווי ער וואָלט געזאָגט: — איר דאַרפט זיך נישט מטריח זיין, מיסטער טורש, אָט בין איך!

— מיר האָבן דאָך היינט עפּעס אַ שטיקל „מיטינג“. דער ועד עמי־הארצים — האָט טורש זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט פאַרן מויל, זיך אַרומגעקוקט און געשמייכלט פון דער אייגענער חכמה — כ'מיין דער ועד־החנוך וויל זיך דורכריידן מיט די לערער. איר ווייסט — איז טורש געוואָרן מיטאַמאָל ערנסט —

מיר געפעלט עס איננאַנצן נישט! וואָס וויל ער, מיסטער שולץ? דער „סיסטעם“ געפעלט אים נישט?

— דאָס זאָג איך דאָך — האָט פרידקין אָנגעהויבן צו שטאַמלען — אונזער „היברו“ איז פונקט אַזוי גוט, ווי יעדער סקול אין „גרייטער-ניו-יאָרק“, אלא-מה? עפּעס אַ לערער גרין, וואָס שרייבט לידלאַך אין די יידישע צייטונגען — — —

— וואָס שרייבט ער? — האָט טורש צוגעלייגט אַ האַנט צום אויער ער זאָל בעסער הערן.

— לידלאַך שרייבט ער — איז פרידקין געוואָרן דרייסטער — ער שרייבט יידישע „סאָנגס“ *), וויל ער איינפירן מען זאָל לערנען זשאַרגאָן, ווי כ׳בין אַ ייד!

— טע, טע, טע — האָט טורש פאַרקוועטשט דאָס רעכטע אויג און געשאָקלט מיטן קאָפּ — אַזוי גאָר? נו, מיר וועלן זעהן!

אַז טורש איז אַרויס האָט פרידקין לייכטער אָפּגעעטעמט. אים האָט הנאה געטאָן, וואָס ער האָט גרינגען אונטערגעשטעלט אַ פיסל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, זיך נישט איינגעהערט וואָס די קינדער זאָגן, עטליכע מאָל פּרובירט אַ טראַכט צו טאָן, וואָס גרינען צו ענטפערן, גאָרנישט געקענט צוטראַכטן און אַ מידער איז אים אויפן זינען געקומען דעם סעקרעטאַרס טאָכטער, מיס קליין. ווער ווייס, אפשר איז עס טאַקע פאַר אים אַ שידוך? מען דאַרף געבן אָנצוהערן דעם סעקרעטאַר, אַז ער וועט זיין ביי אים אין אָוונט, זאָל ער מיינען — — — דערווייל קען ער ביים „מיטינג“ אַריינוואַרפן אַ וואָרט, שאָדן קען עס נישט!

פרידקין האָט זיך אַרומגעקוקט. דער קלאַס איז נישט געווען רוהיג. טייל יינגלאַך זיינען געשטאַנען, זיך געשפּיגן איינער דעם צווייטן אין די פּנימער, אַנדערע האָבן זיך געשלאָגן. ער האָט

*) סאָנגס — זינג-לידער.

אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער ווירע און אַרויסגערופן אַ צעשראָקן, אויסגעשמירט ייִנגל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ באַנק.

— גיב אַ האַנט!

ס׳ייִנגל האָט געקוקט אויפן לערער, אויף די קינדער, אויסגעשטרעקט אַ טרייסלענדיגע האַנט, געצאַטעוועט פֿרידקין זאָל אים נישט אַ קלאַפּ טאָן און געהאַלטן אין איין כאַפּן די האַנט צו זיך.

— וויפֿיל ווירעס ווילסטו?

דאָס ייִנגל האָט צעשראָקן געשמייכלט און געענטפֿערט:

— גאָרנישט.

פֿרידקין האָט אים דערלאַנגט מיט דער ווירע איבער דער האַנט און אים אָנגענומען פֿאַר אַן אויער:

— וויפֿיל צאָלסטו אַ וואָך?

— כ׳צאָל נישט.

— ביזט אַ יתום?

— יעס־מעם!

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— נו פֿרעג איך דיך—האָט פֿרידקין אָנגענומען דעם ייִנגל פֿאַר דער געמבע — אַ ייִנגל, וואָס האָט נישט קיין טאַטע, אַ יתום, וואָס צאָלט ניט קיין שכר־למוד, זאָל זיין אַזוי שלעכט? ווייסטו אַז יעדע מינוט, ווען דו ביזט נאָר שלעכט, וואַרפֿט מען דיין טאַטן מיט אַ שטאַפּל נידעריגער, אַז דיין טויטער טאַטע ליידט איבער דיר, קען נישט ליגן אין קבר, ווייסטו עס?

ס׳ייִנגל האָט זיך פֿאַרשעמט און מיט פֿאַרלאָפֿענע אויגן ווי אַ שולדיגער געענטפֿערט:

— איך זאָג יעדן טאָג קדיש!

— דאָס איז ווייניג — האָט זיך פֿרידקין אויסגעגלייכט, הנאה געהאַט, וואָס ער האָט איבערגעשראָקן דעם ייִנגל — אויב דו ווילסט נישט דיין טאַטע זאָל זיין אין גיהנום, זיי גוט, טשעפּע

זיך מיט קיינעם נישט, פאָלג דיין לערער, דען אַז מען האָט קיין טאַטע ניט, איז דער לערער דער טאַטע, אַז נישט וועט מען אים בראָטן און ברענען...

דער קלאַס איז געוואָרן רוהיג. די ייִנגלאַך האָבן זיך איינגעהערט און יעדן איז אויפן זינען געקומען אַן אַנדער מעשה וועגן טויט, וואָס ער האָט געהערט פון זיין מוטער. אַלע האָבן געקוקט אויפן ייִנגל, רחמנות געקראָגן, וואָס ער האָט קיין טאַטע ניט, און זיך געשושקעט.

אַ צופרידענער, וואָס ער האָט אַזוי איבערגעשראָקן דעם קלאַס, האָט פרידקין זיך צוגעזעצט, אַרויסגענומען דאָס זייגערל — נאָך אַ פערטל שעה.

די טיר האָט זיך פּלוצלונג אויפגעפּראַלט און אַ דאַרע, שוואַרצע יידענע, ווי אַ שד, איז אַריין. נאָך איר האָט זיך נאָכגעשאַרט, אונטערשפּרינגענדיג אויף איין פיסל, דער געלער סידני מיט אַ לאַכנדיג, גנבהש אויגל.

די יידענע האָט אַראָפּגערוקט דאָס טיכל פון קאָפּ, גענומען איר געל בחורל פאַר דער האַנט און זיך געווענדעט צו פרידקינען מיט אַ מענה־לשון:

— דו ביזט דאָס זיין רבי? דו ווערסט דאָס שלאָגן מיין קינד, אַזאַ שוואַך קינד, אַז דערשלאָגן זאָלסטו ווערן? זעה נאָר, זעה אין אַמעריטשקע ווערט דאָס אַ מלמד?! אַזאַ יון! אַזאַ גאָלעמאָרדע! אַ גליק, וואָס „מיינער" איז נישט אין דער היים, אַז נישט וואָלסטו זיך אַ ווייסט יאָר אויסגעריכט!

פרידקין איז געשטאַנען אַ צעטראָגענער, נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, געקוקט אויף דער דאַרער יידענע, אויף איר שמדלניק סידנין, ווי ער האָט אונטערגעוואונקען צו דער חברה מיט אַן אויגל...

און די יידענע האָט ווייטער געשריען:

— אַ חטא, סידני האָט נישט געוואוסט וואו ער האַלט! וועט ער נישט זיין קיין רבי, בין איך ווייטער בדלות! מען שלאָגט נישט היינטיגע צייטן, ס'איז נישט יוראָפּ! *).

פרידקין איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן, זיך געטרייסלט:

— אַרויס פון דאַנען, מכשפה!

באַלד איז אַריין דער סעקרעטאַר און אַלע זיינען אַרויס פון קלאַס.

אַז פרידקין איז צוריק אַריין, זיינען שוין די קינדער נישט געווען. ער האָט דערזעהן אויפן ברעט, וואָס האָט געהאַנגען אויף דער וואַנט, אַן אויסגעמאָלטן מענש מיט אַ שישקע אויף דער נאָז. אונטערן מענש איז געשטאַנען אויפגעשריבן: „פּראָפעסאָר פרידקין". פרידקין האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן, אָפּגעמעקט זיין נאָמען, גענומען דעם שטעקן און איז אַראָפּ אין שול צום „מיטינג".

---

*) יוראָפּ — אייראָפּע.

VIII

אַז פרידקין איז געקומען צום מיטינג זיינען שוין אַלע געווען אין שול. די שול איז געווען קוים באַלויכטן. בלויז צוויי גאַז־רערן האָבן געברענט אויף דער מזרח־וואַנט, וואו דער „ועד־החנוך" מיט די לערערס זיינען געזעסן און געוואַרט אויף פריד־קינען. די קליינע שול, מיט דער ווייסער געוואַשענער פּאָדלאָגע, וואָס האָט אַזש געפינקלט פון ווייסקייט, מיט די ליידיגע, שטומע בענק, ווי אויף זיי וואָלט קיינמאָל קיינער ניט געזעסן, אַלץ האָט געווירקט, אַז יעדער איינער, ווער ס'איז אַריינגעקומען אין דער שול, האָט גענומען גיין פּאַמעלאַכער, גערעדט שטילער, זיך איינ־געהערט אין זיין איינן קול, אַזוי פרעמד האָט עס אָפּגעקלונגען.

פרידקין האָט זיך פאַרלוירן, עפּעס אַ שאָקל געטאָן צום פּרע־זידענט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט אים באַגריסט און זיך געזעצט אויפן ערשטן ליידיגן אָרט.

— אויף וואָס וואַרט איר, רבותי? — האָט טורש מיט אַ שמייכל צעגומען זיין לאַנגע באָרד.

— טאַקע אויף וואָס? — האָט גאַנז, אַן עלעגאַנט יידל, גע־האַלטן אין איין דרייען זיין בריליאַנטן פינגערל, וואָס האָט זיך געצונדן אין גרין־בלויע רויט, — מיר קענען דאָך אָנהויבן!

דער פּרעזידענט האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט געוואָלט וויסן צי אַלע זיינען שוין דאָ, זיך פאַרלוירן און געוואָרן בלאַס, ווי איינער וואָס גייט ס'ערשטע מאָל ריידן פאַר אַ פּובליקום. ער

האָט זיך אַ וויש געטאָן מיט אַ טיכל דאָס מויל און אָפּגעהוסט:
— כ׳מיין — — אַלע ווייסן צו וואָס מיר זיינען זיך דאָ צונויפּגעקומען... מיר דער „ועד־החנוך“ — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געוויזן אויף טורשן און גאַנזן — זעהען איין, אַז אונזער סקול פירט זיך נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין —
— — איך וויל דאָ חס וחלילה קיינעם נישט באַשולדיגן, איך מיין מיר דאַרפן זיך דורכשמועסן און טאַקע פרעגן ביי די לערערס, זיי פאַרשטייען זיך אויף „חנוך“ בעסער ווי מיר, און צוזאַמען אויסאַרבעטן עפּעס אַ נייעם „סיסטעם“, וואָס זאָל בעסער אַרבעטן.
דער פּרעזידענט האָט זיך אָפּגעווישט דעם שטערן, ווי ער וואָלט אָפּגעטאָן אַ שווער שטיקל אַרבעט, און געוואַרט עמיצער זאָל זיך אָנרופן, עס איז געוואָרן שטיל. די לערערס זיינען געזעסן ערנסטע, געטראַכט וואָס צו זאָגן. ס׳האָט זיך בלויז געהערט דאָס קלאַפּן פון וואַנטזייגער, וואו פון דער שויב האָבן אַראָפּגעקוקט גרויסע גאָלדענע אותיות: מרת חיה שוליק, נ״ע, אַ מתנה פון פּרעזידענט נאָך זיין פאַרשטאָרבענער מוטער.
— נו, מיסטער פרידקין — האָט טורש זיך געווענדעט צום פּרינסיפּאַל — וואָס שווייגט איר?
— מיסטער פרידקין איז דאָ לענגער פאַר אונז אַלעמען — האָט גרין זיך אָנגערופן — איז טאַקע אינטערעסאַנט צו הערן זיין מיינונג!
— איך — האָט פרידקין גענומען שטאַמלען און געבלאָזן די באַקן, ווי ער וואָלט עפּעס געקייט — כ׳ווייס נישט, פאַרוואָס איר האָט אַלע מיטאַמאָל געוואָרפן אַן אומחן אויף אונזער סקול...
— הייסט עס, מיסטער פרידקין איז צופרידן מיט דער סקול ווי זי איז — און דער פּרעזידענט האָט זיך געווענדעט צו וואַקס־מאַנען: וואָס זאָגט איר?

וואַקסמאַן איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ווי אַן אָנגעלאָדענער, גרייט אויסצושיסן. דער שטייפער קאַפּעלוש פאַרשאַרצט און די קורץ־געשוירענע האָר האָבן זיך ביי אים אויפגעשטעלט, ווי זיי וואָלטן געווען עלעקטריזירט. גלייך ווי ער האָט דערהערט זיין נאָמען, האָט ער אַ רוק געטאָן דעם קאַפּעלויש, אויסגעצויגן דעם דאַרן האַלז, ווי ביי אַן אָפּגעצופּטן האָן, אויסגעמיטן אַלעמענס בליקן און אַריינגערעדט אין פּריכות:

— ווי די סקול פירט זיך איצט, איז זי אַ דורכפאַל, פונקט אַזאַ דורכפאַל, ווי הונדערט אַנדערע סקולס איבערן גאַנצן לאַנד! אונזער סקול איז אַ נאָכקרימעניש נאָך די אַסימילאַטאָרישע סקולס. דאָרט לערנט מען קאַטעכיזם, ביי אונז — ברכות, אַ שטיקל חומש און אין דעם באַשטייט דאָס גאַנצע ביסל יידישקייט!

ער האָט זיך פאַרקרעקט. עס האָט אויסגעזעהן ווי אַלע געדאַנקען האָבן זיך ביי אים מיטאַמאָל אַ שפּאַר געטאָן אין האַלז אַריין און אים נישט געלאָזט ווייטער ריידן. ער האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און פאָרטגעזעצט:

— וואָס דאַרפט איר מער? אונזער סקול עקזיסטירט שוין איבער צוואַנציג יאָר, און איך וועל געבן פינף דאָלאַר אויפן נאַציאָנאַל־פאָנד, אויב איר וועט געפינען אַ יינגל אַ יאָר נאָכן ענדיגן, וואָס זאָל קענען, נישט קיין סך, בלויז אַ פּרשה חומש! איר וועט עס נישט געפינען! טאָ צו וואָס, פרעגט זיך, דאַרפן מיר די „היברו־סקול“? עס איז דאָך אַרויסגעוואָרפן אייער צייט, אייער מיה — האָט וואַקסמאַן געטייטלט מיט אַ פינגער אויפן „ועד־החנוך“ — אַ שאָד יידיש געלט און דער עיקר — האָט ער געקלאַפּט מיט אַ פויסט אין אַ צעעפנטער האַנט, געשנירלט דעם שטערן, אַפּנים געזוכט אַ פּאַסיג וואָרט — איר וועט עס דאָך תמיד האָבן אויף אייער געוויסן, וואָס איר האָט געמאַכט פון יידישע קינדער גוים!

וואַקסמאַן איז געבליבן שטיין אַן אויסגעליידיגטער, ווי ער וואָלט אַליין פון זיך אַרויסגעשאָטן, נישט געווען צופרידן, וואָס דער געדאַנק איז ביי אים פאַרלאָפן אויף אַ פריהער, און געזוכט אים צוריקצוכאַפן.

בשעת וואַקסמאַן האָט זיך געקאָכט, האָט טורש צענומען די באָרד מיט די פינף פינגער פון זיין לינקער האַנט און געשמייכלט:

— טאָ וואָס איז אייער עצה?

— מיין עצה — האָט וואַקסמאַן איבערגעחזרט די צוויי ווערטער עטליכע מאָל — יעס, מיר דאַרפן אינגאַנצן אויפגעבן דעם אַלטן פּראָגראַם און אָנהייבן צו לערנען „עברית־בעברית“. ווען אַ ייִנגל וועט פאַרשטיין, וואָס ער זאָגט, וועט ער שוין במילא קענען „עברי“, וועט ליב קריגן זיין שפּראַך, וויסן וואָס אַ ייִד איז, און אַז ער וועט ענדיגן די סקול, וועט ער אין אַ חודש אַרום נישט פאַרגעסן, וואָס ער האָט געלערנט. נאָך אַמאָל, מיין פּלאַן איז מען זאָל איינפירן אין אַלע קלאַסן פון ערשטן ביז דעם לעצטן „עברית־בעברית“.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, געפילט, אַז ער האָט אַ הונ־דערטסטל נישט אַרויסגעזאָגט, אַז די געדאַנקען האָבן זיך ביי אים אויסגעמישט און דעם עיקר האָט ער דורכגעלאָזט. אַן אויס־געמאַטערטער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, אַ קוק געטאָן אויף זיינע צוויי חברים — ראָזען און מילער — געזעהן, ווי זיי זיינען צו־פרידן מיט אים, האָט ער זיך אַביסל באַרוהיגט. בשעת וואַקס־מאַן האָט גערעדט האָבן ראָזען מיט מילערן אָנגעקוואָלן און גע־קוקט פון איין פּנים אויפן צווייטן צו זעהן, וואָס פאַר אַן איינדרוק ס׳מאַכן אַזעלכע קלאָרע, קלוגע רייד, ווי זייער חבר רעדט. זיי האָבן זיך יעדע ווייַלע אָנגעשטויסן מיט די עלנבויגנס, זיך איבער־געקוקט, און מען האָט געזעהן בחוש, אַז די צוויי בחורים ווערן ברייטער פון פרייד, אַזוי צופרידן זיינען זיי געווען, וואָס וואַקס־

מאַן רעדט. און אַז ער האָט זיך אויסגערעדט פאַר עברית־בעברית, זיינען זיי אַזש אונטערגעשפּרונגען:

— יאָ, יאָ, וואַקסמאַן איז גערעכט!

— הייסט עס — האָט דער פּרעזידענט רעזומירט וואַקסמאַנס דרשה — איר זייט דערפאַר, מען זאָל לערנען „עברית בעברית" — און ער האָט זיך געווענדעט צום סעקרעטאַר, וואָס האָט די גאַנצע צייט זיך געחדושט, וואָס אַ יונגערמאַן ווי וואַקסמאַן זאָל זיין אין אַמעריקע אַזוי פאַנאַטיש און וועלן ריידן לשון קודש — מיסטער קליין, פאַרשרייבט וואָס וואַקסמאַן זאָגט!

— מיר שיינט, — האָט גאַנז זיך אָנגערופן אַן אומגעדולדיגער,

— אַז מילער און ראָזען זיינען איינשטימיג מיט וואַקסמאַנען.

— דאָס הייסט — האָבן זיך ביידע מיטאַמאָל אויפגעשטעלט און גענומען ריידן צוזאַמען — נישט אין אַלע פּרטים גלייכן מיר זיך אויס, נאָר ס׳מאַכט נישט, איר מעגט פאַרשרייבן, אַז מיר זיינען איינשטימיג מיט אים.

— און איר, מיסטער גרין — האָט דער פּרעזידענט ליבליך אַ שמייכל געטאָן — זייט איר איינשטימיג מיט מיסטער וואַקסמאַנס פּלאַן?

גרין האָט זיך געביסן די נעגל, כמעט זיך נישט איינגעהערט, וואָס זיינע קאָלעגן ריידן, געוואוסט אַלע זייערע טענות אויף אויסווייניג און געטראַכט, ווער ס׳איז שעדליכער פאַר די תּלמוד־תּורות: צי די פרידקינס, צי די וואַקסמאַנס? ער האָט זיך איינגעקוקט אין פּרעזידענט און געענטפערט:

— איך בין נישט איינשטימיג מיט וואַקסמאַנען!

— וואָס איז אייער פּלאַן? — איז גאַנז אַריין אין דער מיט.

— כ׳בין זיכער, אַז איר וועט מיין פּלאַן נישט אָננעמען, — האָט גרין געלאַסן אָנגעהויבן און פאַרליינגט אַ פוס אויף אַפוס, — פונדעסטוועגן וועל איך אייך בעטן, איר זאָלט מיך אויסהערן.

— בכבוד גדול, רעדט! — האָבן זיך עטליכע מיטאַמאָל אָנגערופן.

גרין האָט עטליכע מאָל זיך אַ ביס געטאָן אין דער אויבער־שטער ליפּ, ווי ער וואָלט אַזוי ר׳נאָך זיך געוואָלט דעם ענין קלאָרער מאַכן, און פאָרטגעזעצט:

— אַז דאָ האַנדלט זיך נישט, צי מען וועט לערנען עברית בעברית, צי עברית־באַנגלית, די צרה ליגט טיפער! די קינדער האָבן פיינט די „היברו סקול״! ס׳איז ביי זיי אַן אָפּקומעניש! זיי גייען אַהינצו, ווייל זיי האָבן מורא פאַר די עלטערן. די גאַס, די פּאָבליק־סקול, אַלץ אַרום איז געגן יידישקייט, פרעגט זיך, וואָס האָבן די „היברוס״ געטאָן אום צו קענען קאָנקורירן מיט דער אַמעריקאַנער גאַס, מיט דער אַמעריקאַנער פּאָבליק־סקול? איך זעה, איר שמייכלט, נו טאַקע, ס׳איז דאָך אפילו שווער זיך פאָר־צושטעלן, די „היברו״ זאָל קאָנקורירן מיט דער גרויסער אַמערי־קאַנער פּאָבליק־סקול, מיט דער רוישנדיגער גאַס, וואָס בלענדט, שליננט איין פאַר אונזערע אייגן הונדערטער מענשן יעדן טאָג, מיט זיי איבער, קראַצט זיי אַרום, גיט יעדן אַ שטיקל גומע צו קייען און שפּייט אויס פאַרטיגע אַמעריקאַנער. די זאַך איז אָבער נישט אַזוי. ווען איר וועט זיך צוקוקן אַביסל טיפער, וועט איר באַ־מערקן, אַז די גאַס האָט אונז אַלעמען פאַרבלענדט. איבער נאַכט קען מען פון דער אייגענער הויט נישט אַרויס. אפילו איינער, וואָס איז דאָ געבאָרן געוואָרן, דורכגעמאַכט פּאָבליק־סקול, איז נאָך נישט קיין אַמעריקאַנער! ס׳מוז נעמען דורות, אַז אַ ייד זאָל זיך פולשטענדיג אַמעריקאַניזירן! הייסט עס; אַז די גאַס, די פּאָבליק־סקול ווירקן אויסערליך. ס׳איז אַן אויסערליכער דרוק, און אַ געננזייטיגער דרוק וואָלט אים לייכט געקענט באַזייטיגן. און דאָס איז די איינציגע זאַך, וואָס די „היבּרוס״ דאַרפן אויפטאָן, איינפלאַנצן אין די קינדער ליבע צו אַלעס, וואָס איז יידיש! וואָס זאָג איך, איינפלאַנצן, דאָס האָבן שוין די מוטערס געטאָן. מען

דאַרף די ליבע צו ייִדישקייט אַנטוויקלען, זעהן זי זאָל נישט אָפּ־שטאַרבן. די היברו־סקול האָט געדאַרפט זיין די קייט, וואָס פאַרבינדט די עלטערן מיטן קינד — דערוויייטערט זי נאָך דאָס קינד פון די עלטערן. אין אַלע „היברוס", כמעט אָהן אויסנאַם, שעמען זיך די קינדער מיט ייִדיש, מיט אַ ייִדישן נאָמען; הערט מען דאָס וואָרט „משה", לאַכט מען פּונקט אַזוי אין די פּויסטן און מען קרימט איבער, ווי פּאָליאַקן, ווען זיי דערהערן דאָס וואָרט „מאָשעק". פרעגט זיך, וואָס האָבן די „היברוס" געטאָן, זיי זאָלן די אַלע מכשולים אַוועקנעמען, זיי זאָלן דערנענטערן דאָס קינד צו די עלטערן? גאָרנישט! מיט זייער שלעכטן ענגליש האָבן זיי דאָס לעצטע שטריקל איבערגעריסן, אַוועקגענומען ביי די קינדער דעם רעספּעקט צו די עלטערן, וואָס ריידן נישט קיין ענ־גליש (און דאָס זיינען דאָך כמעט אַלע טאַטעס, וואָס שיקן זייערע קינדער אין די „היברוס"), און דער סוף איז, אַז זיי, די קינדער, וואַקסן קיין גוים אויך נישט, ס'וואַקסט עפּעס אַ הויקער אויפן ייִדישן קערפּער, אַ קאָלטון, וועלכן מיר האָבן נאָך קיינמאָל ניט געהאַט.

גרין האָט אָפּגעווישט די בלעזלאַך פון די ליפּן און ווייטער גערעדט:

כ'וועל אייך דערציילן אַ פאַל, און אַזעלכע פאַלן וועט איר געפינען יעדן טאָג אין יעדער „היברו־סקול", וועט איר זעהן, אַז אונזערע סקולס זיינען געגן ייִדישקייט. איך האָב עס אַליין ביי־געוואוינט. פאַר פּסח, ווען מען לערנט די פיר קשיות אין ענגליש, איז געקומען אַ ייִנגל צום לערער און געבעטן, ער זאָל מיט אים לערנען די פיר קשיות אויף ייִדיש. זיין פאָטער — האָט ער געטענהט — פאַרשטייט נישט קיין ענגליש. דער לערער האָט נישט געענטפערט. און אַז ס'איז געקומען דאָס ייִנגל זאָל זאָגן די פיר קשיות, האָט ער אַ באַליידיגטער געענט־פערט, אַז ער וועט נישט זאָגן. ער וויל נישט לערנען די פיר

קשיות אויף ענגליש, ער ווייל אויף יידיש. האָט דער לערער מיטן פּרינסיפּאַל דעם יינגל גוט צעשלאָגן. און וואָס מיינט איר איז געווען דער סוף? ס׳יינגל האָט נישט געזאָגט, געוועז זעהר אַן איינגעשפּאַרטער. פרעגט זיך — וואָס טראַכט זיך אַזאַ יינגל, ווען דער כעס גייט אים איבער? אַז זיין פאָטער איז עפּעס אַ ווילד־דער מענש, רעדט אַ לשון, וואָס אַלע שעמען זיך דערמיט. דערצו געהאַט מסתמא אַ פאַרשטערטן יום־טוב. ביים סדר האָט ער זיך געווייס דערמאָנט אָן די קלעפּ, זיין מוהל האָט ניט באַגריפן, פאַרוואָס מען האָט אים געשלאָגן, און מער ווי אַ שנאה צו דער „היברו״ האָט ביי אים נישט געקענט בלייבן. אַזאַ זאַך — האָט גרין זיך געקלאָגט — וואָלט נאָר געקאָנט פּאַסירן אין פּויזן, וואו דייטשן לאָזן נישט די פּוילישע קינדער אפילו דעם קאַטעכיזם לערנען אויף פּויליש!

גרין איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַלע האָבן געמיינט, אַז ער האָט געענדיגט. וואַקסמאַן האָט געהויבן מיט די אַקסלען, אָנגעקוקט די חברים און זיך אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס איז מכח העברעאיש?

— איך בין נעגן עברית־בעברית — האָט גרין געענטפערט — ווייל ס׳יידיש לעבן דאָ איז נעגן דעם. אין ארץ ישראל איז אפשר אַ פּלאַץ דערפאַר, נאָר דאָ איז עס אַ דורכפאַל. דער בעסטער באַווייז איז, אַז אין די עטליכע ניו־יאָרקער „עברית־בעברית״ שולן ענדיגן יערלאַך גאַנצע פינף קינדער, און דאָס זיינען כמעט אַלע קינדער פון „כלי־קודש״, וואָס וואָלטן אָהן די שולן אויך געלערנט העברעאיש. וואו מען לערנט נישט קיין יידיש, הערט מען במילא אויף צו לערנען העברעאיש, און וואו מען האָט פאַר־ביטן יידיש אויף דער לאַנד־שפּראַך, איז פון העברעאיש און יידישקייט קיין זכר ניט געבליבן. מיר דאַרפן לערנען מיט די קינדער יידיש. יעדעס יינגל, וואָס קומט אין דער „היברו״, קען יידיש, פאַרשטייט וואָס מען דערציילט אים. די מוטער האָט אים

איינגעוויגט אין יידיש, אים געקושט און געשלאָגן אין יידיש, אים דערציילט פון ייִדן און עלטערזיידן אין יידיש... מאָדנע, כמעט יעדעס יידיש קינד, אַז ס'קומט אָן אין דער „היברו", איז עס אָנ־געזאַפּט מיט פאָלקלאָר, גלייך ווי ער הערט שלמהס נאָמען, ווייס ער אַלע מעשות, וואָס זיין מוטער האָט וועגן אים געלייענט אין טייטש־חומש, און אין דער „היברו" פאַרגעסט ער עס. ווען די לערערס וואָלטן מיט אים געלערנט יידיש, וואָלט ער עס במילא ליב באַקומען, דען ס'איז דאָך אין זיין בלוט, און ער וואָלט זיך נישט נאָר געשעמט מיט זיין טאַטע־מאַמע, נאָר...

דאָ האָט זיך גרין אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט נישט געוואוסט ווי צו ענדיגן, געקלערט אַ ווײַלע און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אין קורצן, איך מיין מען זאָל לערנען דאַווענען, ברכות, קדיש אין העברעאיש, און אויב אפילו דאָס קינד פאַרשטייט נישט, מאַכט אויך נישט אויס, דאָס איז ביי אונז אַ קולט, פונקט ווי קרבנות אַמאָל ביי יידן! מען האָט נישט געוואוסט, פאַרוואָס מען ברענגט קרבנות, דער זין איז געווען דעם עולם פרעמד, ס'האָט אָבער נאַניין געמאַכט דאָס יידישע לעבן, אים געגעבן אַן אינהאַלט. די איבעריגע צייט דאַרף מען אָפּגעבן אויף אַנדערע לימודים, און אַלע זאָלן ווערן געלערנט אין יידיש.

גרין האָט זיך אַוועקגעזעצט. טורש און גאַנז האָבן די אויגן נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים, און ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי זיי זיינען איינשטימיג מיט אים, צי זיי קוקן אים אָן ווי אַ משוגענעם. וואַקסמאַן האָט אויפגעהויבן אַ האַנט — געהייסן האָט עס, ער פאַרלאַנגט אַ וואָרט. אַז דער סעקרעטאַר האָט פאַרשריבן גרינס פאָרשלאָג, האָט דער פרעזידענט זיך אָנגערופן:

— מיסטער וואַקסמאַן האָט ס'וואָרט!

וואַקסמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט, קרענקליך געשמייכלט און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז מיטן שמייכל אַליין וויל ער מבטל מאַכן

גרינס טענות. דאָס מאָל האָט ער געקוקט אויף גרינען, עטליכע מאָל אָפּגעהוסט און אָנגעהויבן:

— ס'וואונדערט מיך, ווי מיסטער גרין האָט גאָר געקענט מאַכן אַזאַ פאַרשלאָג? אונזער יחוס איז אַביסל עלטער פון טייטש־חומש! צו וואָס אָנהויבן מיטן „צאינה־וראינה“, אַז מען קען אָנהויבן מיט אברהם אבינו?

— גוט, נוט! — זיינען מילער מיט ראָזענען אויפגעשפּרונגען, שטאַרק צופרידן מיט וואַקסמאַנס פאַרגלייך און הנאה געהאַט, וואָס דער „ועד־החנוך“ שמייכלט.

— מיסטער גרין טענהט — האָט וואַקסמאַן אַ צופרידענער פאַרטגעזעצט — אַז זשאַרגאָן וועט דערנענטערן ס'קינד צום פאָטער. אויב אַזוי, איז אין לדבר סוף! וועט שפּאַניאָליש דערנענטערן דעם ספרדישן קינד מיט זיינע עלטערן, ענגליש — דאָס ענגלישע און אַזוי ווייטער. פרעגט זיך, פאַרוואָס זאָל עפּעס זשאַרגאָן האָבן די בכורה? מיסטער גרין ווייס פונקט אַזוי ווי איך, דאָס צייט מיר זיינען אין גלות, האָבן מיר שוין נישט אויף איין שפּראַך גערעדט, און זיי אַלע זיינען פאַרגעסן געוואָרן, פונקט אַזוי וועט מיט דער צייט פאַרגעסן ווערן זשאַרגאָן! וואָס רייד איך, אין אַמעריקע איז זי שוין טויט! די גאַנצע יוגנט רעדט נישט און שעמט זיך מיט זשאַרגאָן.

— דאָס טענה איך דאָך — האָט זיך גרין אָנגערופן.

— אָט דאָס זעהט איר, יאָ — האָט וואַקסמאַן זיך נישט אָפּגעשטעלט — די אַלע אוצרות, וואָס יידן האָבן געשאַפן אין פרעמדע שפּראַכן און דערנאָך זיי איבערגעטראָגן אין העבּרעאיש.. דאָס וועט אפשר זיין מיט זשאַרגאָן אויך, כאָטש כ'זעה נישט ס'זאָל זיין וואָס איבערצוטראָגן? — האָט ער אַ שמייכל געטאָן — אָבער נעמען זשאַרגאָן פאַר אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך, דאָס איז אַן אונזין! דאָס ווידער, וואָס מיסטער גרין שלאָגט פאָר, מען

זאָל לערנען דאַוונען און ברכות אין העברעאיש, פאַרשטייט איך נישט, וואָס ער מיינט דערמיט.

ווען וואַקסמאַן האָט זיך אײַנגעזעצט, האָבן אַלע געקוקט אויף גרינען, געווען זיכער, אַז ער וועט אים ענטפערן. גרין איז געזעסן, די פאַרלייגטע הענט אָנגעשפאַרט אָן די קניה, כמעט זיך נישט צוגעהערט, וואָס וואַקסמאַן האָט גערעדט, און געטראַכט אַז מען דאַרף אים נישט ענטפערן, די רייד זיינען אַרויסגעוואָרפן. עס רעדט אַ מענטש, וואָס זעהט לחלוטין נישט, וואָס עס טוט זיך אונטער זיין נאָז, הלומט וועגן די אַלטע העברעער, וואָס האָבן איינגענומען יריחו מיט שופרות. נישט נאָר מיר — איז גרינען איינגעפאַלן — נאָר אפילו די חכמי התלמוד האָבן שוין מיט די אַלטע העברעער קיין שיכות ניט געהאַט. עס איז אים מיטאַמאָל שטאַרק אומעטיג געוואָרן. ער האָט זיך געוואונדערט, ווי נאָך האָט ער אַ מינוט צוריק געקענט ריידן מיט אַזאַ זיכערקייט וועגן יידיש? ער האָט דאָך פונקט אַזוי פיינט געהאַט יידישיסטן, ווי ער האָט פיינט געהאַט העברעער, געוואוסט, אַז אין אמעריקע איז עס אַ „ביזנעס“. ביי דער יידישיסט, ביי דער העברעער האָבן ניט קיין ליבע צו דער זאַך, האַנדלען מיט זייערע אידעאַלן, ווי מיט צוגעלעגענע באַנאַנעס. אין אַמעריקע שפילט דער יחיד קיין ראָליע נישט. קומען זיך צונויף צעהן מענשן, גרינדעט מען אַ סאָסייעטי, אַ יוניאָן, אַ פאַרטיי, מען פאַרטרעט עמיצן! פונקט אַזאַ מסחר גייט דאָ אָן מיט העברעאיש און יידיש. מער נאָך מיט העברעאיש. אין נאָמען פון יידנטום קאָנקורירט מען איינער מיטן צווייטן, מען שטעלט זיך ניט אָפ פאַר קיין זאַך, אַלץ איז כשר, מעג אפילו דאָס יידנטום אונטערגיין, אַבי אַ פאָר כלל-פאַרזאָרגערס זאָלן זיך אַרויסשטופן אין דער עפנטליכקייט. ער האָט געקוקט אויפן „ועד החנוך“. דער פרעזידענט — אַ געוועזענער משכיל, אַליין געשריבן „שירים“, איצט אַ ביזנעסמאַן, די געשעפטן גייען גוט, באַקאַנטע זיינען ציוניסטן, גיבן זיך אָפ מיט „חנוך“, דאַרף

מען אויך באַלאַנגען אַהין. גאַנז — אַן אַמעריקאַניזירטער, רעדט מערסטן ענגליש, ווייס אַז מען דאַרף דאָס יידנטום רעפאָרמירן, יידיש איז עפּעס אַ פרעמדע מכּה, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, און כמעט אַליין, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט, טויג נישט, דאַרפן מיר זעהן איבערטוישן יידיש אויף ענגליש. גרין האָט געקוקט אויף גאַנזן, ווי ער איז אומגעדולדיג, האַלט אין איין דרייען דאָס בריליאַנטענע פינגערל, קוקט מיט בטול אויף די לערערס, און אים איז איינגעפאַלן, אַז אין דער היים וואַרט מען מסתמא אויף אים מיטן „פאָקער". בלויז דער אַלטער טודיש איז גרינען געפעלן. אַ פשוטער ייד, איז אין כעס וואָס יידן פאַרדרייען זייערע נעמען, באַגרייפט נישט אַז יידיש איז אַ פרעמדע שפּראַך. וואָס הייסט זיין געגן יידיש? אמת, העברעאיש איז ביי אים הייליג, וועגן יידיש אָבער טראַכט ער נישט, פונקט ווי ער טראַכט נישט וועגן זיין געזונטן מאָגן, ס'איז אין אים, ס'איז אַ שטיק פון זיין לעבן. גרינען איז אַ רחמנות געווען אויפן גרויען ייד, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט, נישט פאַרשטאַנען זיינע, גרינס, טענות און נאָך ווייניגער פאַרשטאַנען, וואָס וואַקסמאַן האָט גערעדט.

— איר ווילט אַ וואָרט? — האָט דער פרעזידענט זיך געווענדעט צו פרידקינען, וואָס האָט געהאַלטן איין פינגער אין דער לופטן.

— כ'וויל באַמערקן — האָט פרידקין זיך פאַרלוירן — אַז אויב אַפילו מיסטער גרינס פּלאַן זאָל זיין אַ גוטער, אין וואָס כ'בין איבערצייגט, אַז נישט. . .

— מיט וואָס זייט איר איבערצייגט? — האָט אים גרין איבערגעהאַקט די רייד, באַלד חרטה געהאַט, קוקנדיג אויף זיין אידיאָטיש פּנים, געהאַט פאַריבל אויף זיך אַליין, צו וואָס ער האָט זיך נאַריש געמאַכט און פאַרמישט מיט זיין פּלאַן אַזאַ קאַשע.

פרידקין האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, אים אָנגעקוקט און אָנגעהויבן צו שטאַמלען:

— וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? אַז מען האָט מיר איבער־געהאַקט די רייד! יאָ, כ׳מיין דער פּלאַן וועט נישט קענען אָנגע־ווענדט ווערן אין דער פּראַקטיק. די קינדער וועלן די „טיטשערס“ די קעפּ אַראָפּדרייען, ווען זיי וועלן הערן, אַז מען לערנט חומש אין זשאַרגאָן. אַזוי איז אויך שווער צו האַלטן אַ קלאַס, ווי נאָך ווען מען וועט פּאַרטייטשן אין זשאַרגאָן?

— ווער איז אייך שולדיג, אַז איר קענט נישט האַלטן אַ קלאַס? — איז טורש אים אַריין אין די רייד — מען האָט אונז אויך פּאַרטייטשט דעם חומש אויף יידיש, נו, דעריבער? כ׳פאַר־זיכער אייך, אַז מיר האָבן מער דרך ארץ געהאַט פאַרן אַלטן מלמד, ווי די קינדער דאָ האָבן דרך־ארץ פאַר אייער ענגליש.

פרידקין האָט זיך פאַרשעמט און אַוועקגעזעצט. דער עולם האָט געשמייכלט.

מיסטער גאַנז האָט אַרויסגענומען דעם גאָלדענעם זייגער, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אונטער־געטראָגן דעם זייגער דעם פּרעזידענט.

— טאַקע שפּעט! — האָט דער פּרעזידענט מעכאַניש אויך אַ קוק געטאָן אויף זיין אייגענעם זייגער און זיך געווענדעט צו גרינען — כ׳וועל אייך זאָגן, ביי מיר האָט איר אַפּילו געפּועלט, מיסטער גרין. אייער פּלאַן איז נישט קרום. כ׳פאַרשטיי, אַז יידיש לערנען וואָלט דערנענטערט דאָס קינד צו די עלטערן, כ׳מיין אַז מען זאָל פּאַרטייטשן דעם חומש אויף יידיש, נאָר איר ווייסט דאָך, אַז מיר זיינען נישט די איינציגע בעלי־בתים, פאַראַן נאָך דירעקטאָרן, וואָס שטיצן די סקול, און אַז זיי וועלן עס הערן, וועט ווערן אַ ויצעקו. פיל, בין איך זיכער, וועלן זיך אָפּזאָגן פון דער סקול. מען דאַרף אַלץ נעמען אין אָנבעטראַכט, נישט געאיילט זיך — האָט דער פּרעזידענט געצויגן די ווערטער און זיך געווענדעט צו גאַנזן: וואָס זאָגט איר, מיסטער גאַנז?

גאַנז האָט זיך אויפגעשטעלט, ווי צום גיין, פאַרריכט דעם לאַנגן שניפּס, פאַרקנעפּלט דעם ראָק אויפן אונטערשטן קנעפּל און אים גלייך צוריק אויפגעקנעפּלט און גערעדט סתּם אַזוי — איך בין געגן זשאַרגאָן. זעהט, וואַקסמאַנס פאָרשלאָג טאָר מען נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, מען דאַרף אים אויפנעמען. ביים צווייטן „מיטינג", זונטאָג אָוונט, דאַכט זיך, האָבן מיר דעם „נעקסטן מיטינג", האַ? — האָט ער זיך אויסגעדרייט צום סעקרעטאַר, געוואַרט ביז יענער וועט אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ און ווייטער גערעדט — וועלן מיר זיך באַקאָגען מיט דער פראַגע גרינדליך און באַשטימען, וואָס מיר האָבן צו טאָן, נישט וואַהר?

— מען דאַרף זיך נישט איינרייסן מיט מיסטער גרין — האָט דער פּרעזידענט געשמייכלט — מאָרגן קען ער באַשרייבן אונזער „מיטינג" אין די „פּייפּערס" (צייטונגען).

— וואָס מיינט איר? — האָט אים גאַנז איבערגעפרעגט.

— איר ווייסט גאָרנישט? — האָט זיך דער פּרעזידענט געחידושט — מיסטער גרין איז דאָך אַ שרייבער, ער האָט נעכטן אויך געהאַט אַ „שטיקל" — זיך בשעת־מעשה אויסגעדרייט צו גרינען — און אַ גוט שטיקל, כאַ, כאַ, כאַ!

גאַנז האָט אָפּגעמאָסטן גרינען פון אויבן אַראָפּ, און ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי דער קוק איז געווען ביטול, צי דרך־ארץ, ווייל ער שרייבט אין די „פּייפּערס".

גרין האָט זיך פאַרלוירן, זיך געפילט באַליידיגט, געזעהן אין גאַנזעס לייכטן שמייכל, אַז ער האַלט נישט שטאַרק פון יידישע שרייבער, טראַכט מסתּמא, ווען ער וואָלט געהאַט אַ רוהיגן קאָפּ, וואָלט ער אויך עפּעס אָנגעשריבן. אַ קונץ צו שרייבן אין יידיש! ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן גאַנזעס זאַטן פּנים און זיך פאַרנייגט:

— אַ גוטע נאַכט!

— מיר גייען אויך — האָט וואַקסמאַן אים נאָכגעשריען — וואָס איילט איר זיך אַזוי?

די לערערס זיינען אַרויס פון שול, לייכטער אָפּגעעטעמט און געבליבן שטיין.

— ס'נייט עמיצער פון אייך אין קאַפע? — האָט גרין זיך אַ פרעג געטאָן.

— לאָמיר גיין — האָט זיך עמיצער אָנגערופן.

אַלע האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אין מיטן דער גאַס, געגאַנגען אין אַ ברייטע שורה און געשוויגן.

וואַקסמאַן האָט אין מיטן אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף גרינען:

— נו, דאַרף מען פאַר זיי שרייבן? גאַנז, דאַכט זיך אַ באַלעזענער ייד, און וייס נישט, אַז גרין איז אַ יידישער שרייבער! פאָלגט מיך און שרייבט העברעאיש, דאָרט וועט איר האָבן אמתע פאַרעהרער און דערצו עולם־הבא!

— נעווייס, געוויס — האָט מילער מיט ראָזענען אונטערגעכאַפּט — מיט אייער אַרט שרייבן וואָלט איר אין העברעאיש געמאַכט אַ „היט"! *).

גרין האָט געפילט, אַז מען דאַרף זיי צעשלאָגן, מאַכן לעכערליך, און דאָס איז דאָך אַזוי גרינג! ער האָט אָבער קיין חשק נישט געהאַט. אים האָט געערגערט, פאַרוואָס דאָס יידישע פאָלק האָט קיין באַדערפעניש ניט פאַר שרייבער. דער אַלטער מחבר מיטן פעקל אונטערן אָרעם, וואָס איז פאַרשוואונדן פון דער יידישער גאַס, פעלט זיי נישט, און אויף אַ שרייבער קוקט מען, ווי אויף אַ הפקר־מענש, אַ קונדס מיט אַ גרינגן קאָפּ, וואָס באַשרייבט יעדע נאַרעשקייט. אים זיינען אויפן זינען געקומען פיל פון זיינע באַקאַנטע. כמעט אַלע, אַז זיי ריידן מיט אים, זאָגן די זעלביגע אויסגעדראָשענע ווערטער: „אַי, מיסטער גרין, אַ שאָד וואָס איר זייט דאָרט נישט געווען, איר וואָלט געהאַט וואָס צו באַשרייבן!" די ווערטער פלעגן אים תמיד דערנערווירן, ווי זיין עובדה אין לעבן וואָלט געווען צו באַשרייבן יעדע קריגעריי און רכילות!

---

*) אַ היט — אַ פוראָר.

ראָזען מיט מילערן האָבן אַריינגענומען פרידקינען אין דער מיט.
— איר גייט דאָך מיט אונז, האַ? — האָט מילער זיך אָנגערופן.
— מען זאָגט, דאָרט זיינען פאַראַן שיינע מיידלאַך, כאַ, כאַ, כאַ — האָט זיך פרידקין צעלאַכט ווי אַ בהמה.
— איר זייט נאָך קיינמאָל נישט געווען אין וועקסלערס קאַפע? — האָט זיך ראָזען אָנגערופן.
— נאָ!
— גוט, מיסטער פרידקין, כ׳וועל אייך באַקאָנען מיט די שענסטע מיידלאַך — האָט ראָזען אים גענומען אונטערן אָרעם און אַ קיצל געטאָן.
— וואָס מיינט איר? — האָט פרידקין וואוילעריש אַ זאָג געטאָן — ס׳פעלן מיר מיידלאַך? אָט יאָגט מיך דער סעקרעטאַר אַרום שוין עטליכע וואָכן, וויל מיר געבן זיין טאָכטער!
— נו, און וואָס גייט עס?
— נישט קיין מיאוס מיידל — האָט פרידקין ערנסט געזאָגט — מיט קאָלירן אין פנים, ווי זי וואָלט איצט געקומען פון יוראָפּ, נאָר די צרה איז, וואָס זי איז אַ גאַליציאַנערין, ס׳האַרץ לאָזט מיר עפּעס נישט!
— אויב זי געפעלט אייך — האָט מילער זיך אָנגערופן — ווי זאָגט די גמרא: „כל הפיות שוות“, מען נעמט און מען האָט חתונה, גאַליציאַנער מוידן זיינען נאָך בעסער ווי ליטוואַטשקעס, ווי כ׳בין אַ ייד — און ער האָט אים עפּעס איינגערוימט אויפן אויער.
פרידקין האָט זיך געבויגן פון לאַכן, אָנגעכאַפּט ראָזענען, אים עס איבערדערציילט, געוויזן אויף מילערן און געשריען:
— אַי, איז דאָס אַ חזיר!
ער איז געווען גוט אויפגעלייגט, וואָס גרינס פּלאַן איז דורכגעפאַלן, זיך געפילט לייכט, און וואו די לערערס וואָלטן אים נישט גערופן, וואָלט ער מיטגעגאַנגען.

גרין האָט זיך נישט איינגעהערט, ווי די מענשן אַרום אים וואָלטן געווען פרעמדע. ער האָט געשפּרייזט מיט פאַרקוועטשטע פויסטן, עטליכע מאָל זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ דורכגייער, זיך נישט אַנטשולדיגט און געגאַנגען ווייטער. זיי זיינען אַריין אין קאַנעל סטריט. עס איז שוין געווען פינסטערליך. צוויי גרויסע פאַסן ליכט האָבן דורכגעשניטן די פינסטערניש, געצייכנט צעשוואומענע סילועטן איינעם העכער פונם צווייטן, און פון דער ריזיגער וואָלווירט געביידע האָט אַ בלאַס קיילעכדיק ליכט, ווי אַ מאַטע לבנה, געקוקט ווי פון אַ טונקעלן שלייער, אויסגעשניטן אין דער נאַכט אַריין צוויי פאַסן, ווי פון מאַטן זילבערנעם שטויב. זיי דורכגעקרייצט ווי אַ דריי-עק, באַלויכטן די שטאָלענע פאָרענטשעס פון דער הענגבריק, וואָס האָבן פון דערווייטנס אויסגעזען, ווי ריזיגע האַרפן, איז אויפן האַרצן מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שווער. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויף די גרויע פאַסן ליכט, אויף די ריזיגע האַרפן, ווי פון פיאָלעט, אויפן בלייכן שטיק פייער, וואָס האָט געהאַנגען איבער קאַנעל סטריט, ווי אַ באַהאַלטן אויג פון דעם גאָט פון שטאָל און אייזן, האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל איבערגעקוקט, פאַרגאַפטע אַרויסגעלאָזט אַ „אַה ה“ און שטומע זיך געשלעפּט אין קאַפע אַריין.

IX

דער קיילעכדיגער טיש, וואו גרין מיט זיינע חברים האָבן זיך אַוועקגעזעצט, איז באַלד געוואָרן פאַרנומען. פון אַלע זייטן האָבן באַקאַנטע געשלעפּט בענקלאַך און זיך אַרומגעזעצט. די קאַפּע איז געווען געפּאַקט. מענשן אָהן רעק זיינען געזעסן איבער גלע־זער טיי, איבער קאָפּע, הויך געשמועסט, כּמעט געשריען, און ווען אַ פרעמדער וואָלט אַריינגעקומען, וואָלט אים אויסגעדאכט, אַז מען קריגט זיך.

גרין האָט געזופּט אַ גלאָז קאָפּע און געמיטליך זיך איינגע־הערט, ווי זיין קאָלעגע קאַין, אַ פאַרזועהעניש מיט אַ משופּעדיג פּנים, וואָס מאַכט דעם איינדרוק, אַז אָט־אָט צעוויינט ער זיך, האָט אים דערציילט זיין בריהשקייט אין „הלכות־נשים“. גרין האָט גע־וואוסט, אַז קאַין זאָגט קיין אמת וואָרט ניט, אַז דער בחור פאַרלירט זיך אינגאַנצן אין נעגנוואַרט פון אַ פרוי, ווערט שטום, די אויערן צעפלאַמען זיך ביי אים, און אינגאַנצן זעהט ער אויס, ווי אַ צע־מעקעט קאַלב. ער האָט זיך מער ניט איינגעהערט, וואָס קאַין האָט דערציילט, דערזופּט די קאָפּע און זיך געוואונדערט, ווי מענשן ווערט ניט דערעסן צו ריידן אַלץ דאָס זעלבינע.

וואַקסמאַן האָט צוריק אַרויפגעבראַכט די פראַגע וועגן יידיש און העבּרעאיש. דער עולם אַרום טיש האָט זיך געהיצט, געריסן און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז די מענשן באַלאַנגען צו צוויי פאַרשיי־דענע ראַסן. דאָ האָט מען קיין זאַך ניט געשווינט. טאַטע־מאַמע,

אַלץ איז פאַרשוואונדן, און מיט שוים אויף די ליפּן, מיט פאַר־קוועטשטע פויסטן האָבן די העברעער געוואָלט מאַכן צונישט די יידישע ליטעראַטור און פאַרקערט — די יידישיסטן האָבן דאָס זעלביגע געטאָן מיט דער העברעאישער.

— און מענדעלע? — איז אַ בחור אויפגעשפּרונגען און ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז ער פליט וואַקסמאַנען אין די אויגן אַריין — די העברעער האָבן ניט אַזאַ ריז, ווי מענדעלע!

קרוזע, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אָן אַ זייט איבער אַ צעריבענעם טאָמייטאָ־הערינג מיט ציבעלעס, ווי די דעבאַטע וואָלט אים ניט אָנגעגאַנגען, געקייט דעם הערינג און שטיל אַריינ־געטענהט אין אַ יונגנמאַן די נויטווענדיגקייט דאָ אין אמעריקע פון אַ גוטן העברעאישן וואָכנבלאַט, איז מיטאַמאָל אַריין דעם בחור אין די רייד:

— מענדעלע האָט דאָך געשאַפן אַ נייעם סטיל אין העברע־איש! ער האָט ניט איבערגעזעצט, ער האָט איבערגעשריבן אַלע זיינע ווערק אויף דאָס ניי און יעדער מיט אַביסל געשמאַק וועט זאָגן, אַז אין העברעאיש זיינען זיי פיל בעסער!

— פונקט מענדעלע? — איז ראָזען מיט אָפּגעגעסענע ציין אַריין קרוזען אין דער מיט — די בעסערע שרייבער האָבן דאָך אַלע געשריבן העברעאיש! נעמט פּרצן, נאָמבערגן, כ׳וויים — נאָר די, וואָס קענען ניט העברעאיש זיינען געגן! האָבן זיי אַ שניאור, אַ טשערניכאָווסקען? כ׳רייד שוין ניט פון קיין ביאַליק!

— זעה נאָר, ווי זיי נעמען זיך איבער מיטן העברעאיש? — האָט אַ יונגערמאַן מיט עפּעס פויגלשעס אין פּנים אַרויסגענומען די פּיפּקע פון מויל און אויסגעשפּיגן — און ווי מיינט איר איז באַשאַפן געוואָרן די פוילישע ליטעראַטור? זיי האָבן אויך גע־האַט זייער „העברעאיש“ — געשריבן אין לאַטיין. און דער ער־שטער פוילישער שרייבער, וואָס האָט ניט געקענט קיין לאַטיין

און געשריבן אין פּויליש, איז געווען דער פּאַטער פון דער פּויליש־ שער ליטעראַטור.

— אַז כ׳הייס? — האָט זיך עמיצער אָנגערופן — האָבן זיי אַ שלום־עליכם? איין אַש שאָקלט אַלעמען אויס פון אַרבל! אַז העברעאיש איז נאָרניט מסוגל צו האָבן אַזעלכע, העברעאיש איז נענן לעבן! אויף העברעאיש קענט איר האָבן אַזעלכע „בלאָ־ פערס" ווי שניאור, קינה־זאָנגערס, ווי ביאַליק, אָבער אַ שרייבער, וואָס זאָל זיך ביי אים אָפּשפּיגלען דאָס אמתע יידישע לעבן, דאָס וועט איר ניט האָבן!

די טענות האָבן גרינען געגרילצט אין די אויערן. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, געזוכט אַן אַנדער טישל, וואו זיך אַוועק־ צוזעצן. פון דער קיך האָט זיך געהערט אַ ריח פון געפּרעגלטע פיש, וואָס האָט געאיבלט און געקרעלט אין האַלז. גרינען זיינען מיטאַמאָל נמאס געוואָרן אַלע אַרום טיש, די גאַנצע קאַפע. ער האָט זיך איינגעקוקט אין סאָניען, אַן עלטערע מיידל, וואָס זיצט תמיד אין קאַפע, טראָגט פאָרזיכטיג צו דאָס סיגאַרעטל צו די ליפּן, איז אים איינגעפאַלן, אַז זי האָט מסתמא קיין הנאה ניט פונם רויכערן, ס׳איז ביי איר אַן אָפּקומעניש, טוט עס בלויז, מען זאָל זי האַלטן פאַר אַ פאָרטנעשריטענע.

ער האָט געזעהן, ווי סאָניע האָט אויסגעצויגן דאָס דאַרע העל־ זל, ווי אַ יונג הענדל, געהאַלטן דאָס רויכנדע סיגאַרעטל צווישן צוויי פינגער און איינגעטענהט אין שושנהן, אַן ארץ־ישראל מיידל מיט אַ מאַנסבילש פנים, אַז העברעער זיינען די אמתע אַסי־ מילאַטאָרן. שושנה האָט סאָניען ניט געלאָזט ענדיגן, זיך איבער־ געבויגן צו איר, און וואָס סאָניע האָט זיך אַלץ ווייטער אָפּגערוקט, אַלץ מער האָט זי זיך גערוקט צו איר, ביסלאַכווייז אויסגעשטרעקט אַ האַנט, דעם גאַנצן קערפּער, זיך געצאַטעוועט ווי אַ קאַץ, ווען זי גייט כאַפּן אַ מויז. זי האָט מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט סאָניען פאַר

ביידע הענט, אָפּגעטעמט און מיט אַ הייזעריגן בּאַס זי גענומען איבּערציינגן, אַז די יידישיסטן זיינען מה־יפית יידן.

גרין האָט זיך אויסגעבּוינגן מיטן בּענקל און געווען זיכער, אַז ערגעץ אין אַ ווינקל זיצן בּלויזע יידישיסטן אַרום אַ טישל און מיט דער זעלבּער התפּעלות, מיט דער זעלבּיגער שנאה קריגט מען זיך, ווער עס האָט מער בּייגעטראָגן צו דער יידישער ליטעראַטור — ליטווישע, פּוילישע, צי גאַליציאַנער יידן. און ווער ווייס? מעגליך, אַז צווישן ליטווישע און גאַליציאַנער יידישיסטן איז די שנאה אפשר גרעסער, ווי צווישן העבּרעער און יידישיסטן? און צו וואָס דאַרף מען דאָ די אויסגעדאַרטע סאָניע מיט די סיגאַרעטלאָך? די צעווירענע מוידן פון „שרון", וואָס גיבּן אין גדן אַריין דעם „ש ל ו ם"?

אַן אַלטער בּחור אין פּענסנע אויף אַ דין שטאָלן קייטעלע, איז אונטערגעקומען מיט קאָרעקטורן אין די קעשענעס און מיט אַ פּעקל כּתבים אונטערן אָרעם. ער איז געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן מיט אַ „שלום", אונטערגעטראָגן עטליכע יונגעלייט דעם לעצטן „השלח", געפירט חשבּונות. ער האָט געזעהן, ווי קרוזע עסט „טאָמייטאָ־הערינג" איז ער געוואָרן אַ צעשטראַלטער און גענומען דערציילן דעם עולם, אַז פאַר „טאָמייטאָ־הערינג" איז צוגעקומען אין העבּרעאיש אַ ניי וואָרט און ווי דאָס קלינגט עכט בּיבּליש!

גרין האָט דעם בּחור ליבּ געהאַט, זיך בּלויז געוואונדערט, ווי אַ מענש קען אַליין מקריב זיין צוליבּ אַ שפּראַך, גייט שוין אַזוי אַרום יאָרן איבּער ניו־יאָרקער גאַסן און קומט אומעטום דורך מיט דער „הברה הספרדית", שטעלט יעדן שבּת אָפּ דעם רבּ־הכּולל, מוסרט אים, פאַרוואָס ער רעדט ניט קיין העבּרעאיש, און דער רבּ, אַן אַלטער, קלוגער ייד, טרייבּט אים ניט פון זיך, ענטפערט אויפן „שבּתא טבא" מיט אַ בּרייטן „גוט שבּת, מיסטער ראַפּסקי"!

גרין האָט געוואוסט, אַז ראַפּסקי גיט אַוועק זיין גאַנצן פאַרדינסט אויף העבּרעאישע אויסגאַבּן, זאַמלט, גייט תּמיד אַרום מיט

אַ פּושקע, רייסט פון טויטע און לעבעדיגע און שיקט דאָס געלט נאָך פּאַלעסטינע, נאָך רוסלאַנד, שטיצט העברעאישע אויסגאַבן, פּלאָנעוועט דאָ מיט קרוזען אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט, און געטראַכט, פאַרוואָס האָט יידיש ניט אַזעלכע „פּאַולס“.

— שלום, מר. ראַפּסקי — האָט גרין זיך געווענדעט צו אים אויף העברעאיש.

— שלום, שלום — האָט ראַפּסקי אים אַרייגגעשטעקט צוויי פינגער, אַראָפּגענומען דעם הוט, וואו דער קאָפּ איז געווען אָפּגענאָלט, און דערמאָנט אָן „עלה קרח“ — האָט איר שוין געזעהן דעם לעצטן „השלח“? איר מעגט לייענען, שניאור האָט דאָ אַ וואונדערבאַר ליד!

גרין האָט ביי אים גענומען דעם „השלח“, איבערגעקוקט דעם אינהאַלט, געוויזן מיט דער האַנט ראַפּסקי זאָל זיך זעצן און שטיל געזאָגט:

— בלויז מיר ביידע זיינען אויף צרות!

— וואָס מיינט איר?

-- כ׳מיין דער עולם האָט חתונה!

— יע, דער עולם האָט חתונה — האָט ראַפּסקי איבערגעהורט גרינס ווערטער.

— נו?

— וואָס נו?

-- און איר ראַפּסקי?

— איך וועל אויך חתונה האָבן — האָט ראַפּסקי גוטמוטיגנעענטפערט — קאַרג מיידלאַך זיינען פאַראַן? מען דאַרף זיך נאָר פריהער איינאָרדנען, איצט גראַדע בין איך אַביסל פאַרדרייט, מען דאַרף אַוועקשיקן נאָך ירושלים אַ צוויי הונדערט דאָלאַר, מען דאַרף האָבן טויזנט דאָלאַר דאָ אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט...

— האַללאָ, מיסטער גרין — איז מאַדאַם בליאַש אונטערגעקו־מען פון אַ זייט און איס אַריינגערוקט אַ האַנט — ווי גייטס? קומט צו אונזער טישל!

— כ׳דאַרף דאָ זעהן עמיצן — האָט גרין זיך געוואָלט אַרויס־דרייען פון איר און זיך אומגעקוקט, צי ראַפּסקי שטייט נאָך.

ראַפּסקי איז שוין ניט געווען, בלויז זיין „שלום״ האָט זיך גע־הערט פון אַן אַנדער טישל.

— ווען איר צוקומען ?—האָט זי איס אַ דריק געטאָן די האַנט.

— יע.

אין טיר פון קאַפּע האָט זיך באַוויזן דער ראָמאַנען שרייבער העלד. ער איז אַריין ווי אַ רוח, מיט צעפּלויגענע פּאָלעס פון צעקנעפּלטן ראָק, מיט ברייט צעעפנטע אויגן, געלאָפן פון איין טישל צום צווייטן און עפּעס געזוכט. ער איז צו צו גרינס טישל, עפּעס אַ ברום געטאָן, דערזעהן מאַדאַם בליאַש, אַ שמייס געטאָן צו איר, זיך וואַרעם באַגריסט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט דער־נעבן, אַראָפּגעוואָרפן דעם קאַפּעליוש, און אַ קוטשמע שוואַרצע האָר ווי דראַטפעס האָבן זיך צעשאָטן ביז איבער די אויגן.

ער האָט גענומען רופן מיטאַמאָל אַלע העלנערס, באַשטעלט וועגעטאַריאַנער מאכלים, זיך געזידלט.

גרין האָט אים ניט געקענט און בייז געווען אויף זיך, פאַרוואָס ער פאַרגינט אים ניט מאַדאַם בליאַש.

מיט אַ ווילדן „האַללאָ, גרויסע מענשן״ איז אַריין אין קאַפּע דער דיכטער קליין, אַ ברייטביינינגער בחור מיט אַ פול מויל צונג. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן שמאָלן דורכגאַנג פון קאַ־פּע, זיך ניט איינגעהערט וואָס די חברה ריידן, גענומען שלעפּן פון די קעשענעס פּראָגראַמען פון פאַרשיידענע קאָנצערטן, געזונ־גען שטיקער פון שטראוסעס אָפּערע.

העלד, אַן אויפגעקאָכטער, וואָס קליין לאָזט אים ניט ריידן, האָט אים אַ שטופּ געטאָן פון זיך, און ער איז געפאַלן אויפן קעל־

נער, וואָס איז דורכגעגאַנגען מיט אַ שיסל זופּ. דער קעלנער האָט געוואָלט דערכאַפּן די שיסל, נאָר עס האָט זיך באַלד דערהערט אַ מזל־טוב פון די אַרומיגע טישלאַך.

קליין האָט זיך דערשראָקן, צונויפגעשאַרט די פּראָגראַמען, אַ קלאַפּ געטאָן ווייסן איבער די פּלייצעס און געמאַכט פּליטה.

אַ ספרדיש מיידל פון אַ יאָר דרייצן איז צו צום טישל מיט אַ פּאַק צייטונגען.

האַללאָ, קיידי. שלום — האָט אַ קאַרטוניסט מיט אַ פּיפּקע אין מויל אַ וואונק געטאָן צום מיידל—טאַנץ אַ „דזשיג“, קויף איך ביי דיר צוויי „פּייפּערס“.

דאָס מיידל האָט גערעדט ענגליש, האַלב העבּרעאיש, געקענט אַלעמען ביי די נעמען, געוואונקען פאַרשייט מיט אַן אויגל:

— מיסטער העלד, קויפט אַ „טאָג“, מיסטער קאַץ — אַ „פאָרווערטס“.

העלד האָט גענומען אַ צייטונג, איר צוגעוואָרפן אַ ניקל און זיך געווענדעט צו מאַדאַם בליאַש, אַז אַלע אַרום האָבן געהערט:

— נו, זאָגט אַליין, וואָס טויגן אייערע אַנשטאַלטן? איר האָט געזעהן דאָס ספרדישע מיידל, ווי זי שענקט שוין באַצייטנס אַ צוזאָג צו דער צייטונג? וואָס טוט איר פאַר זיי?

גרין האָט ניט געקענט הערן, ווי העלד פריידינגט מאָראַל, געוואָלט אַרויס אויף דער גאַס, געפילט ווי טיף אין אים זיצט עפּעס אַ מענטשל, לאָזט אים ניט גיין, וויל ניט, אַז ווייס זאָל בלייבן מיט מאַדאַם בליאַש. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מאָרגן קומט צו אים בעסי, ניט געוואָלט טראַכטן דערפון, ניט ווילנדיג זיך אַ רוק געטאָן מיט דער שטול און זיך איינגעהערט, ווי פרידקין רעדט מיט שושנהן:

— אין ארץ ישראל, זאָגן אַלע, זיינען פאַראַן שיינע מיידלאַך — האָט פרידקין אָנגעבלאָזן אַ פּאָר באַקן, און מען האָט דער־

קענט, אַז ערגעץ דאָרט טיף אין בויך שמייכלט ער — איר זייט אויך פון ארץ־ישראל?

— איך בין אָבער ניט שיין — האָט שושנה קאָקעטיש גע־ענטפערט און געמאַכט בשעת מעשה אַזאַ מינע, ווי זי האָלט זיך מיט אַן אמת געהאַלטן פאַר אַ שיינע.

— און לויפן קענט איר? — האָט פרידקין געשמייכלט.

— וואָס מיינט איר? — האָט דאָס מיידל אים אָנגעקוקט, ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער פרעגט זי — וואָס פאַלט אייך איין, צי איך קען לויפן?

— איך מיין — האָט פרידקין איינגעצויגן די נעמבע — איך מיין, אַז ארץ־ישראל־מיידלאַך דאַרפן קענען רייטן, לויפן. איר האָט אַמאָל געלייענט „אשמת־שומרון“?

— מאַפּוּ, מיינט איר?

— יע.

— געלייענט.

— דאָרט געדענק איך — האָט פרידקין געלאַכט אין זיך — האָב איך געלייענט, ווי אַ מיידל איז געריטן אויף אַ פערד. איך געדענק נאָך ס׳לשון — „סוס דוהר“. ער, מאַפּו מיין איך, האָט געקענט לשון־קודש, כאַ, כאַ, כאַ!

גרין האָט זיך צעלאַכט. ס׳איז אים זעהר געפעלן געוואָרן, ווי פרידקין טענהט איין מיט אַ מיידל. אַנשטאָט צו מאַכן איר אַ קאָמפּלימענט, פרעגט ער זי, צי זי קען לויפן. ער האָט געקוקט אויף די בחורים מיט די בלייכע פנימער, וואָס זיינען מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן, געבליבן זיצן איבער די אויסגעטרונקענע גלעזער טיי און קאָפּעס. דער שווייס איז גערונען איבער די שטערנס. דער פאַרדומפּעטסטער ריח פון געפּרעגלטע פיש האָט גע־קרעלט אין האַלז און אין די אויגן. אין די אַראָפּגעלאָזענע קעפּ איז געלעגן אַזאַ טיפע גלייכגילטיגקייט, אַז ס׳איז שווער געווען צו גלויבן די מענשן זאָלן האָבן עפּעס אַן אינטערעס אין לעבן.

אַ בלאַסער יונגערמאַן מיט אַ געפלאָכטן קעסטעלע אויף דער האַנט איז צוגעקומען צום טישל. ער האָט אַרויסגענומען אַ קליין קישעלע, עס אַ קוועטש געטאָן, האָט עס זיך צומיאַוקעט ווי אַ קעצל.

— קויפט יידן, קויפט! פינף סענט אַ שטיק!

קיינער האָט צומאָל ניט אָנגעקוקט, און דער יונגערמאַן האָט שוין געוואָלט גיין ווייטער, האָט קרוזע פונקט אויפגעהויבן די אויגן און אים באַגריסט:

— האַללאָ, שוואַרץ! וואָס מאַכט איר?

שוואַרץ האָט זיך פאַרהויטלט, ניט געחלומט דאָ צו טרעפן באַקאַנטע, און געטראַכט ווי ר'נאָך זיך אַרויסצוכאַפּן פון דאַנען. קרוזע האָט עס באַמערקט, אים פריינטליך אַוועקגעזעצט נעבן זיך:

— וואָס מאַכט איר?

— ווי איר זעהט, מיסטער קרוזע.

— אויס מלמד?

— יעס.

— נו, ביים „פעדלען" מאַכט איר בעסער אויס?

— פאַרדינען פאַרדינט מען מער — האָט שוואַרץ געוואָרפן די אויגן אין אַלע זייטן — נאָר „פעדלעריי" איז ניט פאַר מיר! ס'איז אַ מיאוסע באַשעפטיגונג!

— איר וועט אפשר טרינקען אַ קאָפע?

— נאָ, כ'דאַנק!

— און וואָס הערט זיך מכּוח שרייבן?

— מ'שרייבט צו ביסלאַך — האָט שוואַרץ זיך פאַרלוירן ווי אַ מיידל, אַוועקגעשטעלט דאָס קעסטל מיט שפּילצייג, זיך אַרומגעקוקט, פאַמעלאַך ארויסגעשלעפּט אַ מאַנוסקריפּט — כ'האָב אָנגעהויבן אַ גרעסערע זאַך, פון אַמעריקאַנער לעבן... כ'ווייס... איר האַלט ניט פון מיין שרייבן, פונדעסטוועגן — האָט זיך שוואַרץ

פאַרהוסט, און קרוזע האָט געזעהן, ווי הענט און פיס ציטערן ביי איס, ווי ער וואָלט זיך געבעטן ביי אַ מערדער, ער זאָל אים שענ־קען ס'לעבן — פונדעסטוועגן, וואָלט איך אייך געבעטן, אויב איר האָט אַ מינוט צייט, אַזוי גוט צו זיין, כ'מיין...

קרוזע האָט ניט געקענט צוקוקן דעם צער פון דעם יונגנמאַן, גענומען ביי אים דעם מאַנוסקריפּט, געוועזן בייז אויף זיך, פאַרוואָס ער זאָגט אים ניט, אַז ער טאָר ניט שרייבן, אַז דער מאַנוסקריפּט איז גאָרניט ווערט, אַז... אַז...

שוואַרץ האָט אים אַריבערגעקוקט איבערן אַקסל, נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג, געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס מאַכט אויף קרוזען, און מיטגעלייענט מיט די אויגן, מיטן גאַנצן גוף. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ „פעדלער", אַז היינט איז דער לעצ־טער טאָג פאַר די מיאַוקנדע קישעלאַך, מאָרגן וועט זיין אין „מאַר־קעט" אַ נענערל מיט אַ קעפּל פון אַ מאַלפּע, און אויב ער פאַר־קויפט ניט היינט דאָס קעסטל שפּילצייג, מעג ער עס מאָרגן אַרויס־וואַרפן.

אַרום טיש איז געווען שטיל. סאָניע האָט דורך די פאַרמאַכטע ציין פאַרצויגן עפּעס אַ פאָלקס־לידל. די בחורים האָבן געוואָרפן קרענקליכע בליקן אויף איר, אַפּנים זי געהאַלטן פאַר אַ שיינע, מקנא געווען יענע אין שכנות, וואָס האָבן איר בישעת אין זינגען געגלעט די הענט. שושנה האָט פון אומעט פאַרביסן די אוי־בערשטע ליפּ, געוואָלט איבערגעוואַלד פאַרטרייבן די מרה־שחורה פון אַלעמענס פנימער און אָנגעהויבן וואוילערייש:

— שיר, שיר, שיר, שיר!

— נילו, ניל, גיל, ניל!

סאָניע האָט זיך אויפגעשטעלט. אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט איינגעפאַלענע אויגן, מיט צו לאַנגע הענט, האָט זי אָנגענומען מיט די שפּיץ־פינגער איר קלייד, געמאַכט מיט די איינגעפאַלענע אַק־

כלען צום טאַקט, געדרייט מיטן אויסגעדאַרטן האַלז, און ס׳האָט אויסגעזעהן, ווי דער טויט וואָלט געטאַנצט איבערן טישל.

קיינער האָט ניט מיטגעהאָלפן. די בחורים האָבן אַפּערגע־וואָרפן די פּיס, איינגעגראָבן די קעפּ אין די אַקסלען, אויסגעמידן צו קוקן אויף סאָניען, וועמעס באַוועגונגען זיינען געוואָרן אַלץ פאַרשייטער, ווי זיי וואָלטן זיך געטראַכט — נו, אַז מען וועט שוין זינגען אַ פרייליכס, וועט לייכטער ווערן?

— לאָמיר ערגעץ גיין, האָט זיך איינער אָנגערופן.

— וואוהין? — האָט אַ צווייטער געפרעגט.

— אומעטיג.

— טאַקע אומעטיג.

— זאָל איך אהיימפאָרן? — האָט קאַץ אַ צוג געטאָן מיט די אַקסלען.

— פאָר, פאָר! — האָט גרין אים געטריבן מיט דער האַנט — דיין ווייב וואַרט דאָך מסתמא אויף דיר!

— אַז דאָרט איז נאָך אומעטיגער, ברודער! — האָט קאַץ אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און טיפער זיך אַריינגעזעצט אין בענקל.

גרין האָט ניט געקענט הערן, ווי העלד לאַכט, פאַרברענגט מיט מאַדאַם בליאַש. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געוואָלט אַרויסגיין, דערזעהן פאַר זיך העלדן, האָט ער אָן אַלעם פאַרגעסן און זיך אַ ווענד געטאָן צו מאַדאַם בליאַש:

—איר גייט?

— כ׳גיי!

עס איז געוואָרן שטיל. דער עולם איז געבליבן זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי יעדער וואָלט זיך אַריינגעקוקט אין זיין איינן האַרץ. פון דער קיך האָט זיך געטראָגן דער ריח פון גע־פרעגלטע פיש מיט אַ קנאַקעריי, ווי מען וואָלט געשאָטן אין פייער אַריין זאַלץ.

## X

פרייטאָג, ווען פרידקין איז אַהיים געקומען עסן אָוונטברויט, איז אים די בעל־הביתטע אַנטקעגן געקומען:

— אַ מיידל האָט דאָ געפרעגט אויף אייך, מיסטער פרידקין. אַ חידוש איר האָט זי נישט באַגעגנט? זי איז נאָר וואָס אַרויס פון שטוב.

— איר האָט דאָך איר געקאָנט הייסן וואַרטן! — האָט פריד־קין אָנגעבלאָזן אַ געמבע.

— אוודאי האָב איך איר געהייסן — האָט זיך די בעל־הביתטע פאַרענטפערט — כ׳האָב איר געזאָגט, אַז איר דאַרפט יעדע מינוט אָנקומען, איז זי געבליבן זיצן אַ ווײַלע, דערנאָך האָט זי מיר איבערגעלאָזט פאַר אייך אַ בריוו, געזאָגט, אַז זי וועט דאָ זיין אין אָוונט.

פרידקין האָט געעפנט דעם בריוו, דערקאָנט אַז עס איז פון שושנהן, און זיין אָנגעבלאָזענע געמבע האָט אָנגעהויבן שמייכלען. ער האָט באַטראַכט דעם בריוו, אַ שמעק געטאָן צו אים און גע־נומען לייענען מיט די אויגן:

„... קיינמאָל טרעפט מען אייך ניט! און צו וואָס האָט איר זיך פאַרקליבן אַזוי הויך? און אייער בעל־הביתטע געפעלט מיר אויך ניט! וואָס האָט זי אַזוי געקוקט אויף מיר, ווי איך וואָלט געקומען עמיצן ביי איר צונעמען. וואַרט אויף מיר, כ׳וועל זיין פונקט נייַן אין אָוונט. קומט אַנטקעגן, כ׳וויל קיינעם ניט באַגעגענען.

אייער שושנה“.

פרידקין איז געווען גליקליך. אַ מיידל האָט נאָך קיינמאָל צו אים אַזוי ניט געשריבן. ער האָט עטליכע מאָל איבערגעלייענט דאָס בריוול, חשק געהאַט עס צו ווייזן דער בעל־הביתטע, זיך געקווענקלט, געקוקט אויפן בריוול, אויף איר, מיטאַמאָל זיך פו־נאַנדערגעלאַכט און אַריין צו זיך אין צימער. אַ באַליידיגטע האָט אים וויערע אָנגעקוקט, אינסטינקטיוו דערפילט, אַז אין בריוו איז עפּעס געווען וועגן איר, ניט ווילנדיג אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, וואָס איז געהאַנגען קעגנאיבער און זיך געטרייסט, אַז זי איז פיל שענער פאַרן שוואַרצן מיידל, וואָס איז דאָ געווען.

פרידקין האָט באַטראַכט זיין צימער, אַוועקגערוימט אַלע ניט נויטיגע זאַכן, איבערגעשטעלט דאָס טישל, געקלערט וואָס נאָך צו טאָן, אַ קליינינקייט, ס׳ערשטע מאָל וואָס אַ מיידל דאַרף צו אים קומען! ער האָט אויפגעזוכט עטליכע שווערע ביכער, זיי אָפּגעשטויבט, אַרויפגעלייגט אויפן טיש, אַרויסגענומען פון זיין קאָפער אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ שיין מיידל, וועלכע ער האָט אַליין ניט געקענט — זי געהאַט צוגענומען ביי אַ באַקאַנטן פאָטאָגראַ־פיסט—און אָנגעשטאָכן דאָס בילד מיט שפּילקעס איבער זיין בעט. לאָז שושנה ניט מיינען, אַז זי איז איין־און־איינציג, אַז זי דאַרף זיך צופיל איבערנעמען, נישקשה, ס׳זיינען פאַראַן שענערע מייד־לאַך פון איר!

פרידקין איז געבליבן שטיין פאַרן שפּיגל. ער האָט לאַנג געדרייט דאָס אָפּגעבליאַקעוועטע פּנים, געמאַכט גרימאַסן, באַ־טראַכט זיין הויט, די נאָז, די אויגן און געקומען צום באַשלוס, אַז כאָטש ער איז שוין ניט יונג, איז ער אָבער ווייט ניט קיין מיאוסער, והא ראיה — שלאָגט זיך אַ מיידל אַליין אָן צו קומען צו אים.

אַן אויפגערוימטער האָט ער זיך גענומען איבערטאָן, געזוכט אַ ריין העמד, האָט זיך פונקט געמאַכט, אַז אַלע זיינע העמדער זיי־נען געווען אין דער וועש. ער איז געבליבן שטיין אין פאַרלעגנ־הייט, געשאָלטן די בעל־הביתטע, צו וואָס זי האָט אַוועקגעגעבן

די העמדער, און געטראַכט, אַז איצט אַראָפּצוגיין קויפן אַ העמד איז ניט פּאַסיג. יידן האָבן שוין מסתמא מקבל־שבת געווען, גייען פון די שולן, און ער, פרידקין, איז גוט באַקאַנט אין דער געגנט, וועהט מען אים קויפן אום שבת, זאָגט מען אים גלייך אָפּ פון דער שטעל. ער האָט זיך געישובט אַ ווײַלע, גענומען זיך אליין באַרוהיגן, אַז דאָרט וואו ער וועט קויפן איז אַ קריסטליכע געגנט, און באַשלאָסן, אַז נאָכן עסן וועט ער אַראָפּגיין און זיך קויפן אַ ספּאָרטיש העמד.

אַן אויפגעלייגטער האָט ער זיך גענומען ראַזירן, דערנאָך האָט ער זיך איינגעוואַשן, אָנגעריבן די באַקן ביז צום בלוט, און מיטן האַנטוך אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל, איז ער אַריין אין קיך און געוואָרן ריידעוודינגער.

— קען איך אפשר היינט פריהער אָפּעסן?

— איר דאַרפט אַוועקגיין? — האָט די בעל־הביתטע פאַרזוכט די סופּ און זיך אַ פרעג געטאָן.

— היינט אָוונט קומט צו מיר אַ גאַסט — האָט פרידקין זיך איינגעהאַלטן, ער זאָל ניט שמייכלען.

— דאָס מיידל קומט צו אייך? — איז די בעל־הביתטע גע־וואָרן נייגעריגער.

— יעס, זי איז אַ פּאַלעסטינער, רעדט העברעאיש, ווי מיר — יידיש. מיר קענען זיך שוין יאָרן — האָט פרידקין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געמאַכט בשעת מעשה אַזאַ מינע, ווי דאָס מיידל וואָלט געווען זיינס אַן אַלטע געליבטע, פון וועלכער ער וואָלט שוין לאַנג געוואָלט פּטור ווערן.

— פאַרוואָס איז זי ביז איצט ניט געקומען צו אייך? — האָט די בעל־הביתטע געפרעגט און איז רויט געוואָרן.

— זי איז ניט געווען אין ניו־יאָרק — האָט פרידקין אָפּגעהוסט.

— צייט, צייט, מיסטער פרידקין — איז זי נאָך רויטער גע־וואָרן — לאָמיר האָבן נחת, איר זייט דאָך שוין ניט קיין בחור.

פרידקין האָט געפילט, אַז ער איז היינט דער העלד, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך אינטערעסירט מיט אים, און פּונקט ווי יעדער מאַנסביל האָט ליב צו ריידן מיט אַ פרוי וועגן זיינס אַ באַקאַנטע, אַזוי האָט פרידקין גרויס חשק געהאַט צו פרעגן די בעל־הביתטע, ווי שושנה איז איר געפעלן.

ער האָט מיט איין האַנט אַרומגענומען די בעל־הביתטע פאַר דער טאַליע, זי אַ דריק געטאָן צו זיך, עטוואָס איבערגעבוינן און געפילט ווי די קיך, די פּאָדלאָגע הויבן אָן אַוועקצושווימען פון אונטער זיינע פיס. ביידע האָבן זיך איבערגעקוקט, דערנאָך האָט זיך די בעל־הביתטע אַרויסגעדרייט פון אים, זיך אָפּגעשאָקלט, זיך גענומען פאָרען ביי די טעפּלאַך און געזאָגט צו פרידקינען:

— זעצט אייך אַוועק, גיב איך אייך עסן!

פרידקין האָט זיך געדרייט, געשמעקט, ניט חשק געהאַט אַרויסצוגיין פון קיך און זיך געשראָקן ניט אָפּצוטרעטן דעם קינד, וואָס האָט זיך געשלעפּט אויף אַלע פיר, די הענטלאַך. וואו ער האָט זיך אַ דריי געטאָן איז אים דאָס קליינע מיידעלע מיט די קלוגע אויגעלאַך געווען אין וועג, און ער דאָט געהאַט ס'געפיל, אַז ס'וועט זיך וואַרפן אויף אים ווי אַ הינטל.

ער האָט גיך געגעסן, כמעט ניט געקייט און די געדאַנקען זיינען געלאָפן פון שושנה צו דער בעל־הביתטע. ער האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס פאַרע ס'געפעלט אים בעסער. ער האָט נאָך איצט געפילט אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט פון דער בעל־הביתטעס ווייכן קערפּער.

נאָכן עסן האָט פרידקין אָנגעטאָן דעם ראָק מיטן קאַפּעליוש און איז אַרויס פון שטוב. אויף די טרעפּ איז אים עמיצער אַנט־קעגן געקומען, זיך ניט איינגעקוקט ווער דאָס איז, און אַז ער איז שוין געווען אין קאָרידאָר, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ס'איז געווען זיין בעל־הבית, סאַשע. אים האָט באַנג געטאָן, פאַרוואָס ער האָט

אים ניט באַגריסט, געוואָלט היינט מיט אַלעמען זיין גוט, מורא גע־
האַט, אַז עמיצער זאָל אים ניט באַליידיגן אין שושנהס געגנוואַרט.

אַרויסקומענדיג אויף דער גאַס האָט ער באַלד זיך געגן אַלעם
פאַרגעסן. עס איז שוין געווען טונקל. כמעט אַלע יידישע שפּייז־
געוועלבן זיינען שוין לאַנג געווען פאַרמאַכט. עלטערע יידן זיינען
געגאַנגען פון שול. פרידקין האָט זיך געהיט, געשפּרייזט דורך
הינטערשטע געסלאַך, ניט געוואָלט מען זאָל אים באַמערקן, ווי
ער גייט אַריין אין אַ נאַלאַנטערי־געוועלב. ער האָט זיך אַריינגע־
גנבעט, געבעטן דעם קרעמער מען זאָל אים ווייזן העמדער. דער
קרעמער האָט אָנגעהויבן אָנצוואַרפן אויף דער צאָלבאַנק קעסט־
לאַך, שאַכטלאַך. פרידקין האָט געזוכט, אונטערגעטראָגן יעדעס
העמד צום ליכט, פּרובירט מיט די פינגער די סחורה, באַטראַכט
דעם קאָליר.

עטליכע יינגלאַך האָבן אים דערזעהן, ווי ער שטייט און
קויפט אום שבת, האָבן זיי גענומען אַריינשרייען אין געוועלב:

— האַללאָו, רבי! האַללאָו, רבי!

דער קרעמער האָט זיי גענומען טרייבן פון דער טיר, איז
באַלד די קופּקע גרעסער געוואָרן. צווישן די קינדער זיינען געווען
פיל פון זיינע תּלמידים. די קינדער האָבן זיך געשושקעט, באַלד
האָבן זיי אויפגעזוכט אַן אַלטע בלעך, זיך אויסגעשטעלט אַרום
געוועלב, ווי אַ קאַפּעליע, און אָנגעהויבן צו זינגען מיט אַ סקאַר־
באָוון נגון:

— טאַ־טאַ, טאַ־טאַ, טראַ־טאַ, טאַ־טאַ! האַללאָו, רבי! האַללאָו,
מיסטער פרידקין!

פרידקין האָט געפילט, ווען אַ גרוב עפנט זיך פאַר אים, וואָלט
ער אַריינגעשפּרונגען. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל טאָן,
געפרעגט דעם קרעמער, צי ס'איז ניטאָ עפּעס אַ הינטערטיר. ס'איז
ניט געווען. דערווייל זיינען די געשרייען געוואָרן גרעסער. פאַרביי־

גייענדיג האָט דער עולם גענומען קוקן אין געוועלב אַריין, גאָר־
נישט געזעהן און זיך אויך אָפּגעשטעלט.

דער קרעמער האָט זיך ניט געקענט אָפּיאָגן פון די יינגלאַך, געשראָקן זיי זאָלן ניט אויסברעכן דאָס פענסטער, ניט פאַר־שטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, געזעהן, אַז דער קונה שטייט אַן איינגעקאָרטשעטער מיט אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן, איז אים איינגעפאַלן, אַז טאָמער איז עס אַ משוגענער. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. דער קרעמער האָט קיין אויג ניט אַראָפּגע־נומען פון פרידקינען, זיך געוואָלט איבערציינגן, צי איז עס טאַקע אַ משוגענער, און פרידקין האָט פון גרויס שרעק ניט געקאָנט איבערטראָגן דעם קרעמערס בליק, האָט ער נאָך ברייטער צעעפנט די אויגן, ניט קיין ריר געטאָן מיט זיי און געקוקט אין דערזעלביגער ריכטונג. דער קרעמער האָט ניט אויסגעהאַלטן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אַ צעשראָקענער זיך אַהינטערגעשאַרט הינטער דער צאָלבאַנק, פון זיכערקייט וועגן געכאַפּט די אייזערנע מאָס אין דער האַנט און זיך געבעטן ביי פרידקינען:

— אויב איר וועט ניט אַרויסגיין, וועלן די „באָמס“ די „ווינדע“ *) מיר אויסהאַקן!

פרידקין האָט אַראָפּגערוקט דעם שטייפן קאַפּעליוש איבער די אויגן, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון רעקל, פעסט געהאַלטן דאָס העמד אונטערן אָרעם און איז אַרויס פון קראָם. די קינדער האָבן זיך צעשאָטן, געזעהן אַז ער ציהט אָפּ, האָבן זיי צוריק זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים מיט אַ הוראַ, און וואָס איינער האָט נאָר געכאַפּט אין דער האַנט אַריין, האָט ער אים נאָכגעוואָרפן. זיי האָבן אים אַרומגערינגלט, פאַרלאָפן אין פנים אַריין, און אַ קאַצנ־מוזיק האָט אים באַגלייט:

— האַללאָ, מיסטער פרידקין! אַי, וואַי!

---

*) ווינדע — פענסטער.

— האַללאָו, רבי!

— רבי, רבי, רבי! אַי, וואַי, וואַי!

— שבת־גוי!

— שבת־גוי!

— אַ בראָך צו דיין קאָפּ, מיסטער!

— אַי, וואַי, וואַי, געפילטע פיש!

פרידקין איז געלאָפן. ער האָט זיך עטליכע מאָל אַ שטעל אָפּ געטאָן, געפילט, אַז אויב ער וועט כאַפּן אַ יינגל, רייסט ער אים אויס אַ האַנט, וועט אים אָנכאַפּן פאַר ביידע אויערן, דרייען אַזוי לאַנג, ביז ער וועט אים ס׳קעפּל אַראָפּדרייען, וועט אים אַ שטיק באַק אויסרייסן, וועט אים צעפּאַסעוען, צעשניידן אויף שטיקער. יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן די חברה זיך צעשאָטן, און ווי ער האָט זיך נאָר אויסגעדרייט זיינען זיי שוין ווידער געווען אַרום אים. אין מיטן לויפן איז אים איינ־געפאַלן, אַז מענשן מיינען, אַז אַ משוגענער טראָגט זיך איבער די גאַסן, און אַ באַנדע יינגלאַך לויפן אים נאָך. ער האָט געזעהן, ווי מענשן שטעלן זיך אָפּ קוקן, מורא געהאַט, אַז אַ באַקאַנטער פון „היברו־סקול" זאָל אים ניט אַנטקעגן קומען, איז ער אַריין אין ערשטן פילגאָרנדיגן הויז, וואָס ער איז פאַרביי־געלאָפן. ער איז אַרויף אויפן העכסטן שטאָק, געשטאַנען דאָרט ניט טויט, ניט לע־בעדיג, ווי אַראָפּצוגיין אויף דער גאַס וואָלט געהייסן געהרגעט צו ווערן. ער האָט געהעשעט, ווי אַן אויס־געמאַטערטער הונט, גע־פילט אַ ווייטאָג אין דער זייט פון צופיל לויפן, און מיטאַמאָל איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָ צו שטיין איז ניט קיין פּלאַן — ס׳קאָן נאָך אַרויסקומען אַ פרוי און אים אָננעמען פאַר אַ גנב. ביים קלענסטן שאָרך האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז מען עפנט די טיר, מען באַפאַלט אים, און ס׳ערשטע מאָל אין לעבן האָט ער דער־פילט, אַז מלמדות איז אַ מיאוסע פרנסה, ערגער ווי צו זיין אַ שינדער. אים האָבן זיך געפּלאָנטערט אין קאָפּ עטליכע יינגלאַך,

און ער האָט געשוואָרן, אַז זונטאָג וועט ער זיך מיט זיי אָפּרעכע־
נען, פּאַמעלאַך גענומען גיין אַראָפּ פון איין שטאָק אויפן צווייטן,
געציילט די טרעפּ און זיך געשראָקן, די קינדער זאָלן אים ווידער
ניט אָפּהאַלטן.

דעם קאָרידאָר איז ער דורכגעגאַנגען אויף די נעגל, קוים גע־
עפנט די טיר און אַרויסגעקוקט. די קינדער זיינען זיך שוין געהאַט
צעגאַנגען. ער האָט זיך ניך אַרויסגעכאַפּט און גענומען שפּרייזן
אַהיים. איצט ערשט האָט ער זיך דערפילט מיד. אַז ער איז
אַהיים געקומען, האָט ער מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט,
זיך פאַרמאַכט ביי זיך אין צימער און געבליבן זיצן אין דער
פינסטער אָהן כחות. ס׳לעבן איז אים ניט געווען ניחא. ער
האָט געטראַכט, אַז גוט וואָס ער איז געגאַנגען אַליין. וואָס וואָלט
ער אָבער געטאָן, ווען ער גייט מיט שושנהן, צי מיט אַן אַנדער
מיידל? פינסטערע מחשבות האָבן זיך געליינט איבער פרידֿ־
קינען, געטענהט צו אים, אַז אויב ער בלייבט אַ מלמד, בלייבט
ער אַן אייביגער בחור. נו, טאַקע, ווי וועט ער זיך ווייזן מיט דעם
ווייב אויף דער גאַס? ער דאַרף זעהן וואָס גיכער פּטור צו ווערן
פון דער פרנסה, זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל צושלאָגן צו עפּעס.
דורך פּראָטעקציע קען מען אַלץ דערגרייכן! ער האָט זיך דער־
מאָנט אָן סעקרעטאַר, אָן זיין מיידל, ניט געזעהן קיין בייז, וואָס
זי איז אַ נאַליציאַנער, און געטראַכט, אַז ווען ער וואָלט גענומען
דעם שידוך ערנסט, וואָלט ער אפשר שוין היינט געהאַט אַ „קאָנ־
נרעגיישאָן“, פון דעם וואָס ער פאַרדרייט זיך אַ קאָפּ מיט שושנהן
וועט קיין פרנסה ניט זיין!

אַ מידער און אויסגעמאַטערטער האָט פרידקין זעהר געוואָלט
שושנה זאָל היינט ניט קומען, איר געזיאונשן, זי זאָל ברעכן
הענט און פיס, וואו זי איז, דען זיען ניט זי, וואָלטן די אַלע צרות
ניט געווען.

ער האָט אַ ציטער געטאָן — מען האָט אָנגעקלונגען. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז שושנה קומט. ער האָט ניט גע־וואוסט, וואָס צו טאָן מיטן העמד, פאַר כּעס, וואָס ער קען עס ניט אָנטאָן, האָט ער עס צעקנייטשט, אַריינגעוואָרפן אין דער מלבושים שאַנק און זי פאַרהאַקט. ער האָט אינסטינקטיוו זיך פאַרקעמט מיט די פינף פינגער די האָר, זיך אָפּגעפּוצט מיט די הענט דאָס רעקל און איר אַנטקעגן געגאַנגען. ער האָט באַמערקט, ווי סאַשע זיצט אין עסצימער אַן אָנגעבלאָזענער, זיך דערמאָנט, אַז אויף די שטיגן האָט ער אים ניט באַגריסט, האָט ער איצט אַ שאָקל גע־טאָן צו אים מיטן קאָפּ. סאַשע האָט עס ניט באַמערקט, גע־האַלטן די פיס אויף אַ שטול, און אַז פרידקין איז דורך, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אים נאָכגעקרימט ווי ער גייט, געשטעלט די פיס ווי אַ צעעפנטע שער און געדעט צו זיך:

— אַ נו יעוואָ ק'טשאָרטו!

פרידקין איז געשטאַנען אין דער צעעפנטער טיר, געוואַרט מען זאָל אַרויפקומען. סאַשע איז אויך צוגעקומען, גערעכנט, אפשר קומט מען צו אים, עטליכע מאָל אַראָפּגעשריען, ווער עס גייט, און אַז פרידקין האָט אים פאַרזיכערט, אַז דאָס גייט מען צו אים, איז סאַשע נאָך אַלץ געבליבן שטיין.

שושנה האָט זיך מיט פרידקינען באַגריסט און אָפּגעטעמט:

— איר וואוינט אַזוי הויך!

פרידקין האָט געשמייכלט און געוויזן אויף דער אָפענער טיר:

— קומט אַריין!

סאַשע איז ווי נאָכגעגאַנגען, די הענט אין די הויזן־קעשע־נעס, געפיפט ווי די נכפה עסט אים, און זיך געטראַכט, ס'זאָל אים גיין אין לעבן, וועט ער זיי אָפּשפּילן אַ חתונה. ער האָט גע־שליידערט מיט די פיס, וואָס ס'איז אים געשטאַנען אין וועג, אַריין אין קיך, וואו ס'הייב איז געזעסן איבער אַ בוך, און אויסגעשאָסן :

— כ׳מאַך דעם אינטעליגענט נאָך היינט צו „מופן“!*).

— וואָס שוין ווידער?

— כ׳וויל ניט אין שטוב ביי מיר קיין מוידן! — האָט סאַשע אַרויסגעכאַפּט די הענט און זיך געהיצט — פאַר זעקס נישטיגע דאָלער אַ חודש זאָל יעדער מעגן קומען צו מיר אין הויז אַריין?! ווי כ׳בין אַ ייד, וויערע, אַז פּונקט צעהן אַ זייגער פאַרשלים איך דעם גנזי־מיטער **) און כ׳מאַך נאַכט! און אויב דעם אינטע־ליגענט געפעלט ניט, קען ער מאָרגן „מופן“!

— סאַשע — האָט ס׳ווייב אים געוואָלט באַרוהיגן — גיי שלאָפן און מאַך ניט קיין לייטישע געלעכטער!

— איך גיי ניט שלאָפן ביז די מויד וועט ניט אַרויס פון מיין שטוב! איך דערלייג נאָך צו אים! מיך קאָסט אַליין דער צימער זעקס דאָלער, און איצט וואו איז העש און ווער איז דאָס מחויב אים צו באַדינען, וועט ער מיר נאָך ברענגען גנז אויך? אַ וויטאָג אים אין די זייטן!

— סאַשע, אויב דו גייסט ניט שלאָפן, גיי איך אַרויס פון שטוב! — האָט וויערע צוגעמאַכט דאָס בוך און אַריין אין צווייטן צימער זיך בעטן דאָס בעט.

פרידקין האָט לייכט געעפנט די טיר, דערזעהן די בעל־הביתטע און זי געפרעגט:

— האָט איר אפשר אַ גלאָז טיי?

— אפילו צעהן — האָט די בעל־הביתטע אַ שמייכל געטאָן, אויפגעהערט בעטן און אַריין מיט אים אין קיך.

סאַשע האָט זיך פאַרשעמט פאַר פרידקינען און זיך גענומען פאָרען ביי דער „סינק“. אים האָט געקרענקט. פאַרוואָס פריד־

*) „מופן“ — אַרויסציהען זיך פון דירה.

**) „גנזי־מיטער“ — אַפּאַראַט, וואָס באַווייזט, וויפיל מען פאַר־ברויכט גאַז.

קין באַמערקט אים ניט, געווען בייז אויפן ווייב, פאַרוואָס זי שמייכלט, זעהר נעהאָלט ווייזן פרידקינען, אַז ער, סאַשע, איז דאָ דער בעל-הבית, און ווען וויערע האָט געהאַלטן אין אָנגיסן דעם טיי, האָט ער זי מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— וואו האַלסטו די „ריסיטס" *) פון דער מאַשין?

— גייסט דאָך שלאָפן, וואָס דאַרפסטו די „ריסיטס"?

ער האָט ניט געענטפערט, אַן עפן געטאָן דעם בופעט און גענומען וואַרפן אויף דער פּאָדלאָגע, וואָס ס'איז אים געקומען אין דער האַנט אַריין. ער האָט די קוויטאַנציעס ניט געפונען, האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן צום ווייב מיט פאַרקוועטשטע פויסטן:

— איך רייד און אַ הונט בילט איז ביי דיר אַלץ איינס! ווי כ'בין אַ ייד, כ'גיי היינט אַוועק פון שטוב! וואָס מיינסטו, כ'וועל אַרבעטן פאַרן טייוול, און דו וועסט לייענען ביכער? איצט, אַז דו האָסט ניט די „ריסיטס", גיי און באַצאָל זינגערן נאָך אַ מאָל פאַר דער מאַשין! אַז נאָך פאַר דער חתונה האָב איך געוואוסט, אַז ס'איז ניט קיין שידוך פאַר מיר!

— משוגענער, — האָט ס'ווייב כלומרשט געלאַכט, זיך גע-שעמט פאַר פרידקינען און נעהאָלט פאַרגלעטן, ס'זאָל אויסקו-מען ווי אַ שפּאַס, — וואָס וואַרפסטו אַלץ אַרויס? ס'ליגט ניט דאָרט!

— וואו דען ליגן זיי? — האָט ער אַ געשריי געטאָן, אַז ס'ווייב האָט זיך אַזש אָפּגערוקט.

— ביזט טאַקע דער בעל-הבית — האָט זי מער זיך ניט גע-קענט איינהאַלטן, — נאָר ווייז ניט דיינע הינטישע שטיק! מען ווייס אַזוי אויך ווער דו ביזט!

— כ'געפעל דיר ניט, מיין געלערנטע דאַמע? האָסט אַ ברירה! אפילו יעצט! — איז סאַשע אונטערגעגאַנגען געהענטער צום ווייב.

---

*) „ריסיט" – קבלה, חשבון.

פרידקין האָט זיך דערשראָקן, מורא געהאַט סאַשע זאָל איבּ־אַמאָל ניט אָפּשפּילן אַ חתונה, האָט ער געכאַפּט די צוויי גלעזער־טיי און מיט אַ נעבּעך פּנים אַריין צו זיך אין צימער.

שושנה איז געשטאַנען בּיים שפּיגל, זיך איבּערגעקעמט די האָר, זיי אַריבּערגעוואָרפן אין צוויי פּאַסמעס איבּער די אַקסלען, גע־קוקט פונם שפּיגל אויף פרידקינען, געזעהן, אַז ער איז גלייכ־גילטיג, האָט זי פאַרדרייט די פּאַסמעס אין אַ קנופּ, אים פאַר־שטאָכן מיט האָרנאָדלען, זיך אַוועקגעזעצט אויפן בּעטל און אַ הויבּ געטאָן מיט די אַקסלען:

— טיי.

זי האָט עטליכע זופּ געטאָן, איבּערגעוואָרפן אַלע בּיכער, וואָס זיינען געלעגן אויפן טיש, בּאַקוקט די רעפּראָדוקציעס, וואָס זיינען געהאַנגען אויף דער וואַנט, אַריינגעקוקט אין דעם קליידערשראַנק, איז פרידקינען איינגעפאַלן, אַז זי קאָן נאָך אויפרוקן דעם שופּ־לאָד מיט די בּרודיגע וועש. ער האָט זיך אַזוי אַוועקגעשטעלט, ער זאָל פאַרשטעלן דעם שופלאָד, געוואָלט פאַרפירן אַ שמועס, ניט געוואוסט ווי, און סתם אַ זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס טרינקט איר ניט, דער טיי ווערט דאָך קאַלט?

— איר ווייסט, מיסטער פרידקין — האָט שושנה זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפן בּעטל — כ׳דאַרף זיך לערנען ענגליש!

— איר קענט דען ניט?

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און זיך אָנגערופן מיט אַ שולדיגע מינע:

— קריגט מיר עפּעס אַ לערער?

— פאַר פערציג סענט אַ לעסאָן קענט איר קריגן אַ גוטן לערער!

— כ׳האָבּ קיין געלט ניט — האָט שושנה אַ הויבּ געטאָן מיט די אַקסלען.

— ר׳ווייסט, ווען ס׳מאַכט זיך מיר, כ׳זאָל איינעם לערנען העב־רעאיש און דערפאַר זאָל מען מיך לערנען ענגליש...

— אַז איר װילט, װעל איך אײַך לערנען — האָט פרידקין איר פאָרגעשלאָגן, און געטראַכט, אַז אַזוי ר׳נאָך הױבן זיך אָן אַלע ליבעס.

— איר קענט דאָך בעסער העברעאיש פון מיר! — האָט שושנה ניט װילנדיג אָנגערירט מיט די שפּיץ פינגער זײַן האַנט.

— רײדן קען איך ניט!

— גוט, נו — האָט שושנה אַ פּאַטש געטאָן אײַן האַנט אָן דער צװײטער און איז אויפגעשפּרונגען — װען פאַנגען מיר אָן?

— אַפילו איצט!

זי האָט געטאָן עטליכע זופּ, אַװעקגערוקט דאָס גלאָז טײ, גענומען פון טיש אַ לײדיג זײַטל פּאַפּיר און עס גענומען רײסן אין שטיקלאַך, די שטיקלאַך אין נאָך קלענערע און באַשאָטן מיט זײ דעם טיש.

פרידקין האָט דערװײל גענומען זוכן צװישן זײַנע ביכער און זי אַ פרעג געטאָן:

— איר קענט גאָר קײן ענגליש ניט?

— אַביסל פאַרשטײ איך!

אין אַ װײלע אַרום זײַנען זײ בײדע געזעסן בײ אַ קײלעכדיגן טישל, אין װאו זײ האָבן זיך ניט געזעצט, געװאָלט ס׳זאָל אױסקו־מען באַקװעמער, האָבן זײערע פיס זיך אַלײן צוזאַמענגעטראָפן. שושנה האָט געלײענט אַ מעשה װעגן אַ שלאָפעדיגער פּרינצעסן, הנאה געהאַט פון אַרויסרײדן די װערטער, און ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז דער בלויזער פּראָצעס פון לײענען באַפרידיגט זי. פרידקין איז געזעסן װי אין פיבער, געפילט װי זײַנע פיס ציטערן און עס װערט אים אַלײן װאַרעמער. ער האָט געקוקט פון דער זײט, באַטראַכט איר ברוינעם האַלז, דעם קאָפּ האָר, געזעהן װי פון דער אָפּשטײענ־דיגער בלוזע קוקט אַרױס אַ בלויע שלײפל, אין די ברוסטן, צװײ קלײנע, שטײפע עפּעלאַך, זעהען זיך אַרױס ביז אין דער העלפט. ער האָט נאָך אַזעלכע קלײנע ברוסטן קײנמאָל ניט געהאַט גע־

זעהן. ער האָט געלייענט, געהערט פון חברים, אַז מיינסטן ראָמאַ־
נען הויבן זיך אָן פון אַ לעסאָן, עפּעס ניט נעגלויבט און אין דער
זעלביגער צייט האָט איס דער בלויזער געדאַנק, אַז ס'קען עפּעס
זיין, געלאַשטשעט און גערעגט. ער האָט געפילט, ווי זיינע פיס
זיינען זיך אין אַן אָנגענומענע וואַרעמקייט, עפּעס פּלאָנטערט זיך אַרום
איס, געהיען אין אַ פאַרלעגנהייט, ווי ר'נאָך מען קריכט אַרויס פון
דעם פּלאָנטער, און פיל מאָל ניט געכאַפּט, וואָס שושנה רעדט צו
איס. מיטן שכל האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אַ צווייטער אויף זיין
פּלאַץ וואָלט אין מיטן לייענען זי אַרומגענומען אַרום דער טאַליע,
גאָרניט מאַכנדיג זיך דערפון, וואָלט זיך נעהענטער צוגערוקט, און
דער געדאַנק האָט זיך ביי איס אַזוי אויסגעשפּיצט, אַז פון בלויזן
רוקן זיך נעהענטער וואָלט איינער אַריין אינס צווייטן. זי וואָלט
אַליך געהאַלטן אין איין לייענען, וואָלט געווען אַזוי פאַרטאָן אין
דער שלאָפנדיגער פּרינצעסן, אַז זי וואָלט קיין זאַך ניט באַמערקט.
דערנאָך, אַז מען האַלט זי שוין פעסט, פאַרוואַרפט מען איר קאָפּ צו
זיך אויף דער ברוסט, דאָס ביכל פאַרמאַכט מען, צי מען וואַרפט
עס אַרונטער אויף דער פאָדלאָגע און...... דאָס אַליך האָט
פרידקין פאַרשטאַנען מיטן שכל, געפילט ווי די הענט רירן זיך
ניט פון אָרט, ווי זיי וואָלטן געווען געליימט. איס איז מיטאַמאָל
אויפן זינען געקומען, ווי די קינדער האָבן איס געיאָגט, ווי ער איז
געלאָפן ווי אַ משוגענער איבערן גאַס, מענשן האָבן נאָכגעקוקט,
און איצט זיצט ער מיט אַ מיידל, איז איס אַליך אויסגעקומען אַזוי
וואָכענדיג, און ער איז נאָך מער ביי זיך געפאַלן.

— איר שלאָפט ? — האָט זי איס אָנגענומען פאַר אַ האַנט,
— ווי לייענט מען דאָס וואָרט ?

פרידקין האָט זיך פאַרלאָרן, ניט געקאָנט איר קוקן אין פּנים
אַריין, ווי זי האָט געוואוסט זיינע רעיונות, איבערגעלייענט דאָס
וואָרט און אין געדאַנק זיך גענומען זידלען. ער האָט באַמערקט.
ווי שושנה לייענט אַליך פאַמעליכער, ווי זי וואָלט זיך געקליבן

איינגעשלאָפן, אירע פּיס ליגן כּמעט אויף זיינע, אירע שפּיץ פינגער
בריהען אים און אין צימער איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי הייס,
דאָס טישל האָט זיך געלייגט אויף אים, ווי אַ שווערע משא, האָט
פרידקין אַליין ניט ווּיסנדיג ווי ר'נאָך, דערפילט שושנהס קאָפּ
אויף זיך. דאָס ביכל איז טאַקע אַראָפּגעפאַלן, געלעגן אונטער
זייערע פיס. די שווערע, פליישיגע שושנה איז געזעסן אויף זיינע
קניה, און האָט זיך געחדושט, ווי לייכט זי איז.
שושנה האָט זיך מיטאַמאָל ארויסגעריסן פון זיינע הענט:
— מען גייט ? !
פרידקין האָט זיך איינגעהערט און זי גענומען בארוהיגן:
— וואָס פאַלט אייך איין, ס'גייט קיינער ניט !
זי איז געבליבן זיצן אויף אַ ווינקל פון בעט, די האָר צעשאָ-
טן, געקוקט אַזוי ווילד און אומבאַהאָלפן אויף פרידקינען, ווי ער
וואָלט זי אומגליקליך געמאַכט.
פרידקין האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן איר קוק, פון זיכער-
קייט ווענן גענומען פאַרשליסן די טיר.
שושנה האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים:
— כ'בעט אייך, דאָס טוט ניט, פאַרשליסט ניט...
ער האָט זי אַרומגענומען, אָנגעהויבן באַרוהיגן, געפילט אויף
זיינע הענט אירע טרערן, געוואָלט זי צוריק אַייקועצן, האָט זיך
שושנה צעהעשעט.
פרידקין האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, מורא געהאַט מען
זאָל ניט דערהערן אין צווייטן צימער, ווי זי וויינט, און געשטאַמלט:
— וואָס איז, שושנה, ס'איז אייך ניט גוט ? איר ווילט אפשר
אביסל וואַסער ?
זי האָט ניט געענטפערט, געבליבן מיטן פּנים אויף זיינע הענט,
געוויינט און געציטערט ווי אַ פיש. פרידקין האָט ניט פאַרשטאַ-
נען, פאַרוואָס זי וויינט. ער האָט דאָך איר גאָר ניט געטאָן? נו,
אַז מען טוט אַ מיידל אַ קוש, דאַרף מען מאַכן אַזאַ חתונה ? און

ווען ניט זי, וואָלט ער איר אפשר קיינמאָל קיין קוש געטאָן! פון פאַרדרוס האָט ער איר געגלעט דעם קאָפּ און זיך געבעטן:

— שושנה, נו באַרוהיגט אייך, שושנה... מען קען נאָך אַריינקומען...

זי האָט זיך געווישט מיט אַ טיכל די אויגן, דערנאָך גענומען זיין האַנט אין אירע און אים געפרעגט:

— האָסט מיך ליב?

פֿרידקין האָט זִיך צעפינטלט, ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, און געשטאַמלט:

— כ'מיין... כ'ווייס... ווי דען...

— איר דאַרפט וויסן — איז שושנה געוואָרן דרייסטער און זיך גענומען שפּילן מיט זיינע פינגער — אַז מיך האָט נאָך קיינער ניט געקושט, אַז איר ווילט ניט, גלויבט ניט, נאָר כ'פאַרזיכער אייך, אַז איר זייט דער ערשטער!

פון צווייטן צימער האָבן זיך געהערט געוואַלדן, ווי מענשן וואָלטן זיך געאַמפּערט. פרידקין מיט שושנהן האָבן זיך אַ ווײַלע איינגעהערט און געבליבן זיצן אַרומגענומענע אויפן בעטל. זי האָט אים געגלעט דאָס פּנים:

כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, פון ערשטן מאָל, ווען כ'האָב מיט אייך גערעדט, זייט איר מיר געפעלן געוואָרן... אַן איינזאַמער, עלנטער בחור און אַז מען איז ניט שיין, טאָ וואָס? דאָס איז ניט אַליין! איך בין אויך עלנט, האָב איך געטראַכט, אַז מיר וואָלטן געוועזן אַ גוט פּאָרל! נו טאַקע, איר וואָלט ניט געדאַרפט נעמען אויף זיך אַן איבעריגן עול! מיר וואָלטן געלעבט ווי איצט, איך פאַרדין פאַר מיר! איבעריגנס, אַז כ'וועל זיך אַביסל „אויסגרינען", רעכן איך אַליין צו עפענען אַ פלאַץ.

— וואָס, איר זייט אַ גוטע שניידערין?

— כ׳מאַך אליין אַ גוט שטיקל אַרבעט! ווען כ׳וואָלט ניט געקענט, וואָלט איך ניט געאַרבעט אין אַזאַ רייכן פּלאַץ!

די קולות אין צווייטן צימער זיינען געוואָרן העכער. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט, געהויבן מיט די אַקסלען.

— מען קריגט זיך? — האָט שושנה געפרעגט.

— מיין בעל־הבית איז אַ משוגענער!

דער גאַז־פּלאַם האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן, און אין צימער איז געוואָרן טונקל.

די געז גייט אויס — האָט שושנה זיך אויפגעשטעלט.

פרידקין האָט גאָרניט געענטפערט, אַ צעטראָגענער געקוקט, ווי דאָס פלעמל ווערט אַלץ קלענער, געוואוסט, אַז די געז קען ניט אויסגיין, ס׳איז ניט קיין „קוואָדער־מיטער", און זיך געישובט, צי ער זאָל אַריין צו סאַשען, צי ניט. מיטאַמאָל איז געוואָרן שטאָק־פינסטער. פרידקין האָט אַן עפן געטאָן די טיר, ניט געוואוסט, וואָס ס׳איז מיטאַמאָל געוואָרן, געבליבן שטיין אין דער טיר און זיך איינגעהערט.

— איך דאַרף ניט מען זאָל ברענען מיין געז! — האָט זיך געהערט סאַשעס קול — איך דערלייג צום באָרדער! מיך קאָסט מער ווי זעקס דאָלאַר דאָס צימער! לאָז ער „אַרויסמופן"! איך וועל יעדן אָוונט אָפּשליסן די געז!

— ביזט אַ גראָבער יונג — האָט ויערע ווייגענדיג געענט־פערט — ווי באַליידיגט מען אַזוי מענשן? מען לאָזט זיי זיצן אין דער פינסטער? ווילסט טייערער פאַרן צימער, זאָג, ניט פאַר־דרייען די געז, ווען אַ פרעמדער מענש איז אין הויז!

פרידקין האָט זיך געכאַפּט, אַז סאַשע האָט אָפּגעשלאָסן די געז, און אַ באַליידיגטער צוריק אַריין צו זיך. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן פון פאַרדרוס, אַ לענגערע צייט געשטאַנען מיט שושנהן ביי דער טיר, געהאַרט און זיך איינגעהערט, ווי זיי וואָלטן

מורא געהאַט, מען זאָל זיך ניט וואַרפן אויף זיי. פּאַמעלאַך האָט ער געעפנט די טיר, געשטאַנען אַ ווײַלע מיט אַן אָנגעשפּיצט אויער, און אַז ער האָט גאָרניט מער געהערט, האָט ער מיט שושנהן זיך גענומען גנבענען אויף די שפּיץ נעגל, געטאַפּט אין דער פינסטער, און ביז ער האָט געעפנט די טיר און אַרויס אין קאָרידאָר אַריין, איז אים עטליכע מאָל הויל געוואָרן בײַם האַרצן, יעדעס מאָל גע־מיינט, אַז סאַשע כאַפּאַלט אים.

## XI.

צומאָרגנס איז פֿרידקין געלעגן ביז אַ שטיק אויפֿן טאָג אין בעטל און אַליין געטראַכט, אַז ער וועט מוזן זיך גיין זוכן אַן אַנדער צימער. ער וועט זיך ניט לאָזן באַליידיגן פֿון אַזאַ גראָבן יונג, ווי סאַשע! דערצו האָט ער צוגעזאָגט שושנהן, אַז נאָך היינט גייט ער זוכן אַ דירה. נו טאַקע, ס׳קומט צו אים אַ מיידל צו גאַסט, שליסט מען אָפּ די געז און מען לאָזט אים זיצן אין דער פֿינסטער! וואָס, ער צאָלט ניט? אַ שווייגעריי! וואָלט לאַנג זיך שוין אויפֿגעהויבן, האָט ער אָבער אָפּגעמאַכט מער ניט אַריינצוגיין צו די בעלי־בתּים, געלעגן אַביסל לענגער, ער זאָל זיך איינשפּאָרן דעם אָנבייסן און קענען גלייך גיין עסן מיטאָג. נאָך היינט לאָזט ער זיי וויסן, אַז ער ציהט זיך אַרויס. טיף אין האַרצן האָט אים באַנג געטאָן, נאָך וואָס ער האָט פֿאַרפֿירט אַן עסק מיט שושנהן, און צומיינסטן האָט ער זיך געערגערט, צו וואָס ער האָט זיך געאײַלט איר געבן אַ וואָרט.

איז עס טאַקע אמת, אַז אַ בחור זאָל זי קיינמאָל ניט האָבן געקושט? אַ מיידל וואָס דרייט זיך תּמיד צווישן בחורים און אַ געוואַלדיג שיינע איז זי אויך ניט? דערצו, אויב ער פֿאַרבינדט זיך מיט איר, מוז ער אויפֿגעבן אַלע פּלענער, וועט בלייבן אויפֿן גאַנצן לעבן אַ מלמד... ער וואָלט זעהר גערן זיך געוואָלט אַרויסדרייען פֿון איר, געפֿילט, אַז ער קריכט אַריין אין אַ פּלאָנטער. צו אַלע צרות איז נאָך איצט צוגעקומען אַ נייע — גיי און זוך אַ

צימער. און דו ווייסט שוין וואו דו פֿאַלסט אַריין? דאָ איז ער שוין צוגעוואוינט, זיך אײַנגעלעבט מיט דער בעל-הביתטע און מיטאַמאָל נעם אַראָפּ די בילדער פֿון די ווענט, די ביכער פֿון טיש, פּאַק אַלץ איין, און דער איטאַליענער, וואָס פּירט אייז, וועט דיך אויף זיין נאַס וועגעלע איבערציהען. פרידקין האָט פֿון יעדער קלייניגקייט געמאַכט אַ היעזן, גענומען יעדע זאַך אַזוי שווער, אַז ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַן אומגליקליכן מענשן.

שפּעט אויפֿן טאָג איז ער אַרויס פֿון בעטל, זיך געשעמט צו גיין זיך אַרומוואַשן, לאַנג געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך איינגעהערט. ס׳איז געווען שטיל. ער האָט לייכט געעפֿנט די טיר, זיך ווידער איינגעהערט און זיך גענומען גנבענען אין באָד-צימער אַריין. אַן אַרומגעוואַשענער האָט ער דערפֿילט, אַז ס׳הונגערט אים, באַמערקט, אַז אין שטוב איז קיינער ניטאָ און געכאַפּט אַ קוק אין קיך. אויפֿן טיש איז געשטאַנען אָנגעגרייט דער אָנבייסן פֿאַר אים. ער האָט אים כמעט שטייענדיגערהייט אַריינגעכאַפּט, זיך עטוואָס באַרוהיגט און ווי אַ יינגל, ווען ער וויל ניט גיין אין חדר, גענומען זוכען תירוצים, אַבי ניט צו האָבן קיין געוויסנסביסע, אַזוי האָט פרידקין איצט גענומען אויסזוכן בלויז מעלות און שבחים אויף זיין בעל-הביתטע, אַבי ניט צו דאַרפֿן גיין זוכן אַן אַנדער צימער.

ער האָט געהערט, ווי זיין בעל-הביתטע מיטן קינד זיינען אָנגעקומען פֿון דער גאַס, איז ער צוריק אַריין צו זיך. ער האָט חשק געהאַט אַרויסצוגיין צו איר, זיך מיט איר אויסשמועסן, פֿאַרוואָס ס׳איז אים געקומען אַזוי גראָב צו באַהאַנדלען, געהאַט די גאַנצע דרשה אויף דער שפּיץ צונג, זיך עטליכע מאָל אָפּגעשטעלט און געבליבן יעדעס מאָל שטיין ביי דער טיר. ער האָט געהערט, ווי זי שלעפּערט איין דאָס קינד, ניט געהאַט קיין מוט אַרויסצוגיין און זיך צוריק אַוועקגעזעצט. ער האָט זיך געווינט אויף דער שטול, זיך צוגעהאַלטן מיט איין פינגער אָן טיש, ער זאָל ניט

אָנווערן דעם גלייכגעוויכט, און זיך געפּלאָנטערט ווי אין אַ שפּינ־וועבס. ער האָט אָפּגעפּטרט מער ווי אַ האַלבן לעבן, גאָרניט געטאָן פאַר זיך און איצט איז אים נאָך ערגער, ווי מיט פופצן יאָר צוריק, ווען ער איז נאָר אַריבערגעקומען. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אַלט, צעבראָכן, מיט אַ צעקנייטשט פּנים און אַ שרעק, אַז ער וועט שוין אַזוי ס'גאַנצע לעבן אָפּפינסטערן אין אַזאַ צי־מערל, האָט אים אַרומגענומען. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, גע־זעהן, ווי די פליגן וואָס אויף דער וואַנט, אויף דער סטעליע, צע־וואַקסן זיך, ווערן פאַרוואַנדלט אין שפּינען. די שפּינען רעדלען זיך אַרויף, אַראָפּ, ציהען אָן פעדים פון אַלע ווינקלען, פלעכטן זיך אַרום אים.

די בעל־הביתטע איז אַריין אַ בלאַסע, נערוואָזע אַ שמייכל טאָן, געזעהן פרידקינס צערודערט און ערנסט פּנים, איז דער שמייכל ערגעץ אינוויינינג ביי איר געבליבן שטעקן און אַן איבערגעשראָקענע האָט זי געשטעלט אַ טריט אויף צוריק, ווי זי וואָלט געוואָלט צו־ריקגיין, און אָנגעהויבן צו שטאַמלען:

— מיסטער פרידקין... איר דאַרפט זיך גאָרניט מאַכן דער־פון... ער איז משוגע...

— דאַרף מען מיך אַזוי באַליידיגן און אויסלעשן די גאַז?

— אַז ער פאַרשוואַרצט מיר תמיד ס'פּנים — האָט די בעל־הביתטע זיך גענומען ווישן די אויגן — וואָס האָב איך ביי אים? איר זעהט דאָך! כ'וואָלט געגאַנגען פאַר אַ קעכין, וואָלט איך מער געהאַט! כ'טענה מיט אים, משוגענער, מיסטער פרידקין ברענט אויס צופיל גאַז, בעט נאָך אַ האַלבן דאָלאַר א חודש, ניט גייסט אָפּשליסן די גאַז? פאָלגט ער מיך? ער האָט דאָך שיעור מיך ניט געוואָלט אויפעסן!...

די בעל־הביתטע האָט געווישט די רויטע אויגן, געשטאַנען אין דער טיר און לייכט געהעשעט. פרידקין האָט זיך איינגעקוקט, זי וואָלט באַרוהיגן און אַ זאָג געטאָן:

— וואוינט מען ניט מיט אים !

— דער סוף וועט זיין, אז מיר וועלן זיך צעגיין — האָט די בעל־הביתטע אַרויסגעוויינט — איר זייט גאָר אַ מבין, וואָס דער מענש טיילט מיר אויס? וואו כ׳גיי מיט אים, האָב איך חרפּות און בושות ! מער ווי ס׳לעפל עסן ביי אים האָב איך ניט, דאַרף מען שטיין מיט אַזאַ נישט ?

פרידקין האָט זיך גענומען דרייען ארום איר, ווי אַן אַלטער קאָטער ארום אַ הייסע שיסל מילך. ער האָט געפּריסקעט, געשמעקט, זי בּאַרוהיגט און נאָך אַ לענגערן ישוב־הדעת זי אָנגענומען פאַר די הענט :

— נעמען זיך שטאַרק צום האַרצן דאַרף מען אויך ניט !

— אַז איר ווייסט ניט, מיסטער פרידקין -- האָט זי לייכט זיך אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט און אָנגעשטעלט אַ שנעבעלע — וואָס איך האָב איבערגעלעבט פון נעכטן אָן ! כ׳בין דאָך שיעור ניט משוגע געוואָרן !

פרידקין איז געוואָרן גערירט און איר גענומען גלעטן די האָר. זי האָט עטוואָס איינגעבויגן דעם קאָפּ, געגלעט מיט אירע אויסגעאַרבעטע פינגער זיינע הענט. זייערע פינגער האָבן זיך איינגעפלאָכטן, געציטערט און ביידע האָבן זיך מיט גלאַנציגע פאַרלאָפענע אויגן אָנגעקוקט איבער אַ מינוט. אַ כוואַליע היץ האָט מיטאַמאָל אַ שלאָג געטאָן איבער זייערע קעפּ, זיי צוגעפירט צום ניט אויפגעבעטן בעטל. זי האָט אויף שטום־לשון זיך עפּעס געבעטן ביי אים מיט די אויגן, זיך לייכט געוועהרט, אים אַ קוש געטאָן. ער האָט קיין זאַך ניט געזעהן, געפילט בלויז, ווי די כוואַליע היץ פּאַראַליזירט אים.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיי האַלב־פאַרשעמטע זיך אָנגעקוקט. יעדער פון זיי האָט געוואָלט וואָס גיכער פּטור ווערן פון צווייטן, בלייבן מיט זיך. סיי פרידקין, סיי ווייערע האָבן ניט געגלויבט,

וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. יעדער פון זיי האָט געפילט פון זיינע איינענע הענט דאָס לייב פון צווייטן.

ווירע האָט איינגעגראָבן דאָס פּנים אין קישן און אַזוי געבליבן ליגן. פרידקין האָט זיך געפילט שולדיג, אויפגעהויבן איר קאָפּ און זיך געבעטן:

— ווירע, ביזט בייז? זיי ניט בייז!

— כ'בין ניט — האָט זי אַ פאַרשעמטע געענטפערט און איז ניט געקענט קוקן אין די אויגן אַריין — קוקט ניט אויף מיר אַזוי. איר זעהט אויס, ווי איר וואָלט געטרונקען אָפּיום.

— דו ווייסט — האָט זי פרידקין אַרומגענומען — כ'האָב שוין לאַנג געבענקט נאָך דיר.

— האָב איך אייך די ערשטע צייט פיינט געהאַט! — האָט ווירע געשמייכלט און ניט אויפגעהויבן די אויגן.

— פאַרוואָס?

ביידע האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעקוקט, ווי איינער וואָלט געלייגט די שולד אויפן צווייטן און זיך אויפגעשטעלט. מען האָט אָנגעקלונגען.

— עפנט ניט — האָט ווירע אָפּגעשטעלט פרידקינען.

— אפשר איז עס צו מיר?

— אָל-רייט, כ'עפן גלייך — האָט ווירע זיך צורעכט געמאַכט די האָר און אַרויס פון צימער.

פרידקין איז געבליבן אין דער טיר, געווען נייגעריג, ווער עס קען איצט צו אים קומען. אָן די טריט האָט ער דערקענט סאַשען, עפּעס ניט געגלייבט און אַ פאַרציטערטער זיך איינגעהערט. ס'איז געווען סאַשע. פרידקין האָט אויף גיך צוגעמאַכט די טיר, זי פאַרמעלאַך צוגעשלאָסן, קוועטשנדיג דעם שליסל, מען זאָל ניט הערן, און געוועזן זיכער, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער. סאַשע וועט געוויס דערקענען, וואָס דאָ איז געווען, וועט באַלד אויפברעכן די טיר, איר פרעגן אַ „פרעטענזיע“. ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן,

נעהערט טעמפּע קולות, באַלד אַ פאַרשטיקט געוויין, און אַ בלאַ־
סער, מיט אַ הוילקייט ביים האַרצן, ווי עס וואָלט זיך דאָרט עפּעס
אָפּגעריסן, האָט ער געוואַרט מען זאָל אָנקלאַפּן אין טיר. ער
האָט אַ קוק געטאָן דורכן פענסטער, געקלערט צי מען קען זיך ניט
אָפּטראָגן. די הויך האָט אים אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן
און ער האָט זיך אָפּגערוקט. פון זיכערהייט וועגן האָט ער גענומען
זיין קליין מעסערל, אַז אפשר וואָס ווען, זאָל ער האָבן מיט
וואָס זיך צו פאַרטיידיגן, און געבליבן שטיין ביי דער טיר. קאַלטע
טראָפּנס שווייס האָבן אַרויסגעשלאָגן ביי אים אויפן שטערן, און ער
האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ערגעץ געלייענט פונקט אַזאַ מעשה,
ווי ס'האָט מיט אים דאָ פּאַסירט, דער אונטערשייד איז, וואָס
דאָרט רופט מען זיך ארויס אויף אַ דועל.

— מיסטער פרידקין... פּליעז, מיסטער פרידקין...

פרידקין האָט געפילט, ווי די כוחות גייען אים אויס, ווי סאַשע
וואַרפט זיך אויף אים. ער האָט קוים גענומען די טיר, פעסט
געהאַלטן דאָס צעעפנטע מעסערל און געוואַרט.

— איר וועט מיר אַנטשולדיגן, מיסטער פרידקין — האָט
סאַשע פאַרלוירן געשמייכלט — כ'מיין, איר דאַרפט זיך דערפון
נאָרניט מאַכן, וואָס ס'איז נעכטן געווען... — ס'טרעפט אַמאָל,
כ'האָב נעכטן אין אַ רומענישן קעלער איבערגעכאַפּט די מאָס,
איר ווייסט דאָך, האַ, האַ, האַ!

מען האָט אָנגעקלונגען. סאַשע איז געלאָפן עפענען די טיר. אַ
קרענקליך צעפלאַמטער, מיט אַ פּאָר פאַרלאָפענע אויגן, איז ער
געבליבן שטיין. ער האָט אינסטינקטיוו דורכגענומען זיינע פינף
פינגער איבערן צעשויבערטן קאָפּ האָר, וואו פון פאָרנט זיינען זיי
געווען שיטער און אויפן סאַמע פראָנט זיך אַוועקגעשטעלט אין
צוויי צונויפגעפלאָנטערטע שפּיצן, ווי מען מאָלט געוויינליך די
הערנער ביים טייוול.

פון זיינע אייגענע פינגער האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין דער ריח פון וויערעס לייב, און וואו ער האָט זיך ניט אַ דריי געטאָן, האָט ער געפילט דעם ריח פון פודער און שווייצער קעז. ער האָט באַמערקט אַרום איינעם פון זיינע קנעפלאַך אַ לאַנגע שוואַרצע האָר, זי אַוועקגענומען און איבער א רגע ניט געקענט פּטור ווערן פון איר. ווי ער האָט זי ניט געוואָרפן, האָט זיך די האָר ווי אַ דין שלענגל גערדרייט, זיך ניט געוואָלט אָפּוויקלען, ביז ער האָט פון כעס זי ניט צעריסן אויף שטיקלאַך.

— האַללאָ, פרידקין — איז קרוזע אַריין.

פרידקין איז אַזוי איבערראַשט געוואָרן, זועהענדיג פאַר זיך קרוזען, אַז ער האָט אַפילו פאַרגעסן אים צו באַגריסן.

דער דיקער קרוזע האָט זיך אַוועקגעזעצט, געפרייכט ווי אַ גאַנז און איידער פרידקין האָט צייט געהאַט עפּעס צו זאָגן, האָט ער אים געפרעגט:

— וואָס איז דער מער, פרידקין? ביזט ניט געזונט? זעה נאָר ווי דו זעהסט אויס? ווי אַ האָן נאָך תשמיש!

פרידקין האָט זיך פאַרלוירן, צוגעגאַנגען צום שפּיגל, זיך כלומרשט געחדושט, צי ער זעהט טאַקע שלעכט אויס און אַ הויב געטאָן מיט אַן אַקסל:

— כ׳בין עפּעס ניט מיט אַלעמען!

קרוזע איז ניט איינגעזעסן, זיך איבערגעגאַנגען איבערן צימער און זיך צוגעזעצט אויפן בעטל. ער האָט גענומען אין דער האַנט אַריין אַ האָרנאָדל, וואָס איז דאָרט געלעגן, זי געבויגן, דערנאָך זי באַטראַכט, זיך אַ כאַפּ געטאָן און עס אונטערגעטראָגן פריד-קינען מיט אַ שמייכל:

— פון וואַן קומט עס צו דיר?

פרידקין איז בלאַס געוואָרן, גענומען פון אים די האָרנאָדל, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל געזעהן, און זיך מיטאַמאָל איינגע-קאָרטשעט, ווי אַן אַלטער, ערטערווייז אויסגעצופּטער האָן:

— כ׳ווייס טאַקע ניט!

— ע, זיי זיך מודה, — האָט קרוזע אים אַ קיצל געטאָן אונ־טערן אָרעם.

— האָסט ניט פאַרגעסן דיינע אַלטע שטיק! — האָט פריד־קין אים אַ קלאַפּ געטאָן איבער די פּלייצעס און זיך כלומרשט אויך צעלאַכט — נו, וואָס הערט זיך?

— ווייסט, זיסקינד לערנט שוין ניט אין דער תלמוד־תורה!

פרידקין האָט אָן אַלעם פאַרגעסן און אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן:

— מען האָט אים אָפּגעזאָגט?

— ער האָט זיך אַליין אָפּגעזאָגט!

— וואָס הייסט, ער האָט אַן אַנדער שטעל?

— יאָ!

— וואו?

קרוזע האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך דורכגעגאַנגען עטליכע מאָל איבערן צימער, זיך צוריק אַוועקגעזעצט, זיך פאַרטראַכט, אַפּנים פאַרגעסן, אַז פרידקין וואַרט אויף אַן ענטפער.

— וואָס, ס׳איז עפּעס געשעהן מיט זיסקינדן?

— אָ, — האָט קרוזע זיך אַ כאַפּ געטאָן — בּרעכט ער דעם קאָפּ, כ׳פאַרגין זיי נאָך אַ משומד. אַז אַ צוויינ, פאַרשטייסטו מיך, נעמט איינדאַרן, איז וואָס ניכער זי בּרעכט זיך אָפּ, פאַלט אַרונ־טער, אַלין געזינטער פאַרן בּוים... ווען ניט דאָס ווייבּל, וואָלט איך אַ שפּיי געטאָן און פּטור! זאָגסטו, ער איז ניט געווען דאָ?

— מיינסט עס מיט אַן אמת? — האָט פרידקין אַן איבּער־ראַשטער אָנגעכאַפּט קרוזען פאַר אַ האַנט — ער האָט מיר גע־זאָגט, אַז ער האָט אַרבּעט פאַר אַ „מישאָן״־הויז*), זעצט פאַר זיי עפּעס איבּער אין יידיש, נאָר ס׳זאָל האַלטן אַזוי ווייט...

---

*) מיסיאָנערן־הויז.

— האָסט נערעכנט, אַז אַזאַ אַרבעט ניט מען רבנים ? — האָט קרוזע מאָרנע געשמייכלט — דער וואָס גלויבט ניט אין יעזוסן, אָדער אַמווייניגסטנס מאַכט ניט דעם אָנשטעל, אַז ער גלויבט, וועט אַזאַ אַרבעט ניט קריגען !

— ווער זאָל זיך ריכטן אויף אַזאַ משוגעת ? — האָט פרידקין אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען — כ'בין אָבער זיכער, אַז ער גלויבט ניט !

בשעת זיי האָבן גערעדט, איז זיסקינד שטיל אַריין, געבליבן שטיין אין דער טיר, זיך איינגעהערט, און ביי די לעצטע ווערטער האָט זיין בלאַס פנים אַ צוג געטאָן, ווי ער וואָלט איבערגעטראָגן אַ ווייטאָג.

— דאַרפסט ניט זיין אַזוי זיכער — איז זיסקינד צוגעגאַנגען צום טיש — כ'וואָלט ניט געגלויבט, וואָלט איך אַהין ניט אָנגעקומען.

דערזעהענדיג זיסקינדן, האָבן ביידע געעפנט אַזעלכע אויגן, ווי מען זעהט ביי אַ מענשן, ווען ער קריגט אַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן קאָפּ.

קרוזע האָט געהאַלטן, אַז פאַר אַ ייד דאַרף זיין אַ פחיתות-הכבוד אַפילו אָנצוקוקן אַ משומד, און ער האָט זיך אַוועקגעדרייט, ער האָט איינגערוימט פרידקינען, ער זאָל אים דאָ פאַרהאַלטן ביז בערטע וועט קומען, און איז אַרויס פון צימער.

פרידקין האָט זיך געוואונדערט, פאַרוואָס זיסקינד, פאַר וועמען ער האָט שטענדיג דרך-ארץ געהאַט, איז אים געוואָרן פרעמד און דערווידער. ער האָט מער אין אים ניט געזעהן קיין חבר. דער אַלטער האַס און פאַראַכטונג, וואָס ליגט אומבאַוואוסט אין יעדן ייד צו אַ משומד, האָט זיך איצט דערוועקט ביי פרידקינען און ער האָט געפילט, אַז ער וועט אים באַלד באַליידיגן, מיאוס באַליידיגן. דאָס קליינע מענשל, ביי וועמען אַליך איז געווען איינגעטיילט אין העכערע און נידעריגע ראַנגען, וואו דער מיטל-פונקט איז ער, פריד-

קין, דאָס מענטשל האָט בײַם וואָרט „משומד“ צעמישט די ראַנ־גען, זיך אויפגעהויבן העכער און זיך דערפּילט בכוח אָנצושפּייען זיסקינדן אַ פול פּנים, ניט קוקנדיק אויב ער איז אַפילו גערעכט. דאָס ערשטע מאָל אין יאָרן האָט זײַן פאַרזשאַווערטער מוח גע־אַרבעט שנעל, ספּאַזמענהאַפט. ער האָט חשק געהאַט צו פאַר־פירן מיט זיסקינדן אַ ויכוח, געליטן, וואָס ער ווייסט ניט „מה להשיב לאַפּיקורס“ און זיך געהאַלטן אין איין חזרן — נו, אַז ס׳וועט זײַן ס׳גרעסטע געפאַר פאַר מײַנס אַ קינד, כ׳מיין, אַז מל צו זײַן מײַנס אַ קינד וועט שמעקן מיט סכנות־נפשות, וועל איך עס ניט מל זײַן?

ער האָט געקוקט אויף זיסקינדן, ווי ער איז געזעסן אַ פאַרלאָ־רענער, געהוויעז געמישט דאָס קליינע תנכ׳ל וואָס איז געלעגן אויפן טיש, און ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז ער קלייבט זיך צו פאַר־טיידיגן.

שפּרייזנדיג האָט זיך פרידקינען געדאַכט, אַז מען האָט אָנגע־קלונגען. ער איז ניט געגאַנגען עפענען. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך עס נאָכאַמאָל דערמאָנט, געטראַכט, אַז מען איז שוין מסתמא אַוועקגעגאַנגען, האָט מען פונקט דעמאָלט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

בערטע איז אַרײַן. זיסקינד האָט זיך אויפגעשטעלט, גע־מאַכט צוויי טריט, זיך פאַרלאָרן און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

— אויף אַזאַ גאַסט האָב איך זיך גאָרניט גערעכט — האָט פרידקין אַ שמייכל געטאָן און איר געשטעלט אַ שטול.

זי האָט גאָרניט געענטפערט, זיך אַוועקגעזעצט, פאַרבראָכן די הענט, ווי זי וואָלט געהאַט אַ מסוכנדיגן חולה אין שטוב, און זיך געווענדעט צו פרידקינען:

— נו, מיסטער פרידקין, וואָס זאָגט איר צו מײַן אומגליק?

— ס׳אַ אומגליק? — האָט פרידקין זיך געמאַכט תמעוואַטע.

דאָס ווייבל האָט אים אַ קוק אָן געטאָן מיט אַזאַ בטול, אַז פרידקין האָט זיך פאַרלאָרן, געפילט ווי ס׳פּנים ווערט בײַ אים נאַריש, און ער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען:

— גלויבט מיר, מיסעס זיסקינד, אַז ער מיינט עס אַליין ניט! איר קענט אים ניט?

— וואָס מיינט איר? — האָט דאָס ווייבל זיך אָנגעהויבן קאָכן — אַ מענש ליגט גאַנצע טעג אין „טשווירטש" (קלויסטער), וועט איר מיר אײַנריידן, אַז ער מיינט גאָרניט דערמיט? אַז די חברים נעמען זיך נאָך אָן פאַר אים, וואָס קען איך מיר, אָרעמע, העלפן? ווען אַזאַ אומגליק פּאַסירט צווישן פּראָסטע יידן, וואָלט מען אים די ביינער צעבראָכן! און דאָ, „היברו טיטשערס"... כ׳הייס, מען פאַרליבט זיך אין אַ שיקסע, אָבער צו ווערן מיטאַמאָל אַזוי משוגע...

זי האָט זיך אָנגעהויבן ווישן מיט אַ טאַשנטיכל די נאָז און זיך שטיל פונאַנדערגעוויינט. עס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. דאָס אָפּגעהאַקטע העשען האָט זיך געלייגט ווי אַ משא, פול געמאַכט דעם צימער, איז פרידקינען ענג געוואָרן, זיך ניט געקענט קיין ריר טאָן, ווי דער צימער וואָלט געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. פרידקין, בײַ וועמען ס׳גרעסטע פאַרגעניגן איז געווען צו מאַכן וויינען אין קלאַס אַ יינגל, האָט זיך איצט אַליין געחדושט, פאַרוואָס בײַ זיך אין צימער קען ער קיינמאָל ניט הערן, ווי מען וויינט. ס׳איז אים אײַנגעפאַלן, אַז די בעל־הביתטע שטייט הינטער דער טיר, הערט זיך איין, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער זי אַן עפן געטאָן, קיינעם ניט געזעהן און ס׳האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס אַזעלכע נאַרעשקייטן קומען אים איצט אין קאָפּ אַרײַן. ער האָט געטראַכט, אַז ס׳ווייבל איז גערעכט, מען דאַרף זיסקינדן גוט אָנזידלען און געפילט, אַז דער חוב ליגט איצט אויף אים.

זיסקינד איז נעזעסן אַ בלאַסער, געפּינטלט מיט די אויגן, גע־הויבן מיט די אַקסלען, ווי ער וואָלט ניט געוואוסט, וואָס מען וויל פון אים, און זיך אויסגעדרייט צום ווייב:

— כ׳ווייס ניט, וואָס דו ווייסט? אַז מיט דיר קען מען ניט ריידן! דו ביזט ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר מיר! וואָס אַרט מיך ניט, סאַרע איבערצייגונגען דו האָסט?

— איבערצייגונגען? — האָט ס׳ווייבל אים איבערגעריסן, צע־נומען די הענט און אויפגעשפּרונגען מיט אַ וויינענדיג געלעכטער — אַ מענש גייט זיך שמדן און רעדט וועגן איבערצייגונגען! נו, וואָס שווייגט איר? — האָט זי זיך אויסגעדרייט און אַ געשריי געטאָן אויף פרידקינען — וואָס זאָגט איר אים גאָרניט?

פרידקין האָט זיך פאַרלאָרן, גענומען גיין צו זיסקינדן, געבליבן אין מיטן צימער, פאַרוואָרפן נאַריש דעם קאָפּ און בשעת־מעשה זיך געטראַכט, וואָס וויל מען פון אים, וואָס איז ער דאָ שולדיג? ער איז געווען בייז אויף זיך, פאַרוואָס ער איז אַזאַ בטלן, געווען זיכער, אַז ביי אַ צווייטן וואָלט עס אַרויסגעקומען אַזוי נאַטירליך און, ווי איינער וואָס וויל ניט טראַכטן, פאַרקוועטשט די אויגן און שלינגט אַראָפּ אַ לעפל ריצנאייל, פונקט אַזוי האָט זיך פרידקין אַ לאָז געטאָן צו זיסקינדן, אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ לאַץ פון ראָק, אַז יענער האָט זיך אַזש פון שרעק אונטערגעהויבן, און ווילד אים אויסגעשריען אין פּנים אַריין:

— הוילסט מיר טאַקע איינריידן, אַז דו טוסט עס אויס איבער־צייגונג?

— אויב דו קאָכסט זיך ווי מיין ווייב, וויל איך דיר ניט ענט־פערן!

— ווער קאָכט זיך? — איז פרידקין רויט געוואָרן און גע־שריען נאָך העכער — כ׳לייד נאָר ניט קיין עולות! וואָס לייגסטו אַריין די יראה אין דער טומאה? ווילסט זיך שמדן, שמד זיך! ברעך דעם קאָפּ! געדענקסט, דו האָסט מיר אַליין אַמאָלט געזאָגט,

אַז דו לייִדסט דערפֿון, וואָס דו מוזט לערנען מיט די קינדער דינים פֿון שולחן ערוך, און זיך נעוואונדערט, פֿאַרוואָס מען פּאַלט אָן אויף אַ מיסיאָנער ? אַז דו ביזט ניט בעסער !

— אמת — האָט זיסקינד געלאַסן געענטפֿערט — כ׳האָב אין קיין זאַך ניט געגלויבט, תמיד אָבער געפֿילט, אַז מיר פֿעלט אַ גלויבן... מיין פֿרוי ווייס עס, ניט איין מאָל האָב איך מיט איר וועגן דעם גערעדט...

— און דאָס יידישע גלויבן — האָט פֿרידקין אָנגעהויבן.

— דאָס יידישע גלויבן האָט מיך ניט באַפֿרידיגט — האָט זיסקינד אים ניט געלאָזט ענדיגן — כ׳האָב דאָרט גאָרניט געפֿונען... ווייניגסטנס, גאָרניט פֿאַר מיר...

— אָבער „יאָסעלע פּאַנדריק“ ? — האָט ס׳ווייב זיך היסטעריש צעלאַכט — דאָרט האָסטו געפֿונען די ישועה, האַ ? אַ קלאָג, וואָס פֿון דיר איז געוואָרן, מיין מאַן !

זיסקינד האָט גאָרניט געענטפֿערט, נעזעסן אַ בלאַסער, און מען האָט געקענט זעהן, אַז ער לייִדט זעהר.

— און דאָס קריסטליכע גלויבן האָט דיך באַפֿרידיגט ? — האָט פֿרידקין ווידער געפֿרעגט.

— יאָ. איר מעגט לאַכן, שפּייען מיר אין פּנים אַריין, נאָר גלויבט מיר, ווען ניט דאָס קריסטנטום, וואָלט איך שוין היינט געווען אויפֿן עולם־האמת !

—הלואי, רבונו של עולם!—האָט ס׳ווייבל צעשפּרייט די הענט.

— פֿאַר די לעצטע צוויי חדשים — האָט זיסקינד ווייטער גערעדט — בין איך אַרומגעגאַנגען, ווי אין אַ הינערפֿלעט, מיינע לייִדן זיינען געווען שרעקליך, כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל פֿון זינען קומען, און מיטאַמאָל, ווי פֿון זיך, האָט אַ נעהיימע האַנט אַראָפּגענומען פֿון מיינע אויגן אַ הייטל, און ס׳איז מיר ליכטיג געוואָרן. איך האָב פֿון זיך אַליין א י ם דערקענט, דערפֿילט אין זיך ד ע ם, וואָס האָט געליטן פֿאַר די מענשנס זינד. מיינע לייִדן האָבן אויפֿגע־

הערט, די נשמה האָט זיך באַרוהיגט, און איר — האָט ער מיט די הענט געוויזן אויפן ווייב און פרידקינען — איר איינגעקשנטע, בלינדע, קענט עס ניט באַגרייפן!

— משוגע! — האָט ס׳ווייבל פאַרבראָכן די הענט — ער איז מיט אַן אמת משוגע!

— כ׳פאַרשטיי ניט — איז פרידקין געוואָרן ערנסטער — אום ס׳זאָל דיר לייכטער ווערן, האָסטו באַדאַרפט דווקא דעם קריסטליכן גאָט, האָסט דאָך געקענט זיך ווענדן צום יידישן?

— ער איז צו ווייט... צו ווייט פון אונז... — האָט ויסקינד אויפגעהויבן די אויגן.

— און דער קריסטליכער?

— ער איז צווישן אונז — האָט ויסקינד אַ צעשטראַלטער געענטפערט — אין מיר, אין דיר, דאַרפסט נאָר וועלן, דאַרפסט נאָר תשובה טאָן...

— רעדסט דאָך טאַקע ווי אַ מיסיאָנער! — האָט זיך פריד-קין צעלאַכט.

— נו, וואָס זאָגט איר צו מיין אומגליק? — האָט ס׳ווייבל זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צום מאַן, ארויפגעלייגט אויף אים ביידע הענט און זיך געבעטן מיט טרערן אין די אויגן—אויב דו האָסט ניט רחמנות אויף מיר און אויף דיר אַליין, האָב רחמנות אויף דיינע צוויי קינדער! יידן וועלן דאָך אונז אויסמיידן ווי אַ פּעסט, כ׳בעט דיך, ווי לאַנג ס׳איז ניט שפּעט, באַרעכן וואָס דו טוסט...

ויסקינד האָט אַרומגענומען מיט איין האַנט דאָס ווייב, איר אַ קוש געטאָן אין שטערן און נאָרניט געענטפערט.

— נו, כ׳בעט דיך...

— זינדיג ניט, מיין ווייב!

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אים, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ מיט די גרינליכע אויגן, ווי אַ שלאַנג, ייען זי גייט אַ ביס טאָן, און אים אַ שפּיי געטאָן אין פּנים אַריין:

— משומד !

ער האָט געמאַכט צוויי טריט אויף צוריק, זיך גענומען ווישן דאָס פּנים, איז זי אַ צערייצטע מיטן פאַרריסענעם קאָפּ צוגעלאָפן און אים גענומען שלאָגן, וואו זי האָט נאָר געטראָפן. וואָס זי האָט אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש, איז די האַנט ביי איר ווי לייכטער געוואָרן, און ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז זי וועט אים דערהרגענען. ער האָט זיך ניט געווערט, געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און גע־פינטלט מיט די אויגן.

פון די קולות האָט ווערע געעפנט די טיר און אַן איבערגע־שראָקענע אריינגעקוקט. איר קינד איז געקראָכן אויף אַלע פיר, געזעהן ווי מען שלאָגט זיך, האָט עס זיך פונאַנדערגעוויינט.

— וואָס שטייט איר ווי אַ גולם ? — האָט ווערע זיך געוועג־דעט צו פרידקינען — זי וועט דאָך אים דערהרגענען !

פרידקין האָט זי קוים אָפּגעריסן פון מאַן. זי האָט עפּעס גע־נומען זוכן אין אַלע ווינקעלאַך, מיטאַמאָל זיך געכאַפּט, אַז איר קאַפּעליוש זיצט ביי איר אויפן קאָפּ, און גענומען אַרויסגיין. אין דער טיר האָט זי זיך צוריק אויסגעדרייט און גענומען גראזשען דעם מאַן:

— צווישן אונז איז אַלץ געענדיגט ! זאָלסט ניט דערוועגן אַריבערטרעטן מיין שוועל, כ׳וועל דיך אַרויסבריהען, משומד דו !

ויסקינד האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעגלייכט און מיט צער אין פנים האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס ווייב מיט אַ פינגער:

— פאַרוואָס שלאָגסטו מיך ? וואָס האָב איך דיר געטאָן ?

דאָס ווייבל איז אַרויס מיט ווערען. ויסקינד האָט זיך אַראָפּגע־לאָזט אויפן בעטל, אָנגעשפּאַרט דאָס פנים אָן די הענט און אַזוי געבליבן זיצן.

פון צווייטן צימער האָט זיך געהערט, ווי דאָס ווייבל צ פאַר־וויינטע קלאָגט זיך פאַר ווערען, וואָס פאַרא אומגליק ס׳איז איר גע־שעהן.

XII.

דעם לעצטן טאָג פון „שבעה" איז שוליק אָפּגעזעסן אַ גאַנצן אָוונט ביז שפּעט אין דער נאַכט און געוואָלט אָנשרייבן אַ שיר פאַר דער מצבה פון זיין פאָטער. עס האָט זיך אָבער ניט גע־שריבן. די ווערטער זיינען אַרויס פון קאָפּ, ווי ער וואָלט קיינמאָל קיין העברעאיש ניט געקענט. אַ דענערווירטער האָט ער אַוועקגע־לייגט די פּעדער, גענומען שפּרייזן פון איין צימער אין צווייטן, גע־זעהן, ווי בעסי איז געלעגן ביי זיך אין שלאָפצימער אין די קליי־דער, האָט ער אויסגעשטרעקט אַ האַנט, געוואָלט זאָגן, אַז ס'איז צייט זי זאָל זיך לייגן, זיך דערמאָנט, אַז ער רעדט ניט מיט איר, און אויף די נעגל איז ער צוריק אַרויס פון צימער.

ווען ס'ווייב האָט אים איבערגעגעבן, אַז בעסי איז פאַרליבט אין גרינען און מיינט מיט אַן אמת מיט אים חתונה צו האָבן, האָט שוליק זיך אַ הויב געטאָן, אַוועק פון טיש, וואו ער האָט געגעסן מיטאָג, דורכגעגאַנגען עטליכע מאָל דעם עסצימער און זיך גע־ווענדעט צו בעסין, ארויפלייגנדיג זיין האַנט אויף איר אַקסל:

— ס'איז טאַקע אַן אמת, וואָס די מאַמע דערציילט?

— און אַז ס'איז אַן אמת? — האָט בעסי זיך אַ רוק געטאָן זי זאָל קענען קוקן דעם פאָטער אין די אויגן.

— ווייל איך טאַקע, אַז דו זאָלסט זיך מיט אים מער ניט זעהן.

— ניט געפונען קיין אַנדער צייט זיך אויסצושמועסן, ווי ביים עסן! — האָט ס'ווייב זיך אַריינגעמישט.

— וואָס הייסט? האָט בעסי זיך ניט צוגעהערט צו דער מוטער.

— דערווייל בין איך נאָך דיין פּאָטער — האָט שולץ ניט גע־לאָזט דער טאָכטער ענדיגן — און דו דאַרפסט מיך פאָלגן.

— אַז דו דאַרפסט עס גאָרניט פאַרלאַנגען פון מיר . . .

— כ׳פרעג דיך ניט ! — האָט שולץ אַ געשריי געטאָן, זי אָנ־גענומען פאַר אַ האַנט און געראַדעט ווייכער — זאָגסטו מיר צו, אַז דו וועסט זיך מיט אים מער ניט זעהן ?

— משוגענער, הערסט אויף, אַז ניט גיי איך אַוועק פון טיש !

— גיי, גיי, ביזט ניט בעסער פון איר ! — און ער האָט זיך צוגעבויגן צו דער טאָכטער — זאָגסטו מיר צו ?

— ניין !

— אויב אַזוי, גיי שוין אַוועק פון טיש — האָט ער זי אַ שלעפּ געטאָן — אויב דו ווילסט מיך ניט פאָלגן, ווייז זיך ניט פאַר מיינע אויגן !

גלייך ווי בעסי איז אַוועק פון טיש איז אים דער כעס אַריבער, געוואוסט אַז מיט בייזן וועט ער גאָרניט מאַכן און באַשלאָסן מיט איר זיך דורכצושמועסן. די זעלבע נאַכט איז זיין פאָטער גע־שטאָרבן. דער סעקרעטאַר פון דער „היברו“ האָט אים אַפילו גע־האַט אָנגעזאָגט, אַז גרין האָט רעזיגנירט, ער איז אָבער געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז קיין זאַך איז אים ניט געגאַנגען אין קאָפּ אַריין. איצט זעהענדיג בעסין, ווי זי איז געלעגן אַ ניט אויסגעטאָנענע, האָט ער רחמנות געקראָגן אויפן מיידל, זיך אַליין געהדושט, פאַרוואָס ער האָט אַזוי אָנגעשריען אויף איר, ניט געוואוסט, פאַרוואָס ער איז געגן גרינען . . . די שטילקייט פון דער נאַכט, דעם פאָטערס טויט, די טאָכטער אין די קליידער, אַלץ האָט אויף אים געווירקט, און ער האָט באַשלאָסן זיך ניט צו מישן, און אויב בעסי וויל דוקא גרינען, לאָז זיין גרין. ער איז צוריק אַריין אין דער טאָכטערס שלאָפ־צימער און זי לייכט אַ ציה געטאָן פאַר אַן אַרבל. בעסי האָט זיך אויפגעכאַפּט, דערזעהן דעם פאָטער, האָט זי צעעפנט די אויגן און ארויסגעשטאַמלט :

— אַ ? וואָס איז, טאַטע ?

— באַרוהיג זיך, ס'איז גאָרניט, טאָכטער—האָט דער פֿאָטער זי געגלעט איבערן קאָפּ — טו זיך אויס, ס'איז שפּעט !

ער האָט געפֿילט, ווי עפּעס שטיקט אים, ניט געקענט זעהן, ווי בעסי שטייט אַ פֿאַרלאָרענע, מורא געהאַט, ס'זאָל זיך באַלד ניט אָפּשפּילן אַ חתונה, האָט ער אַ קוש געטאָן בעסין אין קאָפּ :

— אַ גוטע נאַכט, טאָכטער ! אַ גוטע נאַכט . . .

ער האָט אויפגעזוכט אין אַ קופער, זיינס אַ פּעקל מיט אַלטע כתבים, גענומען לייענען שירים געשריבן לכבוד יום־טוב, לכבוד אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דעם „מלך־חסד“, זיך געוואונדערט וואָס פֿאַר אַ לשון ער האָט אַמאָל געהאַט, אָפּט געזיפצט — שוין אַפֿילו נעהאַט פֿאַרגעסן דעם טייטש פֿון אַ סך ווערטער — און בּיסלאַכווייז האָט ער כמעט גענומען צווייפלען, צי ער האָט עס געשריבן, אַזוי פֿרעמד האָט עס אים אויסגעזעהן. צום סוף האָט זיך שוליק מיאש געווען עפּעס אַליין אָנצושרייבן און באַשלאָסן צו קריגן עמיצן, מען עס קאָסטן וויפֿיל עס איז.

דער שוין כמעט גרויער שוליק איז געזעסן איבער די כתבים, גע־שריבענע מיט עטליכע און צוואַנציג יאָר צוריק, פֿאַרגעסן אַז ער איז אַ פֿאַבריקאַנט, אַז בּיי אים אין „שאַפּ“ „לויפֿן“ הונדערט מאַ־שינעס, אַריינגעטעמט דעם אַלטן ריח פֿון די האַלב־אויסגעריבענע פּאַפּירלאַך, וואָס ער האָט געשריבן בחורווייז בּיי זיין טאַטן אין שטוב, און אַן אָנגענעמער ריח פֿון דער היים האָט אַ בלאָז געטאָן אויף אים. געווען אַמאָל אַ חלום — ער האָט געהאָפֿט צו ווערן אַ יידישער משורר. די בּלויזע ערינערונג האָט אים צענומען. ס'איז אים מיטאַמאָל שטאַרק באַנג געוואָרן, ווי די בענקשאַפֿט וואָלט דורכגעדרונגען זיין פֿאַרוואַקסן מיט שמאַליץ האַלז, און אַ צעפּליגל־טער איז שוליק ס'ערשטע מאָל אין יאָרן געוואָרן פֿאַרביטערט אויף אַמעריקע, געפֿילט, אַז ער האָט צו טייער באַצאָלט פֿאַר די מאַשינעס.

צומאָרגנס איז ער אריינגעקומען צו זילבערמאַנען, דעם מצבה־קריצער, אין „אָפיס“ (ביוראָ) אַריין.

— האַללאָ!

— האַללאָ!

דער איינגנטימער, אַ קיילעכדיג יידל מיט קורצע הענט און פיס, וואָס איז געזעסן ביים שרייבטיש, האָט זיך אַ דריי געטאָן צוזאַמען מיט דער שטול, געבליבן זיצן מיטן פנים צו שולצן, און זיינע קורצע פיס האָבן זיך געוואַקלט, ניט אָנגערירט די פּאָדלאָגע:

— וועל, מיסטער?

— כ׳וואָלט געוואָלט באַשטעלן אַ מצבה.

— זיצט — האָט זילבערמאַן געוויזן אויף אַ שטול לעבן זיך — וואָס פאַר אַ מצבה וואָלט איר געוואָלט? כ׳מיין... פאַר אַן עלטערן?... ס׳ווענדט זיך, וואָס פאַר אַ שטיין איר ווילט.

— פאַר מיינעם אַ פאָטער.

דער איינגנטימער האָט ארויסגענומען אַ קאַטאַלאָג און געוויזן שולצן פארשיידענע מצבות. זיי זיינען מושוה געוואָרן. שולץ האָט אים געגעבן צוואַנציג דאָלאַר האַנטגעלט. זילבערמאַן האָט אַרויסגענומען פון א הינטער־קעשענע אַ קנויל מיט פאַפיר־געלט, צוגעוויקלט דאָס האַנטגעלט, און זיך געווענדעט צו שולצן:

— זייט אַזוי גוט, מיסטער שולץ, און לאָזט איבער דעם נאָמען פון אייער פאָטער און ווען ער איז נפטר געוואָרן.

— ווער וועט דען מאַכן דעם אויפשריפט? — האָט שולץ געפרעגט.

— וואָס הייסט ווער? — האָט דער איינגנטימער צופרידן גע־שמייכלט — מיר דאַרפן נאָר וויסן דעם נאָמען און דעם „דייט“ (דאַטום), דאַט׳ס אָל? דעם נוסח האָבן מיר אַ פאַרטיגן! אייער פאָטער אַ כהן געווען?

— יעס. אָבער איר פֿאַרשטייט — האָט שולין געשטאַמלט
— איך וויל, עס זאָל זיין אַ שיר אויף דער מצבה...
— דאָס קענען מיר אויך — האָט דאָס יידל נאָכלעסיג גע־שמייכלט — נאָר איר וועט מוזן מושוה ווערן מיט מיינעם אַ מענשן, דאָס באַלאַנגט צו אים. ער איז אַ בריה אויף די זאַכן, זאָג איך אייך. ער פֿאַרפּאַסט שירים מיטן נאָמען פֿון פּאָרנט, אין דער מיט, וואו איר ווילט נאָר אַליין!

דער אייגנטימער האָט זיך געווענדעט צו אַ מיידל, וואָס איז געזעסן ביי אַ שרייבמאַשין און געקלאַפּט מיט די פינגער.

— סיידע, פיר אַריין דעם דזשענטלמען צו שמחהן, האַררי אַפּ!

דער „שאָפּ", וואו מען האָט געקריצט די מצבות, איז געווען שמאָל און לאַנג, ווי אַ קאָרידאָר אָהן פענסטער. עטליכע גוים זיי־נען געזעסן אין די בלויזע קעפּ ביי צאַפּלדיגע גאַז־פלעמלאַך און געאַרבעט. אין דער לופט איז געשטאַנען אַ ווייסער שטויב, וואָס האָט געקרעלט אין דער נאָז און אין האַלז. די גוים האָבן יעדע ווייַלע געקוקט אויף די געכתיבהטע פּאַפּירן, וואָס האָבן געהאַנ־גען פאַר זייערע אויגן, און אַז איינער פון זיי האָט אויסגעצייכנט אַן אות אויף דער מצבה, האָט ער דעם זעלביגן אות דורכגעשטאָכן אויפן פּאַפּיר מיט אַ שפּילקע, ער זאָל קיין טעות ניט האָבן און נאָך אַמאָל צייכענען דאָס זעלביגע.

דאָס מיידל האָט געוויזן שולצן מיט דער האַנט אויף אַ גרויען יידן מיט אַ באַוואַקסענעם קאָפּ, ווי ביי אַ חכם.

— אָט איז ער!

שולין איז צוגעגאַנגען:

— מיסטער זילבערמאַן האָט מיך צו אייך געשיקט. כ'וויל איר זאָלט מיר אָנשרייבן אַ שיר אויף אַ מצבה.

דער אַלטער האָט אויפגעהויבן דעם פאַרשטויבטן קאָפּ, גע־קוקט אויף שולצן פון אונטער די מעשענע שפּאַקולן, זיי אַרויפ־גערוקט אויפן שטערן און געשאַרט די יאַרמלקע הין און צוריק:

— ס׳וועט אייך קאָסטן אַ טאָלער.
— אָל־רייט, כ׳זאָל נאָר זיין צופרידן, גיב איך אייך צוויי.
דער אַלטער האָט אַרויסגענומען פון אַ בוזעם־קעשענע אַ העפט מיט אַ בלייפעדער, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין, אַראָפּגעלאָזט די ברילן אויף דער נאָז און זיך גענומען אויספרעגן:
— ווי האָט אייער פאָטער געהייסן?
— אברהם בן יוסף הכהן.
— גוט, גוט, ס׳פילט זיך אַ רחבות אין דעם נאָמען — האָט דער אַלטער ווי צו זיך גערעדט — פאַראַן נעמען, וואָס ס׳ווילט זיך פון זיי גאָרניט מאַכן... געווען אַ למדן אייער פאָטער, האַ?
— נאָ, געווען אַ פּראָסטער, ערליכער ייד.
— מסתמא געווען אַ מכנים־אורח?
— געווען.
דער אַלטער האָט גענומען די באָרד אין דער האַנט אַריין, זיך פאַרשטעלט מיט איר דאָס מויל, פאַרקוועטשט די אויגן, זיך גע־מוחט און שטיל געזונגען מיט אַ ניגון פון פּיוט:
— וועט מען שרייבן אַזוי:

א—יש ישר הולך תמים
ב—לחמו סעד עניים צמים
ר—עבים השביע והרוה נפש
ה—לך בצל קורתו נפש
מ—עשהו זה לנפשו נופש
כ—עת במרום תמריא לחופש
ה—לך לעולמו בן ע״ז
נ—יניו יתאבלו מאתם גז.

אין צעהן מינוט צייט איז דער שיר געוואָרן פאַרטיג. דער אַלטער האָט אָפּגעזיפצט, ווי ער וואָלט אָפּגעטאָן אַ שווער שטיקל אַרבעט, אַרויסגענומען פון וועסטל־קעשענע אַ שקעטעלע מיט טאַ־באַק, גוט פאַרצויגן און מכבד געווען שולצן:

— נעמט אַ שמעק טאַבאַק!

ער האָט פאַרקרימט דאָס פּנים, זיך געקליבן אַ נאָס צו טאָן, פון פאַרדרוס, וואָס דער גאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, האָט דער מצבה־קריצער געווישט די הענט אין זיין באַפלעקטער באָרד, נאָכאַמאָל דורכגעקוקט דאָס ליד און עס אונטערגעטראָגן שולצן:

— נו, ווי געפעלט עס אייך?

אַז שולץ האָט געלייענט, האָט שמחה איינגעבויגן אויף אַ זייט דעם גרויען קאָפּ, ער זאָל בעסער הערן, געציילט די זילבן, צוגע־קלאַפּט צום טאַקט מיטן רעכטן פוס, זיך ניט געקענט דערוואַרטן ביז שולץ וועט ענדיגן און אים איבערגעריסן:

— מיט אַן אמת, זאָגט, וואָלט מען געקענט אויף אַ פּראָסטן יידן זאָגן אַ בעסערן שבח, ווי איך האָב געזאָגט?

— ס'איז גוט, זעהר גוט — האָט שולץ דעם אַלטן געדריקט די האַנט.

— כ'ווייס, אין דער היים — איז שמחה געוואָרן אויפגערוימ־טער — אַז כ'פלעג אָנשרייבן אַ שיר, האָבן מענשן, וואָס פאַר־שטייען זיך אויף לשון, די אמתע מבינים, זאָג איך אייך, האָבן די פינגער געלעקט. פרעגט יעדן קאָוונער, וועט ער אייך זאָגן, אַז איך, שמחה דער מצבה־קריצער, האָב אָנגעשריבן אויף ר׳ יצחק אלחננס טויט אַ שיר, האָט א וועלט געקלונגען דערמיט. האָט דאָרט געשטעקט אַ רעיון, פּשט, וואָס פרעגט איר! וואָס ברויכט מען מער? מען האָט עס געזונגען אין יעדן הויז! און אַז אַ גביר האָט חתונה געמאַכט? ווער, מיינט איר, האָט געשריבן דעם שיר אויף דער חתונה־קאַרד? אַליין שמחה דער מצבה־קריצער! און אַז אַ חתן האָט געדאַרפט שיקן אַ שלח־מנות דעם שווער, צו וועמען מיינט איר איז מען געקומען? צו מיר! איז געווען אַ מחלקה אין שטאָט, האָב איך עס באַשריבן אין „המליץ“. האָט אַ בחור אין שטאָט אָנגעשריבן אַ רעיון, האָט ער עס געבראַכט צו מיר, געוואָלט מיין הסכמה. אַליין איך! האָט מען טאַקע לייכ־

טער געמאַכט אַ קערבל, ניט געדאַרפט אַרבעטן מיטן האַמער, און דער עיקר געווען אַן אָנגעזעהענער מענש אין שטאָט. האָט זיך מיר אויף דער עלטער פאַרגלוסט אַמעריקע, נו, נו, זעהט איר דאָך ... בויגט מען די אַלטע פלייצעס פון דער פריה ביז ביי נאַכט ... אַ יידישער משורר האָט פון תמיד אָן אַ פינסטער מזל! כ'וועל אייך פאַרטרויען אַ סוד — איז דער אַלטער נעהענטער צוגענאַנגען צו שולצן — דאָס יידישע פאָלק איז דאָס ערגסטע אויף דער וועלט. איר גלויבט ניט? נו, פרעג איך אייך, איר זייט דאָך אַ יודע ספר, וואָלט אַזאַ משורר ווי איך ... כ'רים זיך ניט, איר האָט דאָך אַליין געזעהן, ווי לאַנג האָט מיר גענומען אָנצושרייבן דעם שיר? צעהן מינוט! נו, פרעג איך אייך, וואָלט אַזאַ משורר ווי איך ביי אַן אַנדער פאָלק זיך אויך אַזוי געמאַטערט, געדאַרפט האַקן שטיינער אום צו מאַכן אַ לעבן, האַ? נאָר גאָרניט, אונזער פינסטער מזל. איך בין ניט דער איין־און־איינציגער. דער אבן־עזרא איז נאָך געווען מער קבצן פאַר מיר...

זילבערמאַן איז ברייט אַריין אין „שאַפ“, מיט די קורצע הענט אין די הויזנקעשענעס. די גוים האָבן אָנגעהויבן שנעלער צו אַרבעטן. דער אַלטער מצבה־קריצער האָט אויפגעהערט ריידן, זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט, גענומען מיט אַ באַרשט אָפּרייניגן דעם שטיין און בשעת מעשה זיך געווענדעט צו שולצן:

— זייט אַזוי גוט, מיסטער, און באַצאָלט, כ'מוז זיך נעמען צו דער אַרבעט.

דער אַלטער האָט אַריינגעשטעקט די צוויי דאָלער אין וועסטל־קעשענע, געדאַנקט, זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער זעהט ניט, גענומען קלאַפּן מיטן האַמער אין דער דלאָטע, זיך געבויגן אין דרייען און שטיקלאַך שטיין זיינען געפלויגן אין אַלע זייטן, געשפּריצט דעם משורר אין פּנים אַריין, אָפּגעווייסט דעם אַזוי אויך גרויען קאָפּ, און יעדן קלאַפּ באַגלייט מיט אַ קרעכץ.

שולין איז אַרויס אויף דער גאַס אַ צערודערטער, נעטראַכט אַז ווען ער בלייבט ביי די שירים, וואָלט ער געהאַט אַזאַ עלטער ווי שמחה, ניט געוואָלט מער קלערן דערפון, גיכער געלאָפן אין „שאַפּ" אַריין, און אין מוח איז אים אַליין געקראָכן גרין, זיך געוואָלט עפּעס קלאָר מאַכן, ווי גרין און שמחה וואָלטן ביי אים געווען איינס און דאָס זעלביגע. ביי אים איז אויסגעקומען, אַז ווען ער מאַכט חתונה בעסין פאַר גרינען, הייסט עס פאַר שמחהן, און אַן אויפגערעגטער זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט געוואָלט אין עפּעס זיך פונאַנדערקלייבן.

ער איז געשטאַנען אויף דער באַוערי *). אַ יונגע געזונטע פרוי, אין אַ שווערן פילצענעם הוט, צעקנעפּלטע מענערשע שיך און אין אַ הויס-באַלאָזיע קלייד, איז געשטאַנען אין מיטן גאַס אַ שכּורע און פאַרטשעפּעט ווער עס איז נאָר פאַרבייגעגאַנגען. אַ יונגער פּאָליסמאַן איז אונטערגעקומען און זי גענומען אונטערן אָרעם. די פרוי האָט זיך אַ ריס געטאָן און גענומען שרייען:

— דו האָסט קיין רעכט ניט, אָפיסער, איך בין ניט שכּור!

דער פּאָליסמאַן האָט זי ווידער אָנגענומען, געהייסן זי זאָל מיט אים מיטגיין, האָט די פרוי זיך אַ ציה אויס געטאָן, ווי גרויס זי איז געווען, פאַרוואָרפן דאָס זיידענע קלייד איבערן קאָפּ און זיך איינגעגראָבן מיט די הענט און פיס אין רינשטאָק.

דער פּאָליסמאַן, אַ דאַרער, ניט קיין הויכער, האָט געשוויצט ווי אַ ביבער, געשטאַנען איבער דער פרוי, זי געריסן און ניט געקענט רירן פון אָרט. און וואָס מער מענטשן עס האָבן זיך אַרומגעשטעלט, אַלץ אײַנגעעקשנטער איז דער פּאָליסמאַן געוואָרן, זיך געראַנגלט מיט דער פרוי מיט אַלע כּוחות, און די פרוי האָט געמאַכט אַזעלכע קולות, ווי מען וואָלט פון איר די הויט געשונדן.

*) אַ גאַס אין ניו-יאָרק.

צום סוף האָט דער פּאָליסמאַן, אַן אויסגעמאַטערטער, זי אָפּ־געלאָזט, אַ פאַרשעמטער זיך אַרומגעקוקט און אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן ערשטן מאַן, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים:

— ביזט אַ סיטיזען (אַמעריקאַנער בירגער) ?

— נאָ סער!

ער האָט זיך אַ דריי געטאָן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו פאַרלירן צייט און אָנגעכאַפּט אַן אַנדערן פאַר אַ האַנט:

—ביזט אַ סיטיזען?

— יעס.

— העלף מיר!

שולץ האָט געזעהן, ווי אַ מיטליעריגער מאַן, מיט אַ צע־שראָקן פּנים, ווי ביי איינעם, וועמען רויבער שטעלן אָפּ אין מיטן דער נאַכט, האָט זיך אַרויסגערוקט פון עולם. דער מאַן האָט געוואָרפן בליקן אין אַלע זייטן, אַ פּנים פון שרעק גאָרניט געזעהן אין שטום געבעטן, מען זאָל אים צורוה לאָזן. די שרעק פאַרן פּאָליסמאַן האָט גובר געווען, און דער מאַן האָט אָנגענומען די פרוי, וואו דער פּאָליסמאַן האָט געהייסן. זיי האָבן זי אויפגעשטעלט, גענומען פירן איבער דער באַוועריאונטער דער באַגלייטונג פון אַ קאַצנמוזיק.

שולצן האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז פרידקין, פון נייגעריג־קייט זיך דורכגעשטופּט צווישן עולם און זיי פאַרלאָפן דעם וועג.

פרידקין, דערזעהענדיג שולצן, האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך געקליבן חלשן, אים אָנגעקוקט אַ רגע, אָפּגע־לאָזט די פרוי און גענומען אָפּציהען. דער עולם האָט זיך גע־שטיקט פון געלעכטער.

שולצן האָט דערעסן די גאַנצע חבריה. ער האָט פאַר זיך געזעהן אַ גלייכע ליניע — שמחה, גרין און פרידקין, און באַשלאָסן, ס'זאָל אים גיין אין לעבן, וועט ער ניט דערלאָזן דעם שידוך צווישן גרינען און בעסין.

XIII

נאָך דער סצענע בײַ זיך אין שטוב מיט זיסקינדן איז פֿרידקין עטליכע טעג אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענער. דאָס ערשטע מאָל האָט ער דערפֿילט, אַז ביז איצט האָט דאָס אַרומיגע לעבן אים ניט אָנגערירט, תמיד פֿאַרבײַגעשװאומען, װי אַ פֿלאַכער טײַך צװישן הויכע ברעגעס, אים קײן מאָל ניט פֿאַרטשעפּעט און אויף אים קײן שפּור ניט געלאָזט. אים האָט באַנג געטאָן, װאָס ער האָט געפּטרט מער װי אַ האַלבן לעבן מיט גאָרניט, טראַכטנדיק תמיד, װי זיך בלויז אויסערליך צו פֿאַרבעסערן און באַקװעמער מאַכן דאָס לעבן. עטליכע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען װי אַ נעבעכטיגער, און װאָס ער האָט דעמאָלט ניט געטאָן, אָדער געטראַכט — אין אַלעם האָט ער בלויז געזעהן עולות. די קינדער אין סקול האָבן זיך איבערגעקוקט, ניט פֿאַרשטאַנען, װאָס מיט פֿרידקינען איז געװאָרן. ער איז זיך באַגאַנגען מיט זײ העפֿליך, װי מיט דער־װאַקסענע מענשן, זײַנען די קינדער טאַקע געזעסן רוהיגער. און אַז פֿרידקין האָט פֿונאַנדערגעלאָזט דעם קלאַס, האָט ער ס'ערשטע מאָל אין יאָרן זיך ניט געפֿילט אויסגעמאַטערט, אַ פֿרישער אַראָפּ פֿון די טרעפּ, אַן אויפֿגעמונטערט זיך באַגריסט מיט די לערערס און זיך געטראַכט, אַז ער איז שױן אויפֿן װעג פֿון אַ נײַעם לעבן.

פֿרידקין האָט זיך געשאַפֿט אַ „ברית־חדשה“, אָפּגעזעסן בײַ זיך אַ שטיק אין דער נאַכט און געלײענט מיט התמדה. אַזױ זײַנען דורך עטליכע טעג. זעהר אָפֿט זיצנדיק איבערן „ברית־חדשה“, האָט ער מעכאַניש געזאָגט די װערטער, ניט װיסנדיק דעם אינהאַלט,

און אין קאָפּ זיינען אים געקראָכן בייזע מחשבות וועגן אַ יידישן פּויפּסט, וועגן יידישע קאַרדינאַלן, וועגן דעם מיסיאָנער זיסקינד. ער האָט זיך אָפּט געזעהן אויפן פּויפּסטס גאָלדענע שטול, געוואוסט בשעת מעשה, אַז ס׳איז אַן אוממעגליכע זאַך, און פונדעסטוועגן הנאה געהאַט אויפצונעמען יידישע דעפּוטאַציעס וועגן עלילת־ד׳ם, אַרויסגעלאָזט „בולעס“ צו אַלע פעלקער, אַז עלילת־דם איז אַ מיאוסער בלבול אויף יידן. און יעדעס מאָל, ווען ער איז צוגעקומען צום עלילת־דם, איז אים תמיד אויפן זינען געקו־מען כוואָלסאָן, און פון אַ פּויפּסט איז ער געוואָרן אַ פּראָפעסאָר, דוקא אין קייזערליכן הויף און געהאַט איין עובדה — ווייזן דער וועלט דאָס גרויסקייט פון יידן. דער „ברית־חדשה“ איז אים גיך דערעסן, דערצו איז שושנה ביי אים געווען כמעט יעדן אָוונט, ניט געלאָזט טראַכטן, און ביסלעכווייז איז אים די מעשה מיט זיסקינדן אַרויס פון קאָפּ. שושנהס וויזיטן האָבן אים אויך אָנגעהויבן ווערן דערווידער, און ער האָט געקלערט ווי ר׳נאָך פּטור צו ווערן פון איר. פּונקט דעמאָלט האָט אים דער סעקרעטאַר פון סקול איבערגעגעבן דעם בריוו, ער זאָל זיך זוכן אַן אַנדער שטעל. דער בריוו האָט אים אינגאַנצן צעטומלט, אַרויסגעשלאָגן ביי אים אַל׳ץ פון קאָפּ, און פרידקין האָט געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן אַ תכלית, געקלערט ווי ר׳נאָך זיך צוצושלאָגן צו עפּעס. ער האָט געזוכט פּראָטעקציע ביים סעקרעטאַר, געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז גרייט צו יעדער צייט חתונה צו האָבן מיט זיין טאָכטער, געשריבן פּאַסקווילן אויף גרינען, אַז ער איז אַ מחלל־שבת — קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. און וואָס נעהענטער די צייט האָט זיך אונטערגערוקט, ער זאָל פאַרלאָזן די שטעל, אַל׳ץ דערשלאָגע־נער איז ער געוואָרן. ער האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז ער האָט קיי־נעם ניט אין דעם גרויסן ניו־יאָרק, האָט צומאָל ניט פאַר וועמען ס׳האַר׳ץ זיך אָפּצוקלאָגן, ער איז פרעמד, ווי ער וואָלט איצט נעכטן אַראָפּ פון דער שיף.

און דאָ שטייט שושנה מיט אויסגעשפּרייטע הענט, ווייל איס, ווי ער איז, איז אים עפּעס וואַרעמער געוואָרן פון בלויזן געדאַנק. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זי איז אַ שניידערן, קען עפּענען אַן אייגן פּלאַץ, און ס׳זאָל אַוועקגיין — איז ער אַ פּאַרזאָרגטער. און יעדעס מאָל, ווען אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער דאַרף נאָר איבעררייסן די באַציהונגען צווישן אים און שושנהן, קריגט ער גלייך אַ בעסערן שידוך, איז זי, ווי אויף צו להכעיס, יעדעס מאָל געקו־מען אין אַלץ לייכטערע, דורכזיכטיגערע קליידער, אים זעלטן צוגע־לאָזט צו זיך און געשפּילט זיך מיט אים, ווי אַ קעצל מיט אַ קנויל באַוול. און וואָס מער זי האָט אים גערייצט, אַלץ שטאַרקער האָט ער פון איר געוואָלט פּטור ווערן און אין דער זעלביגער צייט שוין גאָרניט געקענט טאָן עטליכע שעה איידער זי האָט געדאַרפט קומען, געשפּרייזט איבערן צימער אַן אויסגעפּוצטער.

---

שושנה איז אַריינגעקומען און זיך ניט באַגריסט. זי איז גע־בליבן זיצן אין הוט און ווי אַ שולדיגע, אומבאַהאָלפענע האָט זי געקוקט אויף דער פּאָדלאָגע און געשוויגן.

— וואָס איז דער מער, שושנה? — האָט פרידקין זי געפרעגט.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פאַרלאָפענע אויגן, גע־מאַכט אַ ליפּ, ווי זי וואָלט געהאַלטן ביים פונאַנדערוויינען זיך, זיך איינגעביסן מיט די הייסע ציין אין דער אונטערשטער ליפּ און געבליבן זיצן אין דער זעלביגער פּאָזע וואָס פריהער.

— שושנה, זאָג, וואָס איז? — איז פרידקין צוגעגאַנגען צו איר און זי אָנגערירט מיט דער האַנט פאַרן אַקסל — ס׳האָט דיך עמיצער באַליידיגט?

— נאָרנישט, לאָז מיך צופרידן — האָט זי זיך אַ דריי גע־טאָן, ווי זי וואָלט געוואָלט אַראָפּשאָקלען פון זיך זיין האַנט, און זיך שטיל פונאַנדערגעוויינט.

— וואָס איז, שושנה? — האָט פרידקין זיך אָנגעהויבן בעטן בײַ איר — וואָס ווײנסטו? מיר דאַרפסטו זאָגן. איך בין דיר ניט קײן פרעמדער! ס'האָט דיך עמיצער באַלײדיקט? וואָס שווײַגסטו?

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן, זײ אָפּגעווישט, געעפנט ס'מויל און זיך נאָך שטאַרקער פאַרגאַנגען. פרידקין האָט איר גענומען קושן די הענט, ניט געוואוסט, וואָס ער רעדט:

— שושנה, וואָס ווײנסטו? כ'בעט דיך, דערצײל מיר! נו, שושנה?

— איך קען ניט — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט.

— וועסט מיר אויף מײן וואָרט דערצײלן! — האָט פרידקין זי געהאַלטן אין אײן קושן — פאַר מיר דאַרפסטו זיך ניט שע־מען! וואָס, אַ פרעמדער בין איך דיר?

שושנה האָט אַ שלוקערץ געטאָן, זיך אָנגעכאַפּט מיט אַ האַנט פאַרן האַרצן און פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט געהאַלטן בײַם חלשן.

— אַ ביסל וואַסער? — איז פרידקין אויפגעשפרונגען.

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. פרידקין האָט אַרײנגעבראַכט אַ גלאָז וואַסער, באַשפּריצט איר ס'פנים, איר אַרײנגעגאָסן אַ ביסל אין מויל אַרײן און זי אויסגעצויגן אויפן בעטל. זי איז געקומען צו זיך, איז געווײזן מיט דער האַנט, ער זאָל זיך זעצן לעבן איר, און געבעטן, ער זאָל איר עטוואָס לויז מאַכן דעם קאָרסעט. פרידקין האָט פונאַנדערגעקנעפּלט דעם קאָרסעט, איר אונטערגעלײגט נאָך אַ קישן צוקאָפּנס און זיך גע־בעטן בײ איר, זי זאָל זיך באַרוהיקן. שושנה האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעזעצט, אַראָפּ פון בעטל, זיך צוריקגעזעצט אויף דער ווינ־קטשול און ניט קוקנדיק אויף פרידקינען האָט זי קוים אַרויס־געזאָגט:

— כ'טראָג.

— וואָס ? — האָט פרידקין געעפנט אַ פּאָר אויגן, ווי אַ קאַלב צו דער שחיטה.

— וואָס דו הערסט — האָט שושנה ווידער אָנגעהויבן וויינען.

—פון וואַן ביזטו אַזוי זיכער? — איז פרידקין געהענטער צו־נענאַנגען.

זי האָט ניט געענטפערט, פאַרשטעלט ס׳פּנים מיט ביידע הענט און זיך צעכליפּעט.

דאָס מאָל האָט פרידקין פאַרקוועטשט די ליפּן, איינגעצויגן די טעמפּע געמבע, גאָרניט געענטפערט און גענומען שפּרייזן אי־בערן צימער. טויזנטער געדאַנקען זיינען ביי אים דורך אין איין רגע אין קאָפּ. קיין איינער פון די געדאַנקען זיינען ביי אים ניט געבליבן, זיך פונאַנדערגעפלויגן, און ער ה׳אָט מיטאַמאָל דער־פילט אַזאַ פוסטקייט, אַז ס׳איז אים אַזש הויל געוואָרן ביים האַרצן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן בעטל, זי אָנגעקוקט אַ ווײַלע מיט פאַרשלאָפענע אויגן, ווי ער וואָלט נאָרוואָס אויפגעקומען, און זי איבערגעפרעגט:

— טראָגסט? — און זיך צעשמייכלט.

— גלויבסט ניט! — האָבן די נאָז־פליגל ביי איר געציטערט און פון די אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן — וואו וועל איך זיך איצט אַהינטאָן? וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט?

— כ׳ווייס ניט וואָס דו ווינסט? -- איז ער מיטאַמאָל צו איר צוגעגאַנגען — דו זאָגסט, ס׳איז פון מיר ?

— פון ווּעמען דען? — האָט זי זיך אַ שטעל אויף געטאָן מיט אַ פּאָר ווילדע אויגן, ווי ביי אַ סאַמקע, ווען זי פאַרטיידיגט די קינדער.

-- איך גלויב דיר, כ׳גלויב דיר — האָט פרידקין צעשראָקן געשטאַמלט — נו וואָס ווינסטו ? ס׳איז מיין קינד, זאָגסטו ? גוט! גוט!

שושנה האָט געמאַכט עטליכע טריט צו פרידקינען, אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך געקליבן עפּעס זאָגן, אַ דער־שלאָגענע אַרויסגעלייגט בײדע הענט אויף זײַנע אַקסלען, אָנגע־שפּאַרט דעם קאָפּ אָן זײַן ברוסט און זיך שטיל צעוויינט. פרידקין האָט זי צוגעפירט צום בעטל, זיך אַוועקגעזעצט מיט איר און זי גענומען באַרואיקן:

— כ'בעט דיך, שושנה, באַרואיק זיך! ס'וויינען וועט דאָך דיר גאָרניט העלפן! נו, שושנה?

זי האָט זיך גענומען ווישן די אויגן, געבליבן זיצן אָנגעשפּאַרט אָן פרידקינס אַקסל ווי פריהער, אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט זײַן בליק און געשוויגן.

פרידקין איז געזעסן אַ פאַרלוירענער. דאָס חתונה האָבן, וועגן וועלכן ער האָט אַזוי אָפט געטראַכט, איז איצט בײַ אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטריק, וואָס אַ פאַרבאָרגענע האַנט האָט פאַרוואָרפן אַרום זײַן האַלז און יעדע מינוט גרייט געווען אים צו דערשטיקן. ער האָט געקוקט אויף שושנהן, געזעהן איר פראָפיל מיט די דינע שוואַרצע הערעלאַך אַרום דער באַק, וואָס האָבן זיך אַזש געבויגן פון דינקייט, געפילט די הייסע פאַרע פון אירע נאָזלעכער, און ער האָט אויסגעשווידערט. ער האָט ניט באַגריפן, וואָס מען וויל פון אים, בלויז געפילט, ווי עס ווערט אים ענג, קען ניט עטעמען, זיך דערמאָנט, ווי ער האָט געהאָלפן דעם פּאָליסמאַן שלעפּן די דאַמע אין באַלאָון קלייד, גרייט געווען אַלץ אַוועקצוגעבן, אַבי מען זאָל אים באַפרייען פון איר.

— וואָס שווייגסטו? — האָט שושנה מיטן אינסטינקט פון אַ פרוי איבערגעריסן די שטילקייט און זיך גענומען טוליען צו אים.

— וואָס זאָל איך זאָגן? — האָט פרידקין אומבאַהאָלפן אַ צופּ געטאָן מיט אַן אַקסל.

— כ'זעה, אַז דו ליידסט — האָט זי אַריינגעלאָזט אַ האַנט מיט צעשפּרייטע פינגער אין זיינע שיטערע האָר, עטוואָס איינגעצויגן דעם שטערן, ווי זי וואָלט געקלערט וואָס צו זאָגן — ווייסט, אַ מאַן ליידט שענער פון אַ פרוי, רוהיגער, אמת־טראַגיש. ביי אַ פרוי — איז עס מעלאָדראַמאַטיש. ווייסט, כ'האָב פיינט צופרי־דענע, זאַטע מענער מיט אויסגעפּולטע פּנימער... אַ מאַן, וואָס לויפט נאָך פרויען, אַ „דאַמען־פאַרעהרער", האָב איך ניט ליב, דאָס איז קיין מאַן ניט... כ'מיין ניט, אַז אַ מאַן דאַרף זיין גלייכ־גילטיג צו פרויען, ניין, אַ מאַן אָבער, וואָס זיין עובדה איז צו ווילן מיידלאַך, פטרן טעג און נעכט צוליב אַ קוש, איז ביי מיר ערגער ווי אַ מאַן אַ געמבלער! *) — און איך זאָג דיר — האָט שושנה אַרומגענומען פרידקינען אַרום האַלז מיט אירע נאַקעטע הענט — אַז מיר וועלן האָבן אַ באַקוועמע היים און דער עיקר זייפיל דו וועסט פאַרדינען, וועט זיין גוט! אויב וועסט מאַכן צעהן טאָלער אַ וואָך, וועט מען לעבן פאַר צעהן. מאַכסט דען מער?

— געוויס, — האָט פרידקין זיך אָנגערופן, געפילט אַז איצט האָבן זיי זיך געביטן מיט די ראָלן — אין סקול אַליין האָב איך זעכצן דאָלאַר אַ וואָך. איצט לעסאָנס, בר־מצוות, כ'קען מאַכן אַ פינף און צוואַנציגער!

— וועלן מיר טאַקע שפּאָרן — איז שושנה געוואָרן אויפ־גערוימט — ס'קומט צונויץ... כ'האָב אויך ליגן אַ פּאָר טאָלער...

זיי האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט, זיך צעלאַכט. שושנה האָט אים אויסגעקושט ביידע אויגן, אים געגלעט מיט די ליפּן איבערן אויער און שטיל איינגערוימט:

— מאָרגן וועלן מיר גיין זעהן צימערן, גוט? וועסט זעהן, ווי ריין כ'וועל האַלטן, אַז ס'וועט שמעקן פון יעדן ווינקעלע! ווען דו ווייסט, ווי גוט כ'קען קאָכן? באַקן אויך! מיר וועלן ניט

---

*) געמבלער – קאָרטן־שפּילער.

מאַכן קיין אָפּיציעלע חתונה — האָט זי זיך געפּיעשטשעט — צו וואָס פּטרן געלט? אַ שאָד! מיר וועלן אַריינגיין צו אַ רב און שטעלן אַ חופּה. האַ, וואָס זאָגסטו?

— אָל־רייט — האָט פרידקין געענטפערט, געפילט בשעת־מעשה, ווי דער פאַרוואָרפענער שטריק ציהט אים אַליץ מער צונויף דעם האַלז, און צום לעצטן מאָל זיך פרובירט צו ווערן — שושנה, פון וואַן ביזטו אַזוי זיכער? כ׳מיין, פון וואַן ווייסטו, אַז...

— אַז וואָס?

כ׳מיין — האָט פרידקין געשטאַמלט — פון וואַן ווייסטו, אַז... האָסט געפרעגט אַ דאָקטער? — כ׳מיין, ביזט טאַקע זיכער, אַז דו שוואַנגערסט?

— וואָס בין איך עפּעס, אַ מיידעלע? — האָט שושנה זיך גע־פילט באַליידיגט — רעדסט, זאָלסט מיר אַנטשולדיגן, ווי אַ... פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן? און כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת: די ערשטע מינוט האָב איך זיך געפילט אומגליקליך, איצט בין איך צופרידן. אַז מען האָט ליב אַ מאַן, דאַרף מען וועלן פון אים האָבן אַ קינד!

פרידקין האָט גאָרניט געענטפערט, אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אָן די קניהען, איינגערעמט דעם קאָפּ אין די הענט און אַ פּאַר־צווייפלטער, ווי אַן אומגליק וואָלט אים געשעהן, געקוקט אין איין פונקט.

שושנה האָט אַפּערגענומען פרידקינס אַ האַנט, זי נעגלעט, זיך געטוליעט צו אים, אינסטינקטיוו געפילט, אַז מען טאָר איצט ניט זיין פריילך, דער לייכטסטער פלירט וועט אים נאָך מער דערשלאָגן, האָט זי געשוויגן אַ ווײַלע, געמאַכט די שטימונג שווע־רער, דערנאָך טיף אָפּגעזיפצט און אָנגעהויבן:

— ווייסט, ס׳איז אַ מיאוסע וועלט! אַז כ׳טו אַ טראַכט, האָב איך דאָך ניט געהאַט קיין איין גליקליכע מינוט אין מיין לעבן!

זי האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט, צוגעלייגט זיך זיין האַנט
דאָ צו דער רעכטער, דאָ צו דער לינקער באַק, זי אַרויסגעלאָזט
און געוואָרן נאָך ערנסטער:

-- אַז כ'בין קיין מאָל קיין קינד ניט געווען! צו פינף יאָר, נאָך מיין מוטערס טויט, האָב איך געדאַרפט האָדעווען צוויי קליינע שוועסטערלאַך. כ'האָב זיי געוואַשן, געקעמט, געהיט די שטוב, און אַז איינע פון די שוועסטערלאַך איז געפאַלן און זיך צעקלאַפּט, האָט מען מיך געשלאָגן. דער טאַטע איז געווען אַ בייזער ייד, אַ שלעכטער, כ'האָב פון אים קיין מאָל קיין גוט וואָרט ניט גע-הערט. כ'געדענק, ווי היינט — האָט שושנה ווידער גענומען פרידקינען פאַר אַ האַנט — כ'בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זיבן, מען האָט מיר געמאַכט אַ נייע קליידל אויף פסח, און באַלד דעם ערשטן טאָג, ווי כ'האָב עס אָנגעטאָן, אַרויס אויפן הויף, האָב איך זיך פאַרטשעפּעט אָן אַ טשוואָק, און געמאַכט אַ גע-וואַלד-ריס. האָט דער טאַטע מיך דעמאָלט געשלאָגן! אוי, האָב איך אים דעמאָלט פיינט געהאַט! שפּעטער האָב איך דורכגעמאַכט אַ פּאָגראָם, געלעגן פאַרשפּאַרט איבער אַ מעת-לעת אויף אַ בוידעם. וואָס ווייסטו? דערנאָך די רייזע נאָך ארץ ישראל מיט אַ פּאַרטיע יתומים... כ'האָב שוין אַביסל דורכגעמאַכט!

— אָ, קומסט דאָך פון קעשינעוו — האָט פרידקין זיך אָנ-גערופן.

— יעס, כ'האָב דורכגעמאַכט דעם ערשטן קעשינעווער פּאָ-גראָם — האָט שושנה אַ בלייק געטאָן מיט די אויגן און ס'האָט זיך געפילט, אַז זי דערציילט שוין די געשיכטע צום הונדערטן מאָל, פילט, אַז זי נעמט מיט איר אויס -- כ'בין געלעגן אויף אַ בוידעם, קיין פּיפּס ניט געטאָן און גענאָגט אַ פינגער. און אַז ס'האָט מיך אָנגעהויבן שטאַרקער צו הונגערן, האָב איך אַרויסגע-לאָזט דעם פינגער פון מויל און אַריינגענומען אַן אַנדערן. און ווייסט לאַכן, יעדעס מאָל, ווען כ'האָב אַריינגענומען אַן אַנדער

פינגער, האָב איך געפילט לייכטער! מיין טאַטע איז געזעסן אין אַ בונד שטרוי, יעדע ווײַלע אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און געקוקט וואָס איך טו און מיך געטרייסט, אַז מען וועט באַלד אונז אַרויס־שיקן עסן. מאָדנע, תמיד ווען דער טאַטע קומט מיר אויפן זי־נען, דערמאָן איך זיך, וואָס פאַרע אויגן ער האָט דעמאָלט גע־האַט. גרויסע, צעשראָקענע, ווי ביי אַ משוגענעם. צומיינסטן האָט מיך געאַרט, פאַרוואָס ער טענהט זיך מיט מיר אויס, ווי כ׳וואָלט איבער נאַכט אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַן אמתע מאַמע. און אַז דער טאַטע האָט גענומען גיין איבערן בוידעם, האָט מיך יעדעס מאָל אַ גרויל אַרומגענומען, ווי ניט דער טאַטע וואָלט גע־גאַנגען, נאָר דער בונד שטרוי, און פון היימליכקייט ווען האָב איך אים יעדעס מאָל גערופן, געוואָלט זיך איבערצייגן, צי איז ער טאַקע ער.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, זיך אויסגעווישט די פאַרלאָפענע אויגן און זיך פאַרטראַכט.

— און וואָס איז געווען דער סוף? — איז פרידקין געוואָרן נייגעריג.

— וואָס פרעגסטו! — האָט זי אָפּגעזיפּצט — פאַרטאָג, מיר האָבן זיך געקליבן אַראָפּצוגיין, זיינען עטליכע כוליגאַנעס אַרויף אויפן בוידעם, אַלין צעוואָרפן, און איינער האָט פאַרבייגייענדיג אַריינגעשטעקט אַ האַנט אין דעם בונד שטרוי און גענומען אַרויס־שלעפן דעם טאַטן.

— כ׳וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי ער האָט דעמאָלט אויס־געזעהן! דאָס בערדל איז ביי אים געוואָרן אַזוי שיטער, אַז מען האָט געקענט איבערציילן יעדע האָר באַזונדער. ער האָט אויס־געמיטן צו קוקן אויף מיר, אפנים זיך געשעמט, און מיט אַ פּאָר גרויסע אויגן האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן די גוים צו די פיס, זיי אַרומגעכאַפּט, גענומען קושן און זיך צעוויינט מיט אַזאַ פרעמד, שטעכיג קול, אַז מיר זיינען נאָרלען דורך איבערן גאַנצן לייב...

כ׳האָב זיך נאָך שטאַרקער איינגעטוליעט, פאַרקוועטשט די אויגן און זיך מיטאַמאָל שטאַרק פיינט געקראָגן, פאַרוואָס איך וואַרף זיך ניט אויף די גוים, בייס ניט עמיצן אָפּ אַ פינגער... כ׳האָב דאַכט זיך שטאַרק צוגעקוועטשט די אויגן און פונדעסטוועגן האָב איך געזעהן, ווי די גוים האָבן אים באַזוכט, צוגענומען, וואָס ער האָט נאָר געהאַט ביי זיך. אַ יונגער שייגעץ האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין, איז ער געפאַלן אויף די קניה און זיך באַגאָסן מיט בלוט. כ׳האָב געפילט, ווי אַליץ אין מיר פּלאַצט, וויל מיך וואַרפן אויפן שייגעץ. כ׳האָב זיך געביסן די פינגער, זיך אויסגעקנייפּט שטיקער פלייש, פאַרוואָס כ׳לאָז שלאָגן אַ טאַטן און געפילט, אַז גלייך ווי כ׳וועל זיך אויפשטעלן, וועט מיר עמיצער אָפּמעסטן מיט אַ דראָנג איבערן קאָפּ...

— דערווייל האָבן זיי דעם טאַטן געהאַלטן אין איין שלאָגן, צעריסן די קליידער אויף אים, געוואָלט וויסן, וואו ער האָט באַהאַלטן דאָס געלט, ער האָט בלויז געקרעכצט און זיך ניט אויפגעהערט צו בעטן ביי זיי, געקושט די הענט, וואָס האָבן אים געשלאָגן, געקושט די פיס, וואָס האָבן אים געטראָטן, און מיטאַמאָל זיך פונאַנדערגעוויינט:

— רייזעלע, רייזעלע! זיי וועלן מיך דערהרגענען! טאָכטער מיינע, זיי וועלן דערהרגענען דיין טאַטן...

— ס׳ערשטע מאָל האָב איך געהערט, ווי מיין טאַטע, פאַר וועמען כ׳האָב תמיד געציטערט, וויינט און בעט, אז איך, זיין אַכט יעריגע טאָכטער, זאָל אים ראַטעווען. כ׳האָב געשלונגען הייסע טרערן, זיך איינגעביסן אין מיין רעכטער האַנט ביז צום בלוט, פאַרוואָס איך הויב זיך ניט פון אָרט, און די שרעק, אַז מען וועט מיך אָפּמעסטן מיט אַ דראָנג איבערן קאָפּ, האָט מיך צוגעשמידט און איך האָב זיך קיין ריר ניט געטאָן.

— דערווייל האָט אַ יונגער פויער אָנגענומען מיין טאַטן פאַרן שיטערן בערדל און אים גענומען אַראָפּפירן פון בוידעם. דער טאַטע, אַ פאַרבלוטיגטער מיט קיילעכדיגע גרויסע אויגן, האָט געקוקט אַזוי אומבאַהאָלפן, אַז איך האָב אַ קוויטש געטאָן, פאַרגעסן, אַז כ'קען דערהרגעט ווערן, מער ניט געקענט זעהן ווי מען באַליידיגט מיין טאַטן. מיט איין שפרונג האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיין טאַטן, זיך איינגעפלאָנטערט אין אים מיט הענט און פיס און געשריען:

— טאַטע, גיי ניט! טאַטע!

— איך האָב דערפילט, ווי אַ פאָר שטאַרקע הענט נעמען מיך אַרום, הייבן מיך אויף און מיט פונקען פאַר די אויגן בין איך געפלויגן אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע...

בשעת שושנה האָט דערציילט, האָט פרידקין איר געקוקט אין די אויגן אַריין, געוואָרן מיטגעריסן מיט דער מעשה און גע־פילט, ווי זי וואַקסט ביי אים ביסלאַכווייז אויס אין די אויגן. אַלע שוועריגקייטן, וואָס דאָס פאַרהייראַטע לעבן ברענגט מיט זיך מיט, האָט ער איצט דורכגעלאָזט דורך די פינגער און זיך געוואונדערט, פאַרוואָס ער האָט ביז איצט זיך אַזוי געשראָקן חתונה צו האָבן. ער האָט אַליין גענומען זעהן אין העלע קאָלירן, ניט געוואָלט טראַכטן, געוואוסט, אַז אַנדערע האָבן נאָך ווייניגער פרנסה גע־האַט פאַר אים, פונדעסטוועגן לעבן זיי מיט ווייבער, האָבן קינדער.

פרידקין איז געוואָרן גוט אויפגעלייגט, געמאַכט שושנהן קאָמ־פּלימענטן, געלאַכט און כאָטש ער האָט ניט געוואָלט טראַכטן, האָט פונדעסטוועגן, פון זיך אַליין, ביי אים זיך געפּלאָנטערט, וואָס פאַרע געריכטן זי וועט אים קאָכן, וואָס פאַרע מעבל זי וועט קויפן. אים האָט זיך עפּעס ניט געגלויבט, אַז ער גייט ווערן אַ טאַטע און אַזוי לייכט! וואָס איז דער אונטערשייד פון היינט

ביז נעכטן, ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור? ניט איין נאַכט איז ער אויף געווען, געלעגן אין בעטל און פאַנטאַזירט ווי זיין חתונה וועט צוגיין און דאָ, מיטאַמאָל, איז צו אים געקומען אַ מיידל און אים פאַרטרייט, אַז ער האָט שוין חתונה געהאַט, אַז אין גיכן וועט ער ווערן אַ טאַטע. ער האָט געקוקט אויף שושנהן, באַטראַכט אירע צעפּאַטלטע האָר, די שוואַרצע אויגן, געוואָלט געפינען עפּעס ענליכעס צו זיך און כאָטש עס איז צווישן זיי קיין ענליכקייט ניט געווען, האָט ער פונדעסטוועגן אויסגעפונען, אַז אין איר פּנים שפּיגלט זיך אָפּ עפּעס פון אים, ווען ער קוקט איר אַ לענגערע צייט אין די אויגן.

שפּעט אין דער נאַכט האָט ער זי אָפּגעפירט. ער איז געווען גליקלעך, אָפּגעמאַכט מאָרגן צו גיין זעהן אַ דירה און איבערמאָרגן צו נעמען חופה וקדושין.

אַז שושנה איז אַריין אין דעם הויז, וואו זי האָט געוואוינט, איז פרידקין נאָך שטיין געבליבן. ער האָט זיך איינגעהערט ווי זי גייט איבער די טרעפּ, רוהט זיך אָפּ מיט אַ זיפץ אויף יעדן שטאָק, געהערט ווי זי שליסט אַ טיר, פאַרמאַכט און ס׳איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. ער איז נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע, מקנא געווען שושנהן, וואָס זי קען גלייך אַריין אין בעט און אַ מידער זיך גענומען שלעפּן אַהיים.

דאָס שטילקייט פון די גאַסן, די איינגעקאָרטשעטע מענשן, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט געאיילט, פאַרשווינדן אין די פינסטערע הייזער, אַלץ האָט געווירקט אויף פרידקינען און זיין גוטע שטימונג איז ביסלעכווייז פון אים אַוועק.

פון אַ ווייטיגער גאַס איז אים עמיצער אַנטקעגן געקומען. דער פרעמדער, אַ הויך געוויקסיגער, איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט און געמאַכט מיט די הענט, ווי מיט פליגלען. פרידקין האָט אינסטינקטיוו, פון זיכערקייט וועגן, שוין געוואָלט אַריבערגיין אויפן

צווייטן טראָטואַר, זיך דערמאָנט אַז ער גייט חתונה האָבן, נעמט זיך אונטער צו באַשיצן אַ ווייב, האָט ער זיך געמאַכט קוראַזש, גענומען גיין אויפן פרעמדן און געציטערט. ער האָט געשטעלט נאָך עטליכע טריט, ניט אויסגעהאַלטן און שוין גענומען אַראָפּ־גיין פון טראָטואַר, ווי ס'איז אים מיטאַמאָל לייכטער געוואָרן און ער האָט זיך אויפגעהערט צו שרעקן — דער פרעמדער האָט גע־טראָגן ברילן.

# XIV

צייט גרין איז אַוועק פון דער „היברו״, האָט ער גאַנצע טעג זיך גענומען אַרומשלעפּן איבערן „ווילעדזש״, געגאַנגען פון איין „קנייפּע״ אין דער צווייטער, זיך איינגעהערט ווי מענשן ריידן, געשלאָפן ביז אַ שטיק נאָך מיטאָג און געפילט, ווי אונטער אים שאָקלט זיך עפּעס, קנאַקט, געוועזן זיכער, אַז היינט, מאָרגן וועט אַלץ פון אונטער זיינע פיס אַפּערשווימען און ער וועט בלייבן אין דער לופטן. ער האָט געהאַט פאַרדרוס, צו וואָס ער גייט אין „ווילעדזש״, געזעהן ווי מענשן קאָכן זיך, האַלטן אין איין איבערקייען זאַכן, וואָס מען האָט שוין אין אייראָפּע לאַנג פאַרדייט, זיינען גרייט זיך צו שלאָגן איבער קלייניגקייטן, וואָס גייען קיינעם ניט אָן. ער האָט געזעהן, ווי אַ באַקאַנטער איז געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט מענשן, עפּעס פאַרטיידיגט מיט שוים אויפן מויל, האָט גרין אַרויפגעלעגט אויף אים אַ האַנט, אים אָפּגעפירט אָן אַ זייט און געפרעגט:

— מה רעיש?

דער באַקאַנטער האָט געעפנט אַ פּאָר אויגן, פאַרלוירן אַ צונג געטאָן מיט די אַקסלען, ווי ס׳וואָלט אים מיטאַמאָל קשה געוואָרן — צו וואָס טאַקע קאָכט ער זיך?

גרינען איז איינגעפאַלן, אַז אַלע אַרום די טישלאַך זיינען היפּנאָטיזירט. בערג מיט שמות, פאַרשימלטע בלעטער, האַלב אָפּגע-

ריבענע, האַלב צעריסענע ביכער ליגן איבער אַלעמענס קעפּ, מאַכן טונקלע די לופט, שלעפערן איין, און ווי און וואָס די אָפּגע־ריבענע שמות ווילן, אַזוי האַנדלען די מענשן. ער האָט געפילט, אַז מ'דאַרף זיך באַפרייען פון די שמות, מ'דאַרף אַליך צעשטערן, ווערן דער בעל־הבית איבער זיך, און אין דער זעלביגער צייט איז ער יעדן אָוונט געגאַנגען פון אַ טישל צו אַ טישל, מיטגע־שלעפּט געוואָרן, ווי מען ווערט מיטגעריסן נאָך אַ מאַסע מענשן, וואָס באַוווייזט זיך מיטאַמאָל אין גאַס.

טיף אין דער נשמה האָט זיך עפּעס געבלעזולט ביי אים, עפּעס מטושטשעס, אָהן ווערטער, און ער האָט זיך בלויז געחדושט, ווי ר'נאָך האָט ער ביז איצט געקענט גלויבן, אַז די ישועה וועט קו־מען פון די פאָלק־שולן? און אַז אַ ייִנגל וועט שוין זינגען „מה קא משמע לן, דער רעגן", טאָ וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט עס? אַ טראַגעדיע איבער אַ פּאָר צעריסענע שיך! לאָז דער ישיבה־בחור ווערן אַ וואַסערטרעגער, אָדער ווייסט איר גאָר וואָס? מיר זיינען דאָך בני־רחמנים, וועלן מיר זיך צונויפלייגן, אים קויפן אַ פּאָר שיך און אויס טראַגעדיע! מיט אַזאַ באַגאַזש קען מען אפילו קיין איין טריט ניט שטעלן, דער קלענסטער הויך איז גענוג ער זאָל דאָס ביסל אָרעמקייט צעבלאָזן... הייסט עס, אַז וואַקס־מאַן איז גערעכט? ניין, טויזנט מאָל ניין! ער, גרין, מעג אָפּלאַכן, מעג אפילו שמייסן, ווייל ער האָט געוויטאָגט, הייל טויזנטער פּע־דים בינדן אים צונויף מיט די „ווינט־מילן", העלן מסתמא אים קיינמאָל ניט לאָזן אַרויספּלאָנטערן זיך און אויב ער וועט איבער־שניידן די פעדים, וועט ער איצט פאַרגיין אין בלוט, ניט זיין שולד, וואָס ער האָט צופיל האָפענונג געלייגט אויפן קינד, לאָמיר צוגעבן ניט קיין געראָטן קינד, אָבער זיינס אַ קינד, און די וואַקס־מאַנס דאַרפן שווייגן, זיי זיינען פרעמדע און אַז זיי גייען צו, דאַרפן זיי אויסטאָן די שיך.

גרין האָט מער ניט געוואָלט טראַכטן, זיך געוואָלט באַפרייען, זיך געקאָרטשעט און זיך מער פאַרפלאָנטערט.

„לאָז די עמיגראַציע אויפהערן, וועט אייער גאַנצע אַרבעט זיין אַרויסגעוואָרפן! די יוגנט רעדט ניט און פאַרשטייט ניט קיין יידיש! נאָך אַ דור — און יידיש וועט אונטערגיין!"

גרין האָט אויפגעשוידערט, ווי עמיצער וואָלט פון אים אַרויסגערעדט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געזעהן, ווי אַ דאַרער באַוואַקסענער בחור מיט לאַנגע הענט און פיס, ווי ביי אַן אוראַנג־אוטאַנג, שפּריצט מיטן מויל, האַלט אַ מיטל־יעריגן יידן, מיט אַ פאַרטראַכטן, קלוגן פּנים, פאַר אַ לאַץ און רעדט אין אים אַריין. גרין האָט געקענט דעם יידן. דאָס איז געווען דער פּובליציסט ניטען — דער טאַטע פון די פאָלק־שולן. ניטען האָט דעם בחור גאָרניט געענטפערט, אים גוטמוטיג אָנגעקוקט און זיין קלוגער שמייכל האָט, דאַכט זיך, געטענהט:

— דאָס אַליץ וואָס דו טענהסט, מיין פריינט, איז אמת. כ'וואָלט דיר נאָך אַ פּאָר אמתן געקאָנט זאָגן, וואָס דו ווייסט ניט! וואָס קרימסטו זיך? כ'האָב דיר, דאַכט זיך, גאָרניט געטאָן! כ'רייד זעהר גוטמוטיג. קענסט ניט אויסהאַלטן מיין בליק? אַז ביזט ווידער אַזוי זיכער, וואָס לאָזטו אַראָפּ די אויגן? אַפּנים דיינע אמתן זיינען קיינע אמתן ניט...

גרין האָט פאַרמאַכט די אויגן, געזעהן פאַר זיך דעם גוטמוטיגן ניטען, דעם בעל־תשובה ,דעם צוריקגעקומענעם, און זיך געטראַכט, אַז ער וואָלט אים ניט פאַרטוישט פאַר אַלע העברעאישע מעצענאַטן. ער האָט זיך בלויז געוואונדערט, פון וואַן נעמט זיך צו אים אַזוי פיל גלויבן? ווי ווערט דאָס אַ מענש ניט מיד דאָס גאַנצע לעבן צו האַלטן אין איין בויען? בויען אויף זומפּן, אויף זאַמדן, קלאַפּן פּלעקער אין וואַסער אַריין, אַבי עפּעס צו טאָן! זאָל זיין, אַז דער מענש מוז אין תוך וועלן עפּעס ממשותדיגעס?

אויב אַזוי האָט ער, גרין, ביז איצט ניט געגלויבט אין מענש? — — פאַר וואָס הויבן זיך ביי אים די הענט ניט צו טאָן? ער און דער בחור מיט די לאַנגע הענט און פיס און טויזנטער אַנדערע — זיינען גלות־יידן, דער גלות האָט זיך איינגעגעסן אין זייערע אָדערן, אָפּגענומען ביי זיי הענט און פיס, און ווי פליישיגע געוויקסן זיצן זיי אויפן יידישן קערפּער, טוען גאָרניט און נאָגן זיין בלוט. און די ניטענס? מעגלאַך, אַז זיי זיינען די ל״ו־ניקעס, אויף וועמען די וועלט שטייט! מעגלאַך! און אַז זיי וועלן גאָר־ניט אויסבויען? זיי וועלן אויסבויען, זיי וועלן! און אויב ניט, וועט אַליך אונטערגיין, און קיין האַרץ וועט ניט בלייבן, ס׳זאָל זיך קאָרטשען און וויטאָגן...

גרין האָט געפילט, ווי זיין יידיש לעבן ווערט חרוב, צעפאַלט אין אַלע פיר זייטן ווי פאַרוועלקטע בלעטער. ס׳האָט אים ווייי געטאָן, ניט געוואָלט זעהן אין אַלעם צופאַל, דעם זעלבינגן צופאַל, דורך וועלכן ער איז געקומען אויף דער וועלט געגן זיין ווילן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער איינגענער נשמה, טיפער זיך איינ־געהערט אין דעם רויש און געוועזן זיכער, אַז דאָס קומט ניט פון חורבות, אַזוי קען נאָר רוישן די יוגנט, ווען זי קלאַפּט אין די טירן, זאָגט אָן אַז זי קומט.

---

אין דער טיר זייגען געשטאַנען בעסי מיט ליפּשיצן. גרין איז געוואָרן נערוועז, געוואָלט זיין גלייכגילטיג, ניט געוואָלט זיי באַמערקן, זיך געהאַלטן אין איין קנאַקן די פינגער און זיך גע־פילט געקרענקט, וואָס מען האָט ביי אים עפּעס צוגענומען.

צומאָרגנס נאָכן סקאַנדאַל מיטן פאָטער איז בעסי געקו־מען צו אים אַ פאַרווייגטע, צוגעשטאַנען אַז גרין זאָל גלייך גיין נעמען אַ דירה, אַז זי וועט מער ניט אַהיימגיין, אַז זי וועט זיך אַ

מעשה אָנטאָן, אַז ער איז אַ שלעכטער, האָט זי ניט ליב, באַגייט זיך מיט איר ווי מיט אַ קינד, וואָס שווייגט ער? זי האָט אים פיינט!

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט בייס טיש, צעעפנט אַ בוך, פאַרביסן געטומען קנייטשן די שפּיצן פון די בלעטער, מיטאַמאָל פאַרגעסן, אַז זי האָט נאָרוואָס געוויינט, אַ שמייכל געטאָן, און די אויגן זיינען ביי איר געוואָרן שענער, קלאָרער, ווי די זון נאָך אַ רעגן:

— ווייסט, כ'האָב נעכטן געטראָפן ליפּשיצן, ער האָט מיר געגעבן אַ „גוט־טיים", ניט ווי דו — — — ער האָט מיך באַקענט מיטן דירינגענט, מיט עטליכע טעאַטער־קריטיקער, האָבן מיר געהאַט „פאָן" האַ, האַ, האַ! ליפּשיץ שרייבט דאָך לידער אויך, ער האָט אונז פאָרגעלייענט. דער דירינגענט, ער איז אַ גוי, האָט קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען, האָבן מיר געלאַכט! ווייסט, נאָך אַלעמען איז ליפּשיץ אַ קאָמיש־וואוילער יונג. דיר געפעלן זיינע לידער?

גרין האָט געפילט אין בעסים קול, אין דעם איינציהען פון דער אויבערשטער ליפּ, אַז זי האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, דאָס זי איז צעקריגט מיטן פאָטער, אַז זי וועט זיך קיין מעשה ניט אָנטאָן. דאָס סימולירט זי עפּעס אַ העלד. בעסי וועט זיך קיינמאָל קיין מאַן ניט איבערגעבן, ביז דער פאָטער און מוטער, פון וועלכע זי אַנטלויפט, וועלן ניט נעמען דאָס אונטערפירנס.

זי האָט אים דערמאָנט אָן באַלזאַקס געליבטע — די פּוילישע, פּראָווינציעלע צנועה, וואָס האָט אים איינגערעדט, אַז זי שטאַמט פון קיניגליכן הויף, וואָס זי האָט אים צוגעשיקט סוועדענבאָרגס ביכער, ער זאָל האָבן פון וואָס צו לערנען. און דער ריז באַלזאַק, וואָס האָט גענומען מיט זיינע פרויען־טיפן אייראָפּע מיט שטורם, איז געבליבן ביזן טויט אַ „סנאָב". דרייצן יאָר זיך געשלעפּט נאָך דער האַלב מיסטישער, האַלב זינדיגער אין גע־

דאַנק, דאַמע, װאָס האָט אים פאַרגודיעט מיט אירע בריװ, אַז פרויען דאַרפן זיין זעלבשטענדיג, פריי און זיך אים פאַר קיין פאַל ניט געװאָלט איבערגעבן, ביז זי האָט אים אַזש פון פאַריז אַראָפּגעשלעפּט נאָך בערדיטשעװ, גאַנץ פוילן זאָל זיין אַן עדות.

דעם זעלבן אָװנט האָט גרין זיך געטראָפן מיט ליפשיצן, אים געגעבן אָנצוהערן, אַז װען ער װאָלט זיך געדרוקט, װאָלט בעסי אים ליב געקראָגן. ליפשיץ האָט געשטאַמלט, זיך געררויטלט און אַװעקגעגאַנגען פון גרינען מיט צװיי לידער. אַז די לידער האָבן זיך אָפּגעדרוקט, איז בעסי געקומען צו לויפן מיט דער צייטונג אָהין אַן אָטעם:

— װאָס זאָגסטו אויף ליפשיצן? שיינע לידער! האָסט זיי געלייענט? נאַ!

גרין האָט געשמייכלט, ניט גענומען די צייטונג אין האַנט.

— דיך דאַרף ניט פאַרדריסן — האָט בעסי אויף אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט — איך פאַרגלייך אים ניט צו דיר, כ׳הייס אַז צו דיינע לידער קומען זיי ניט...

— פאַרקערט — האָט גרין זי, מעשה פאָטער, אַרומגענומען און געגלעט איבער די האָר — כ׳בין צופרידן.

— איך אויך — האָט זיך בעסי צעלאַכט און זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן — כ׳האָב גאָר פאַרגעסן! כ׳האָב עמיצן געלאָזט אונטן, װעסט מיר אַנטשולדיגן, כ׳גיי צו אַ קאָנצערט, מאָרגן װעלן מיר זיך זעהן — און זי האָט אונטערגעשטעלט אַ באַק — גוד־באַי!

— גוד־באַי.

גרין איז געבליבן אַליין אין שטוב, זיך איינגעהערט, װי בעסי לויפט איבער די טרעפּן, און װאָס װייטער און שװאַכער עס זיינען געװאָרן די טריט, אַלץ באַנגער איז אים געװאָרן, געפילט אַז צװישן

זיי איז אַליין געענדיגט און געווען זיכער, ניט ווייסנדיג פאַרוואָס, אַז ליפשיץ האָט געוואַרט אויף איר. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. ליפשיץ האָט זי געפירט אונטערן אָרעם.

---

איצט, זעהענדיג זי מיט אים, האָט גרין זיך געפילט באַ־ליידיגט, זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, וואָס פאַר אַ ראָליע ער שפּילט דאָ און זעהר געוואָלט בעסי זאָל אים ניט באַמערקן.

— האַללאָ, גרין — איז בעסי כמעט צוגעלאָפן צו אים, אָנגעכאַפּט זיינע ביידע הענט, זיי האַרציג געדריקט און גערעדט מיט איין אָטעם — ווערסט מיר אַנטשולדיגן, כ'האָב נעכטן ניט געקענט זיין ביי דיר, האָסט דען געוואַרט? אָ־אָ?!

זי האָט זיך ניט איינגעהערט, וואָס גרין האָט געענטפערט, זיך אויסגעגלייכט, זיך אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט עמיצן געזוכט, און אין איר טונקעלן אָנצוג ביז צום טריט, די גרויסע וואואַל, וואָס האָט פאַרדעקט ס'פּנים, נאָכלעסיג געפאַלן אַרום האַלז, אַליין האָט דערמאָנט אַן ענגלענדערן אויף דער רייזע.

גרין האָט זי קיינמאָל ניט געזעהן אַזוי אָנגעטאָן, געווען דע־נערווירט, וואָס אירע הייכע אויגן שמייכלען צו עמיצן, די צוויי אויבערשטע ציין קוקן פאַרשייט, האָט ער זי אַ פרעג געטאָן:

— פאָרסט ערגעץ?

— וואָס פאַלט דיר איין?

— אַז דו האָסט זיך אַזוי אויסגעפּוצט!

זי האָט זיך ניט געמאַכט הערן, אַ שמייכל געטאָן צו ליפּ־שיצן, וואָס איז געבליבן שטיין מיט אַ באַקאַנטן, אים צוגע־רופן און זיך איינגעבויגן צו גרינען:

— ווען דו ווייסט, ווי ליפשיץ האַלט פון דיר! טענהט גאַנצע טעג, אַז דו ביזט דער גרעסטער יידישער דיכטער. וואָס שמייכלסטו ?

ליפשיץ איז אונטערגעקומען ניט קיין דרייסטער, זיך פאַרלוירן פאַר גרינען, מורא געהאַט ס׳זאָל זיך עפּעס ניט אָפּשפּילן און אויסגעזעהן אַזוי אומבאַהאָלפן, אַז ס׳איז אַ רחמנות געווען אויף אים.

גרין איז געוואָרן אויפגערוימטער, זיך געטראַכט, אַז ליפשיץ איז ביי אים אין דער האַנט לאָז ער זיך שפּילן, פאַרקריכן אַליין ווייטער, און געפּילט אַ מאָדנעם רייץ, וואָס דער פלאָנטער וויקלט זיך אַרום אים. מעשה פילאַנטראָפּ האָט ער צוגעוואָרפן ליפשיצן אַ שאָקל מיטן קאָפּ, און כאָטש ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך ניט צו באַמערקן אים צווישן מענשן, האָט זיך פונדעסטוועגן ביי אים אַרויסגעכאַפּט:

— נו, ווי שרייבט זיך עפּעס?

ליפשיץ האָט זיך פאַררויטלט, עפּעס אַ שטאַמל געטאָן אונ־טער דער נאָז און אָנגעהויבן צו ריידן וועגן עפּעס אַנדערש.

— ווי שיין ער פאַרלירט זיך — האָט בעסי אַ שטראַלנדיגע אַ שטופּ געטאָן גרינען און געוויזן אויף ליפשיצן — אסור אַ זעכצניעריג מיידל! ער איז דער איינציגער פון דעם גאַנצן „באָנטש" שרייבער, וואָס ער רעדט ניט וועגן זיך!

ליפשיץ האָט זיך נאָך שטאַרקער פאַררויטלט, זעהר געוואָלט בעסי זאָל אויפהערן צו ריידן וועגן אים, אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט גרינס בליק און איר געוויזן אויף אַ ליידיג טישל:

— ווילסט זיך אפשר צוזעצן?

בעסי האָט זיך געכאַפּט, אַז ליפשיץ פילט זיך שלעכט אין גרינס געגנוואַרט, ווייס מסתמא אַז צווישן איר און גרינען איז עפּעס פאָרגעקומען, האָט זי אַרויפגעלייגט אויף גרינען אַ האַנט— איר וועט דאָך דאָ זיצן? — און זיך געזעצט מיט ליפשיצן ביי אַן אַנדער טישל.

גרין האָט צוגערופן דעם קעלנער, עפּעס געשטאַמלט, געזעהן ווי באַקאַנטע רוקן זיך אַרום בעסים טישל. ער האָט געקוקט פון דער זייט, מיט איין אויג, באַמערקט ווי בעסי פירט דעם שמועס, גיט דעם טאָן, די אויגן פינקלען, האָבן אין זיך אַוואַנטיו־רישעס, און די יונגעלייט רוקן זיך אַלץ נעהענטער, כאַפּן התפּעלות פון יעדן וואָרט אירס, דרייען זיך אַרום איר.

און כאָטש גרין איז געווען גלייכגילטיג צו איר, האָט עס אים פונדעסטוועגן פאַרדראָסן, זיך דערפילט מיטאַמאָל איינזאַם, אויס־געשפּילט, ווי מען וואָלט ביי אים עפּעס איבערגעוואַלד צוגענו־מען. ער האָט זיך געסטאַרעט ניט צו קוקן אויף בעסין, ניט ווילנ־דיג אָבער האָט ער יעדע ווילע געוואָרפן אויף איר אַ בליק פון דער זייט און געפילט בשעת־מעשה, ווי עס ווערט אים הויל ביים האַרצן.

צו בעסים טישל איז אונטערגעקומען אַ סקיצן־שרייבער, אַ גאַליציאַנער יונגערמאַן אין ברילן, מיט אַ גלאָז טיי אין דער האַנט. ער האָט געזופּט דעם טיי און גערעדט:

— איר ווייסט, יידן, ליפּשיץ איז אַן אמתער פּאָעט! דער בחור „בלאָפט“ ניט! אָט לעזט זיין לעצטע ליד — האָפּמאַנסטאַל וואָלט זיך אסור ניט געשעמט דערמיט...

— וואָס מיר האָפּמאַנשטאַל? — האָט אַ ליטוואַק, וואָס רעדט מיט דער „שין“, זיך אָנגערופן — אַזעלכע לידער געפינט איר נאָר ביי שאָלאָגובן...

— אויב איר געפינט זיי ביי „שאָלאָגובן“ — האָט גרין נאָכ־געקרימט דעם בחור און אויפן אָרט חרטה געהאַט, וואָס ער מישט זיך אַריין — דאַרף מען ליפּשיצעס לידער ניט...

בשעת גרין האָט גערעדט איז ליפּשיין בלייך געוואָרן, גע־פּילט, ווען עס עפּנט זיך אַ גרוב, וואָלט ער אַריין. אַלע האָבן עס באַמערקט און יעדער האָט זיך געטראַכט, אַז אין ליפּשיצעס שרייבן

פילט זיך נאָך די אומשולד, ער האָט זי נאָך ניט פאַרלוירן, דערי־
בער אַזוי פיל פייער, אַזאַ גלויבן אין זיינע לידער.

— איר זייט אַ קינד—האָט העלד, דער ראָמאַנען־שרייבער, אויפ־
געהערט עסן און זיך געווענדעט צו גרינען — איר וועט ביי סאָ־
לאָגובן קיינמאָל אַזעלכע לידער ניט געפינען! סאָלאָגובס לידער
זיינען צוגעטראַכט...

העלד האָט אַריינגעמאַכט אַ פאַפירענעם טישטוכל הינטערן
הייסן קאָלנער, געשמאַק איינגעביסן מיט זיינע ווייסע ציין אַ גע־
בראָטענע פאָלקע פון אַ קאַטשקע און ווייטער גערעדט:

— כ׳האָב באַלד געזאָגט, ווען כ׳האָב דורכגעלייענט זיינע
ערשטע לידער, אַז אין ליפשיצן האָבן מיר אַ דיכטער פון ערשטן
גראַד.

בעסי האָט אָנגעקוואָלן, געקוקט פון איינעם אויפן צווייטן,
וואָס פאַר אַ איינדרוק העלדס ווערטער מאַכן.

— געוויס, געוויס — האָט אַ קאַריקאַטוריסט זיך אָנגערופן
— זיי וואָלטן נאָך בעסער געווען, ווען ער שרייבט זיי אינגאַנצן
ניט. ווער דאַרף דאָס האָבן גראַמען, ווער? דער עיקר — ליפ־
שיץ איז אַ ברייטער יונג און אַ הלואה קריגט מען ביי אים אַפילו
אין מיטן דער נאַכט, „דאַטס אָל״!

— ביזט אַן אידיאָט! — האָט העלד ארויסגעברומט פון דער
שיסל.

גרין האָט איראָניש געשמייכלט. אים האָט פאַרדראָסן, פאַר־
וואָס דער עולם האָט ניט אַרונטערגעריסן די לידער. ער האָט זיך
טיפער אַריינגעזעצט אין בענקל, שנעל געדרייט אַ סיגאַרעט און
זיך מער ניט איינגעהערט, וואָס די חברה ריידן. פון לאַנגווייליג־
קייט האָט ער אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ פאַק מיט פאַ־
פירן, זיי גענומען איבערקוקן, ענערגיש געריסן איין פאַפירל נאָכן
צווייטן, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט שטילן דעם כעס. ער האָט

אינסטינקטיוו אַ קוק געטאָן צו ליפּשיצן, געוואָלט געמען בײַ אים אַ פּאָר דאָלאַר, באַמערקט ווי ליפּשיץ מײַדט אים אויס, האָט ער אים מיטאַמאָל פּיינט געקראָגן, השק געהאַט אָנצונעמען פּאַר אַן אויער און אײַנרײַמען בעסין אַ סוד, אַז די לידער זײַנען גרינס.

ער האָט זיך נערוועז פּונאַנדערגעלאַכט.

אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט, געקוועטשט מיט די אַקסלען.

העלד האָט געהאַלטן בעסין פּאַר ביידע הענט און גערעדט געלאַסן, ווי עפּעס פּאַר אַ גרויסן מענטשן. ער האָט גערעדט וועגן ליפּשיצעס לידער, וועגן דעם, אַז יידישע פּרויען זײַנען צו קלוג צו קענען ליבן און וועגן אַנדערע „לעבנס־וויזהייטן".

גרין האָט ניט געקענט הערן, עטליכע מאָל געוואָלט צורופן ליפּשיצן, זיך אויך געוואָלט קלאָר מאַכן, פאַרוואָס ס'איז אים מיט־אַמאָל געקומען אויפן זינען שלעגל, וועמען היינע באַשולדיגט, אַז ער האָט גענומען שטיצע פון זײַן ווײַבס אָפּגענאַרטן מאַן, ניט גע־קענט צונויפנעמען די געדאַנקען, בלויז געפילט ווי דאָס וואָרט שלעגל פּיקט בײַ אים אין מוח, ווי דאָס צופּן פון אַ צאָן איידער די ווייטאָגן קומען אָן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלעמענס בליקן זײַנען געווענדעט צו אים, אַז אַלע ווייסן, דאָס ליפּשיץ האָט בײַ אים צוגענומען בעסין, און זיי טראַכטן זיך מסתמא, אַז דעריבער זיצט ער אַזאַ דערשלאָגענער. פון פאַרדראָס האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט איבער די שפּיציגע צאָן־העלצלאַך, ניט געפילט ווי זײַן האַנט בלוטיגט, און מיט אַ בייזער כמעט אַ געשריי געטאָן:

— ליפּשיץ, קומט נאָר אַהער!

— וואָס איז? — איז ליפּשיץ אונטערגעקומען הכנעהדיג.

— איר האָט בײַ זיך געלט?

— וויפיל דאַרפט איר?

— צעהן דאָלאַר.

— אָל־רייט.

ליפשיץ האָט אויפֿן אָרט אויסגעשריבן אַ „טשעק“. גרין האָט אַראָפּגערוקט דעם קאַפּעליוש ביז איבער די אויגן, געוואוסט אַז מען וועט אים באַלד נעמען אויפֿן צימבל, זיך מיט קיינעם ניט געזעגנט און איז אַרויס.

— גרין האָט היינט געמוזט אויפּשטיין אויף דער לינקער זייט — האָט איינער זיך צעגענעצט.

— דער בחור איז אויסגעשפּילט, אַראָפּ באַצייטנס פֿון דער סצענע — האָט אַ צווייטער אַריינגעוואָרפֿן.

— איז ער בדלות — האָט זיך דער קאַריקאַטוריסט אַריינגעמישט — ווייבלאַך ליבן אים אָהן לידלאַך אויך.

— איר רעדט אַלע ווי קינדער — האָט העלד מיט אויטאָריטעט געזאָגט — גרין, דאָס איז אַן ארכי־בלאָפֿער, ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. ער איז געקומען מיט זיינע דריי־גאָריגע שורות, האָט בשעת־מעשה געמאַכט אַ שטיקל רושם. און ווייטער? ווייס איך!.. אַ קוק טוענדיג אויף זיין פּנים, זעהט מען גלייך, אַז דאָס איז די אימפּאָטענץ אַליין.

בעסי האָט אים גענומען פֿאַרענטפֿערן. זי האָט פֿאַרגעלעזן זיינע ערשטע לידער, און אַלע האָבן אויסגעפֿונען אַן ענליכקייט צו ליפּשיצעס. ליפשיץ איז מיטאַמאָל רויט געוואָרן. ביים אַרויסגיין האָט ליפשיץ זיך געזעגנט מיט דעם חשבון פֿאַר אַלעמען און איז אַוועק מיט בעסין.



XV

אַרויסגייענדיג האָט גרין צום הונדערטן מאָל אָפּגעמאַכט בּיי זיך מער אַהין נישט צו גיין. ער האָט געפילט אַ שלעכטן נאָך־טעם. אין איין רגע האָט ער דורכגעוואָרפן כמעט אַלע בּאַזוכער פון פלאַץ, נישט געקענט פאַרשטיין, ווי מענשן לעבּן אין אַזאַ קליין וועלטעלע, וואו איינער דעם צווייטן פאַרגינט נישט, וואו יע־דער איז דער גרעסטער, וואו אַלץ איז אַזוי נישטיג קליין — קליינע השגות, קליינע אַמבּיציעס, כּבוד אויפן שפּיץ מעסער. מענשן קוויקן זיך מיט אינטריגעלאַך, טרייבּן רכילות ווי סריסים, און פונקט ווי אַלטע, קראַנקע פערד ליגן און עסן פון אונטער זיך, אַזוי זיצן זיי גאַנצע טעג, פאַרבּרענגען כּלומרשט צווישן זיך, און איין חבר שרייבּט אויפן צווייטן אַ פּאַשקווילעלע אויף אַ האַלבּן, אויף אַ פערטל שפּאַלט פון אַ צייטונג. מער קיין כּוח איז נישטאָ. נאָכדעם קומט מען זיך צונויף, מען שמייכלט ווי איינער האָט דעם צווייטן אַריינגעקיבּעצט, און ס'דאַכט זיך, אַז דאָ זיצן נישט קיין מענשן, נאָר פּאַראָדיעס, וואָס שפּילן די ראָליעס פון מענשן.

גרין האָט געליטן, געזעהן דאָס גאַנצע יידישע לעבּן ווי עפּעס אַ פּאַראָדיע, געפילט אַז אַנדערש וואָלטן זיי זיך נישט געקענט דערהאַלטן אין גלות און געטראַכט צי ס'האָט זיך געלוינט אַזוי פיל צו ליידן צוליבּ ר' יוחנן בּן זכּאין? פאַרלייקענען דעם קער־פּער, אויסמעקן דעם אַלטן יידישן בּאַגריף „הדם הוא הנפש“

— דאָס איז דאָך אין אמתן נישט מער ווי די פּסיכאָלאָגיע פון שוואַכן.

עס זיינען אים אויפן זינען געקומען די אַלע אַרגומענטן פאַר און קעגן דעם יידישן „קהל“, וואָס קיין גוי האָט עס נאָך ביז היינטיגן טאָג נישט פאַרדייט, ווייל ס'איז אים פרעמד, ס'וועט אים תמיד זיין פרעמד, און דער „קשה־עורף“ אין אים האָט זיך אויף אַ רגע דערפילט שטאָלצער, וואָס קיינער פאַרשטייט אים נישט, וואָס מען האַסט אים.

ער איז געגאַנגען פון איין גאַס אין דער צווייטער, זיך איינגעהערט צו אַן אינערליכע שטימע, אַז אַ מענש וואָס פאַרקויפט זיין געוויסן צוליב אַ קאַפּריז, צוליב אַ מיידל, אַזאַ מענש דאַרף שווייגן, דאַרף צו קיינעם קיין טענות נישט האָבן.

און ער, גרין?

ער האַנדלט מיט זיך, מיט זיינע לידער, מיט דער אייגענער נשמה... נו, דעריבער?

האָט ווילאָגען עפּעס געשאַדט די אָפּטע גנבות, דאָס זיצן אין תּפיסה? ער איז סיי־ווי־סיי פאַרבליבן דער פאָטער פון איינפאַכסטן, שענסטן פערז, דער פאָטער פון דער נייער פראַנצויזישער פּאָעזיע.

— און ר' יוחנן בן זכאי? און הונדערטער אַנדערע?

איז עס אַזוי שיין, מיינט איר, אַוועקצולייגן די שווערד, ווען ס'גייט אָן ביים אייגענעם פאָלק אַ מלחמה אויף טויט און לעבן, פאַלן די זינרייכע רוימער צו די פיס און שווערן, אַז ער איז געגן דער מלחמה, אַז ער — — — אַז אַלע אמתע יידן זיינען געגן דער מלחמה, זיי האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט די מחללי־שבת, די צדוקים, זיי פאַרלאַנגען בלויז, מען זאָל זיי לאָזן זיצן מיט דער תורה אין יבנה און —?

און ר' יוחנן בן זכאיס שוואַכקייט האָט אונז אויפגעהאַלטן!

גרין האָט געוואוסט, אַז דער פאַרגלייך הינקט אונטער, נישט דאָס האָט ער געוואָלט זאָגן און פּאָרט געפילט אַ שיכות, וואָס לאָזט זיך נישט אָנטאַפּן.

ער איז געגאַנגען גיכער, זיך צוגעהערט צו דער אינערליכער שטימע, אַז ווי געניאַל אַ פּאַיאַץ אָדער פּאַשקווילִיסט זאָל נישט זיין, קען מען זיי העכסטנס באַוואונדערן, אָבער קיין אָנשטענדי־גער מענש וועט זיי קיין האַנט נישט געבן.

— אַזוי? האַ, האַ, האַ! אַן אָנשטענדיגער מענש!

איז ראַבעלע דערפאַר קלענער, וואָס ער האָט געשריבן פּאַש־קווילן? דעריבער?

עס האָט אים דורכגעשווידערט, זיך דערפילט פרעמד צווישן דעם שטראָם מענשן, וואָס האָט זיך געצויגן פון די „שאָפּן". קיינער קען אים נישט, ווייסט נישט אַז ער, גרין, איז אַ יידישער דיכטער, אַז נאָך נעכטן האָט ער געגלויבט, דאָס די ישועה וועט קומען פון די פאָלק־שולן, געפלאַנט זיי צו עפענען איבערן גאַנצן לאַנד, בויען עפּעס. ער איז געווען גליקליך, דער גליקליכס־טער. און היינט? היינט פאַרקויפט ער די אייגענע נשמה, פילט אַז וואָס ווייטער וועט ער טיפער זינקען, און דעמאָלט? אַן אוי־מעט פון אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד האָט זיך גענומען גנבענען אין אים, זיך פאַרצויגן ווי אַ נעפּל, גענומען אַליין אָפּטעמפּן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז אַ בלעזל פון אַ שטראָם, וואָס האָט זיך געצויגן מיט הונדערטער יאָרן צוריק. ער איז אַן אָפּגעריסן גליד, וואָס קען זיך נישט צופּאַסן צו די אייליגע פּנימער, וואָס לויפן ווי פאַרסאַמטע מייז פון די „שאָפּן". נו, דעריבער, איז וואָס? איז ער מער יחסן?

וואָס איז אינגאַנצן אַ מענש?

אַ בלינדער צופאַל, אַ רינצל אין דעם אומענדליכן וואַסער, וואָס הייסט לעבן. ס'רינצל גלייכט זיך אויס און ס'בלייבט קיין זכר נישט. יאָ, ס'בלייבט קיין זכר נישט!

— יידן, באַבעס, הייסע אַרבעס, קויפט יידן, אַ סענט אַ גלעזל!

דאָס קול איז גרינגען געווען באַקאַנט. ער האָט זיך אויסגע־דרייט, דערזעהן שוואַרצן אין העמד מיט הויזן, דאָס פּנים חושך, איינגעפאַלן, שטייט איבער אַ קאָשיקל מיט אַרבעס, רופט די פאַר־בייגייער מיט די אויגן, מיטן גאַנצן קערפּער. זעלטן ווען אַ פאַר־בייגייער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אים איינגעשטעקט אַ סענט, זיך אַריינגעשיט אין דער קעשענע אַ גלעזל אַרבעס און געלאָפן ווייטער.

גרינגען איז איינגעפאַלן, אַז דער צעבראָכענער, פאַרחושכטער שוואַרץ רייסט זיך דעם האַלז און טראַכט בשעת מעשה ווי אָנ־צושרייבן אַ שיר, וואָס ער זאָל געפעלן קרוזען. ער האָט זיך פאַר־שעמט, ווי ער וואָלט דערזעהן דאָס איינענע געוויסן און גענומען אַוועקגיין. שוואַרצעס דערשראָקענע אויגן, וואָס האָבן געקוקט צו די פאַרבייגייער, זיך געבעטן מען זאָל אים געבן צו לייזן אַ סענט, האָבן גרינגען פאַרפאָלגט, און ער האָט זיך אומגעקערט.

— האַללאָ, שוואַרץ!

— האַללאָ — האָט שוואַרץ אַראָפּגעלאָזט פון חרפּה די אויגן און גרינגען האָט באַנג געטאָן, צו וואָס ער איז אונטערגעקומען.

— לייזט זיך כאָטש?

— נישט גוט, נישט גוט — האָט ער אָפּגעזיפצט — מען מאַ־טערט זיך! און איר גרין האָט אינגאַנצן אויפגעהערט שרייבן? כ'האָב שוין אַ לאַנגע צייט נישט געזעהן פון אייך קיין ליד!

גרין האָט באַמערקט, אַז גלייך ווי ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן שרייבן, האָט זיך ס'פּנים ביי אים געביטן, די אויגן מילדער און אינגאַנצן איז ער געוואָרן אַן אַנדערער.

— איר פלעגט דאָך פעדלען מיט שפּילצייג?

— איצט איז נישט דער סעזאָן, דערצו איז ביי מיר ס'ווייב קראַנק, מען דאַרף געלט, נייט מען אין גאַס אַריין מיט וואָס עס מאַכט זיך נאָר.

— וואָס איז אייער ווייב ?

— כ׳הייס, שוין זעקס וואָכן ווי מיין ווייב איז געלעגן געוואָרן

— האָט ער זיך פֿאַרהויטלט — מסתמא געכאַפּט אַ צוק, ליגט די גאַנצע צייט. כ׳וואָלט געהאַט געלט, וואָלט איך געטוישט די דירה, אפשר שאַדט איר דער ווילנאָטש, כ׳ווייס?

— באָרגט ביי מיר אַ פּאָר דאָלאַר — האָט גרין אַרויסגענו־מען ליפּשיצעס טשעק און אים אַוועקגעגעבן — איר וועט האָבן וועט איר מיר אָפּגעבן.

שוואַרץ האָט נישט געוואוסט פון גרויס פרייד וואָס צו טאָן. געהאַט אַ מינע, ווי ער קלייבט זיך אים אַ קוש טאָן. גרין האָט אים געדריקט די האַנט, זיך געזעגנט און גיך גענומען אַוועקגיין.

אַז ער איז אָפּגעגאַנגען עטליכע קוואַרטאַלן, האָט ער זיך דער־מאָנט, אַז ער האָט אַוועקגעגעבן דעם לעצטן סענט. ער האָט זיך ניט געקענט באַפרייען פונם פאַרחושכטן שוואַרץ, בּיסלאַכווייז זיך אויסגעניכטערט און באַטראַכט, אַז מען דאַרף צוגיין אין דער היב־רו־סקול, וואָס האָט היינט אַנאָנסירט פאַר אַ העבּרעאישן לערער.

---

אין „אָפּיס“ האָבן געוואַרט עטליכע בחורים מיט הויכע, קיי־לעכדיגע פּלייצעס, שלעכט ראַזירט, ווי זיי וואָלטן זיך גענאָלט מיט טעמפּע מעסערס. די בחורים האָבן געשפּרייזט איבערן אָפּיס, זיך פאַרהאַלטן ווי קאָנקורענטן, און פון לאַנגווייליגקייט האָט יעדעס מאָל אַן אַנדערער ארויסגעשלעפּט די צייטונג פון קעשענע, וואו ס׳איז געווען אַנאָנסירט, אַז מען זוכט אַ לערער, זיך אַוועקגע־שטעלט ביי אַן עלעקטריש לעמפּל און איבערגעלייענט די אַנאָנס, וואָס ער האָט שוין געקענט אויף אויסווייניג.

— אַנטשולדיגט — איז אַ בחור אַנטקעגנגעקומען און אָפּגע־הוסט — זייט איר ניט מיסטער גרין ?

— יעס.

— מיך קענט איר מסתמא ניט, דערפאַר קען אייך יעדער — האָט דער בחור געשמייכלט, ווי ס׳וואָלט אים שטאַרק הנאה גע־טאָן, וואָס ער קען גרינען — איר ווייסט, אין דער „מחזיקי״, וואו איר זייט געשטאַנען, גייט אָן אַ שטרייק.

— שוין לאַנג ?

— נעכטן זיינען זיי אַרויס.

— וואָס, זיי ווילן גרעסערע שכירות ?

— זיי ווילן דער מינימום זאָל זיין צוואַנציג דאָלאַר אַ שעה.

— און וויפיל צאָלט מען דאָ ?

— דאַכט זיך פופצן. כ׳האָב אָבער געהערט, אַז די צווייטע וואָך וועט מען פון דאַנען אויך אַראָפּנעמען די לערערס.

גרין האָט זיך געחדושט צי פרידקין שטרייקט, זיך פאַרשעמט פאַרן געדאַנק, וואָס איז פון זיך אַליין אַרויסגעשפרונגען, צי מען וואָלט אים איצט צוגענומען, כאָטש ער איז צעקריגט מיטן פּרע־זידענט.

— דער פּרינסיפּאַל, אַ מיטל־יעריגער מיט אַ בּערדל ווי בּיי „אָנקל סעם״, איז אַרויס פון אַ קלאַס, בּאַטראַכט די לערערס מיט איין אויג, ווי ער וואָלט געזוכט אַ בּאַקאַנט פּנים. די לערערס האָבּן אים אַרומגערינגלט און די מער ריידעוודיגע האָבּן זיך גענומען רע־קאָמענדירן.

— איך בּין נאָך אַ לערער פון דער היים, געהאַלטן אַ קלאַס אין גמרא.

— כ׳רייד העבּרעאיש פליסינער ווי זשאַרגאָן.

— כ׳האָב געלערנט אין וואָלאָזשין, בּאַזיץ אַ גוטן העבּרע־איש, ענגליש פּוירפעקט, ניטאָ קיין וואָרט, כ׳זאָל ניט קענען „ספּע־לן״ ! *).

---

*) פּוירפעקט – גלענצנד. ספּעלן – אויסלייגן.

דער פּרינסיפּאַל האָט אויפגעהויבן ביידע הענט, זיך פאַר־שטעלט די אויערן:

— לאָזט אָפּעטעמען! אַז איר רעדט אַלע מיטאַמאָל!

ער האָט אַ וואונק געטאָן אַ לערער, אים אַריינגעלאָזט אין זיין פּריוואַטן צימער און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

די איבערגעבליבענע האָבן זיך דערפילט נאַריש, גענומען שפּרייזן איבערן צימער, זייערע בליקן זאָלן זיך ניט באַגעגנען.

נרין איז אַריין דער לעצטער. ביים אַריינקומען האָט דער פּרינסיפּאַל ניט אויפגעהויבן די אויגן, געהאַלטן אין איבערקוקן אַ ליסטע מיט נעמען. אַז ער איז פאַרטיג געוואָרן, האָט ער אָפּגעהוסט און געוויזן אויף אַ שטול נעבן זיך:

— זיצט. וואו האָט איר פריהער געלערנט?

— אין דער מחזיקי.

— עברית־באנגלית?

— יע.

— פאַרוואָס זייט איר פון דאָרט אַוועק?

— כ׳האָב זיך צעקריגט מיטן פּרינסיפּאַל.

— אַזוי גאָר? — האָט ער פאַרקוועטשט אַן אויג און באַ־טראַכט גרינען מיט חשד — ווי לאַנג ווי איר זייט אַוועק פון דאָרטן?

— אַ וואָך.

— שווער היינט צו קריגן אַ גוטן לערער — האָט דער פּרינ־סיפּאַל אַ קוק געטאָן אויפן זייגער — טרעפט זיך שוין אַ בחור, וואָס ער וויים זייך פאַך, קען ער ניט האַלטן קיין קלאַס, און פאַר־קערט — אַ בחור וואָס האַלט גוט אַ קלאַס, איז צומייסטן שוואַך אין די פּינטעלאַך. ווען כ׳קריג דעם פּאַסיגן לערער, בין איך ניט אויסן נאָך אַ פּאָר דאָלאַר. יעס, הייסט עס — האָט ער זיך אויפ־געשטעלט, געוויזן גרינען מיט דער האַנט, ער זאָל אים נאָכגיין — זייט זשע מוחל.

זיי זיינען אַריין אין אַ חומש־קלאַס. דער לערער, אַ צעטראָ־ נענער, האָט געוואָרפן מיט די אויגן, ווי אַן איבערגעשראָקענער האָז, אַ דערשלאָגענער געקוקט אויפן פּרינסיפּאַל, זיך נעבעטן מיט די אויגן בײַ די קינדער, וואָס זיינען געזעסן אויף די בענק, פאַרריסן די הענט, די פיס, געוואַלדעוועט, ווי זיי וואָלטן אַליין געוועזן אין קלאַס.

דער פּרינסיפּאַל האָט געוויזן גרינען אויף די קינדער, גע־ שמייכלט און גערעדט צום לערער:

— דער עיקר דאַרף מען קענען האַלטן אַ קלאַס! וואָס טויג מיר אייער העברעאיש, אַז די קינדער הערן אייך ניט, קוקט!

די קינדער זיינען געוואָרן ווילדער, גענומען ריידן העכער און באַלד האָט זיך אַ יינגל פונאַנדערגעוויינט.

פון אויפרעגונג האָט דער לערער פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל איבער זיך און אָפּגעמאָסטן אַ יינגל מיט דער ווירע איבער די פּליי־ צעס. דאָס יינגל האָט זיך צעשריען, ווי מען וואָלט פון אים די הויט געשונדן.

— דאָס איז קיין וועג ניט, מיסטער — האָט דער פּרינסיפּאַל די קינדער אין די אויגן גענומען שטראָפן דעם לערער — מיט שלאָגן וועט איר נאָר צעטרייבן די קינדער!

גרין האָט חשק געהאַט אָנצוזידלען דעם פּרינסיפּאַל, פון פאַר־ דרוס אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער ווירע אין טיש, גענומען אויפן אויג יעדעס יינגל, ווי ער וואָלט זיי אויפגעצויגן אויף אַ שנור, קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון די ווילדסטע, האָבן זיי איינציגווייז אָנ־ געוואָרן הענט און פיס, זיך געדרייט, אַנטשוויגן געוואָרן, און אין קלאַס איז מיטאַמאָל געוואָרן אומהיימליך שטיל.

— אָט דאָס איז אַ לערער! — האָט דער פּרינסיפּאַל אַ שטופּ געטאָן דעם צעשראָקענעם יונגמאַן און אים איינגערויסט, אַז גרין האָט געהערט — פון בלויזן קוק האָבן די קינדער דרך־ארץ!

— זייט אַזוי גוט און פּאַרטייטשט דעם קלאַס „לכה דודי“
— האָט דער פּרינסיפּאַל אויפגעמישט אַ סדור און אים אונטער־געטראָגן גרינען.

גרין האָט מאָדנע אַ קוק געטאָן אויפן פּרינסיפּאַל, אַז יענער האָט זיך פאַרלוירן, געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט ניט דערהערט און איבערגעפרעגט:

— וואָס ?

— כ׳מיין — האָט דער פּרינסיפּאַל געשטאַמלט און אַריינ־געזוצט די גראָבע פינגער פון ביידע הענט אין די וועסטל־קעשע־נעס — כ׳וואָלט אַ בעלן געווען צו הערן, ווי איר פאַרטייטשט די קינדער „לכה־דודי“.

גרינען האָט זיך זעהר געוואָלט אַ וואָרט טאָן דעם נאַרעשן יידן דעם סדור אין פּנים אַריין און אַרויסגיין. ער האָט געהייסן די קינדער אויפמישן „לכה־דודי“, געפילט זיך פונאַנדערצולאַכן פון דעם עקזאַמען, וואָס מען ניט אים, און אָנגעהויבן:

— לכה, דודי, לקראת כלה,

Come, my friend, to meet the bride.

— אַנטשולדיגט — האָט דער פּרינסיפּאַל אים איבערגעהאַקט
— כ׳וואָלט „דודי“ פאַרטייטשט „מיי אָנקל“.
גרין האָט זיך אים פונאַנדערגעלאַכט אין פּנים אַריין.

— וואָס לאַכט איר ? — אודאי ווייס איך, אַז מען מיינט דאָ כנסת־ישראל, נאָר קינדער דאַרף מען פאַרטייטשן פשוט — „דודי“ — „מיי אָנקל“.

גרין האָט ניט געענטפערט, געפילט ווי עפּעס האָט זיך אים אַוועקגעשטעלט אין האַלז, ווי מען וואָלט אים איבערגעוואָלד אָנ־געטאָן אַ היטל מיט גלעקלאַך, ניט געגלויבט, אַז דאָס יידל אין קאָפּ זאָל פון אים, גרינען, קענען מאַכן אַ פּאַיאַץ. ער האָט מיט־

אַמאָל פאַרמאַכט דעם סדור, איִם צוריקגעגעבן דעם פּרינסיפּאַל, האָט יענער געעפנט אַ פּאָר אויגן:

— כ׳מיין, אויב „לכה־דודי״ איז צו שווער, מישט אייך אויף אַנ׳אַנדער שטיקל! כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, איר געפעלט מיר...

גרין האָט אים ניט געלאָזט ענדיגן, איִם אָנגענומען פאַרן בערדל, זיך איינגעהאַלטן, ער זאָל דעם קאָפּ ניט אַ וואָרף טאָן אָן דער וואַנט, און דורכגעזייט דורך די ציין:

— פּעטער, איר זייט אַ שוטה!

— וואָס?

— איר זייט אַ שוטה, אַ פּרא אָדם, אַ מלמד!

— אַרויס, שייגעץ! — האָט דער פּרינסיפּאַל אַ ריס געטאָן דעם קאָפּ, מורא האָבנדיג זיין באָרד זאָל ניט בלייבן ביי גרינען אין דער האַנט — שלאָגן גאָר? אַזאַ יונגאַטש! עמיצער איז אים שולדיג, אַז ער קען קיין עברי ניט! געהערט? טאַ־טאַ־טאַ!

גרין איז גיך אַרויס פון צימער, זיך געפילט באַפרידיגט, וואָס ער האָט דאָס יידל אַזוי באַליידיגט, און באַשלאָסן מער קיין „היברו־סקול״ ניט צו זוכן. ער האָט זיך מיטאַמאָל צעלאַכט, ניט גע־גלויבט, אַז ער איז פעהיג געוועזן צו רייסן דעם פּרינסיפּאַל פאַר דער באָרד, און נישט געפילט, אַז אַ קאַלטער רעגן שפּריצט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטערן „עלעווייטער״ *). אַ צוג איז דורך מיט אַ געפּילדער. גרין האָט אַראָפּגעכאַפּט דעם קאַפּעלוש און זיך צעשריען. ער האָט געפילט ווי זיין קול וואַקסט, הויבט זיך העכער, שטייגט איבער דעם געפּילדער פון דעם צוג, הילכט אָפּ אויף מיילן און איִם איז לייכטער געוואָרן.

---

*) עלעווייטער — שטאָט־באַן.

## XVI

פאַרנאַכט איז ראַבינאָוויטש געלאָפן אַריין אין דער „מחזיקי־תורה" און איננאַנצן האָט ער אויסגעזעהען, ווי אַ יונגערמאַן וואָס קומט אָנדינגען ס'ערשטע קינד. נאָך אים האָט זיך נאָכגעשאַרט אַ בחור מיט אַ שטעקעלע, וועמעס לאַנגע הענט און פיס האָבן זיך יעדן געוואָרפן אין די אויגן. ראַבינאָוויטש האָט זיך חשודיג אַרומגעקוקט, דערנאָך האָט ער אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין אָפּיס, וואו מיסטער קליין, דער סעקרעטאַר, איז זיך געזעסן אין קאַפּל, די פעדער הינטערן אויער, געהאַלטן אַן אָפּגעשיילטע באַרנע, געשניטן מיט אַ מעסערל רייפלאַך און זיך באַלעקט.

אַז דער סעקרעטאַר האָט דערזעהן די ביידע יונגעלייט, האָט ער די איבעריגע באַרנע אַריינגעכאַפּט אין מויל, ניט צעקייטער־הייט אַראָפּגעשלונגען, אָפּגעווישט די הענט אינם שרייבטיש און זיך געווענדעט צו זיי:

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

— מיר זיינען געקומען אַראָפּנעמען די לערערס — האָט ראַבינאָוויטש זיך אָנגערופן, בשעת מעשה אַרויסגענומען אַ בריוו, אים געעפנט, אונטערגעטראָגן דעם סעקרעטאַר און אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער חתימה פון דער „אגודת המורים".

— וואָס? — האָט דער סעקרעטאַר באַלד ניט פאַרשטאַנען וואָס מען וויל פון אים, זיך געכאַפּט אַז ס'איז העברעאיש, געווען

אין אַ פּאַרלעגנהייט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט צו זאָגן, אַז ער פאַרשטייט ניט, און אַוועקליינגדיג דעם בריוו אויפן טיש, האָט ער צווײדייטיג אַ זאָג געטאָן: — טו וואָס ווילט איר?

— איר ווייסט, אַז ס'גייט אָן אַ שטרייק צווישן העברעאישע לערער? — האָט דער בחור מיטן שטעקעלע אָפּגעשטופּט ראַבי־נאָוויטשן.

— נו?

— נו, זיינען מיר געקומען אַראָפּנעמען די לערערס פון אייער תלמוד תורה!

— הייסט עס — האָט דער סעקרעטאַר ארויסגענומען פון וועסטל־קעשענע אַ צאָן־העלצל און אָנשטאָט צו רייניגן די ציין, האָט ער עס גענומען ברעכן צווישן די פינגער — איר ווילט אונ־זערע לערערס זאָלן אויך שטרייקן?

— יעס!

— דאָס וואָס איר ווילט — האָט דער סעקרעטאַר געשמייכלט

— איז נאָך ווייניג, די לערערס דאַרפן אויך וועלן!

— אָט ווייז איך אייך, אַז אַלע לערערס גייען גלייך אַרונטער — האָט דער יונגערמאַן מיטן שטעקעלע זיך געלאָזט צו די קלאַסן.

— אין די קלאַסן גיין האָט אייך קיינער ניט ערלויבט! — איז דער סעקרעטאַר פלינק אים פאַרלאָפן דעם וועג.

— וואָס? — איז דער בחור אין כעס געוואָרן — קיינער פרעגט ניט ביי אייך! גייט, רופט אַ פּאָליסמאַן, גייט טאַקע באַלד, לאָזט מיך אַרעסטירן, נו, וואָס שטייט איר? רופט פּאָליציי!

— אַז כ'וועל רופן, וועל איך זיך ביי אייך ניט אָנפרעגן — איז דער סעקרעטאַר געוואָרן בלייך — נאָר דאָס זאָג איך אייך: איר זאָלט ניט וואַגן צו גיין אין די קלאַסן, כ'וועל אייך פון אַלע טרעפּן אַראָפּשליידערן!

— איך ווייס, אַז איר וועט רופן — האָט דער בחור געאַרבעט מיט די לאַנגע הענט — טו רופט באַלד, סטראַשעט קיינעם ניט! וויפיל נעמט איר אַ וואָך דאָ?

— כ'העל אייך לאָזן וויסן דורך פּאָסט!

— שעמט אייך, אַ ייד אין די יאָרן זאָל פּאַר פּופּצן דאָלאַר אַ וואָך פאַרקויפן די נשמה מיט לייב און לעבן!

— וואָס טויגן די געשרייען — איז ראַבינאָוויטש אַריין צווישן סעקרעטאַר און דעם בחור — דאַרף מען זיך קריגן, אַז מען קען אויסקומען מיט גוטן! מיר זיינען דאָך ניט קיין שניידערס, צי שוסטערס, מיר האָבן דאָך צו טאָן מיט אינטעליגענטע מענשן, טאָ צו וואָס די קולות, אַז מיר קענען אין גוטן זיך דורכריידן...

— דאָס זיינען אַנדערע דבורים — איז דער סעקרעטאַר צוגעשטאַנען צו ראַבינאָוויטשן און אים אָנגענומען פאַר אַ קנעפּל פון ראָק — ניט ס'קומט צו דיר אַ ווילד-פרעמדער און זידלט דיך נאָך... כ'האָב אויך אַמאָל געשטרייקט. מיט יאָרן צוריק, אַז כ'בין נאָר אַריבערגעקומען, אַ גרינער, וואָס טוט מען? גייט מען אין שאַפּ אַריין. האָט אויסגעבראָכן אַ שטרייק. אַ שטרייק? נו פאַרפאַלן, שטרייקט מען מיט. וואָס זאָל איך אייך דערציילן? מען זאָגט אַן אַרבעטער איז אַ גראָבער נפש, ס'איז אמת. אַזוי פלעגן זיי לעקן דעם בעל-הבית, חנפענען, און אַז זיי זיינען אַרויס אין שטרייק, איז להשמיד ולהרוג! איך, פאַרשטייט איר מיך, בין אַ בוקאָווינער, ווייס וואָס ביזנעס איז, און אַז מען האָט אַ „ביזנעס-אידייע" קומט מען דורך מיט דער גאַנצער וועלט. איז אַז דער שטרייק האָט אויסגעבראָכן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז נאָכצוגעבן אַלע פאָדערונגען איז אַן אוממעגלעכע זאַך, האָב איך זיך דורכגערעדט מיטן בעל-הבית, דורכגעקומען מיט אים, און וואָס מיינט איר איז געווען דער סוף? זיי האָבן פאַרלאָרן דעם שטרייק, געמוזט אָנקומען נאָך אויף קלענערע שכירות, און איך האָב גע-

אַרבעט לייכטער ווי פריער און דערצו נאָך געהאַט אַן הוספה. טענה איך, צו וואָס די גאַנצע חתונה? איך זעה, אַז איר פאַרשטייט „ביזנעס", ווייסט איר דאָך, אַז נאָכצוגעבן די באַדינגונגען איז אוממעגליך, מען וועט מוזן די „היברו" פאַרמאַכן, איז מיין פּלאַן צו העכערן אַ פינפערל יעדן לערער אַ חודש. איך בין אַ ייד, וואָס וויל קיין זאַך ניט בחנם, ס'האַנדלט זיך ניט וועגן אַ פּאָר דאָלאַר, פאַר אייער טרחה וועט איר אויך קריגן אַ פּופצן דאָלאַר און איר וועט אונטערשרייבן, אַז מיט דער „מחזיקי-תורה" איז דער שטרייק „געסעטלט" *), כ'מיין . . .

ראַבינאָוויטש האָט געקוועטשט מיט די אויגן, געטראַכט אַז מען דאַרף דעם פּלאַן זיך איבערלייגן און זיך אַרומגעקוקט, וואו זיין חבר איז.

בשעת דער סעקרעטאַר מיט ראַבינאָוויטשן האָבן געהאַלטן אין ריידן, איז זיך דער בחור מיטן שטעקעלע געגאַנגען פון איין קלאַס אין צווייטן און אויף העברעאיש מיט דער „הברה הספרדית" אויפ-געפאָדערט יעדן לערער אין דעם נאָמען פון דער אגודה, זיי זאָלן אַרונטערגיין. די קינדער האָבן זיך גענומען שיטן אין אַן אומ-אָרדנונג, מיט אַ הוראַ, אַז זיי האָבן שיעור ס'הויז ניט איינגעלייגט.

— כ'מיין — האָט דער סעקרעטאַר זיך אַרומגעקוקט פון וואַן דער טומל קומט — וואַרט אונטער אַ ביסל, דער פּרעזידענט דאַרף באַלד אָנקומען, כ'פאַרזיכער אייך, אַז מיר וועלן דורכקומען, מיר לעבן דאָך ניט צווישן גזלנים!

אַז דער סעקרעטאַר האָט דערזעהן, ווי די קינדער שיטן זיך פון די קלאַסן, איז ער געבליבן שטיין ווי אַן אָפּגענאַרטער, גאָר ניט גערעדט. ראַבינאָוויטש האָט זיך געשראָקן פאַר זיין איינע-נעם געדאַנק אויפגעגעבן ביי זיך די פאַרהאַנדלונגען מיטן סעק-רעטאַר און געוואַרט די לערערס זאָלן אַרונטערקומען.

---

*) געסעטלט — ערלעדיגט, איינגעאָרדנט.

די לערערס זיינען געווען צופרידן, וואָס מען וועט זיי העכערן די שכירות, געווען אָבער צעשראָקן, ניט געגלויבט די בעלי־בתים זאָלן נאָכגעבן, און ס'האַרץ האָט יעדן געזאָגט, אַז זאָל מען אָנ־הייבן לערנען העברעאיש אין יידיש, וועט די תלמוד תורה האָבן הונדערט לערערס פאַר איינעם, און זיי וועלן בלייבן אָהן ברויט.

וואַקסמאַן איז געשטאַנען צווישן מילערן און ראָזענען, גע־שפּריצט בשעתן ריידן און זיי איבערצייגט אין העברעאיש, אַז דער איינציגער וועג צו פאַרבעסערן דעם מצב פון די לערערס איז צו שטרייקן.

פרידקין איז אַרומגעגאַנגען אַ גלייכגילטיגער. ער האָט סיי־ווי־סיי ניט געהאַט וואָס אָנצווערן, געוואוסט, אַז ער האָט נאָך איינ־גאַנצן דאָ צו שטיין אַ חודש, זיך שפּאַצירט איבערן פאָדער־הויז אַן אויפגעלייגטער און געשיט דעם סעקרעטאַר זאַליץ אויף די וואונדן:

— האַ, צייטן, מלמדים שטרייקן, פיין, פיין! נאָך די מלמדים וועלן די סעקרעטאַרס נעמען שטרייקן! לאָזן זיי וויסן די „באָ־סעס" *), אַז אַ לערער איז ניט הפקר!

ראַבינאָוויטש האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן, אַז ער האָט זיך נאָר וואָס געשלאָגן מיט דער דעה, פאַר פופצן דאָלאַר צו פאַר־קויפן דעם שטרייק, און ווען ניט די קינדער, וואָס האָבן אָנגע־מאַכט אַזאַ טומל, ווער וויים? דער אַגיטאַטאָר האָט זיך אין אים דערוועקט, פאַרגעסן, אַז פאַר אים שטייען בלויז פיר־פינף מענשן, געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער וואָלט געשטאַנען אויף אַ פּלאַט־פאָרמע, אָנגעהויבן מיט דער העכסטער אָקטאַווע, און אַזוי אַז די שטימע האָט זיך באַלד ביי אים איבערגעריסן, אָנגעהויבן כריפּען:

---

*) באָס — בעל־הבית פון געשעפט אָדער פאַבריק.

—און אַז דער העברעאישער לערער וועט פאַרבעסערן זיין מצב, וועט ער ניט זיין אַזוי געפאַלן ביי זיך און פאָדערן, אַז יעדער פרעזידענט זאָל אויף אים קוקן ווי אויף אַ מענטשן, און ס׳וועט במילא אויסקומען, אַז אַלע לא יוצלחס וועלן זיך מער ניט שטופן אין מלמדות, אַזוי אַז ס׳וועט זיין אַ מינימום אין שכירות, דאָס הייסט, צוואַנציג דאָלאַר אַ שעה, און יעדער גראָבער יונג וועט מער ניט קאָנען קאָנקורירן מיט אַ העברעאישן לערער!

חברים, מיר דאַנקען אייך, וואָס איר האָט זיך אָפּגערופן אויפן „אַפּיל״ פון אייערע קאָלעגן, וואָס שטרייקן שוין איבער אַ חודש, טיילן זיך מיטן ביסן, כאָטש מער ווי אַ העלפט האָבן ווייבער מיט קינדער, און מיר האָפן, אויב די איבעריגע וועלן נאָכטאָן אייער ביישפּיל און שטיין מיט אונז, וועלן מיר זיכער געווינען דעם שטרייק, אויסקעמפן אַנשטענדיגע שכירות, אַרויסנעמען דעם חנוך פון עם־הארצישע הענט...

אין מיטן ריידן איז דער פרעזידענט, מיסטער שולץ, אַריינ־געקומען, באַלד זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר, אויסגעהערט ראַ־בינאָוויטשעס דרשה, און אַז ער האָט דערהערט, אַז די בחורימלאַך ווילן אַרויסנעמען דעם חנוך פון די עמי־הארצימשע הענט, איז ער אַריין אין דער מיט און אָנגעכאַפּט ראַבינאָוויטשן ביים קאָלנער:

— יונגערמאַן, אויב איר רעכנט, אַז אַ תלמוד־תורה איז ניט מער ווי אַ „שאַפּ״, וואו מען פירט אָן שטרייקס, גייט אַרויס פון דאַנען, גיכער, דען איך הייס דער גוי זאָל אייך אַרויסוואַרפן!

ראַבינאָוויטש האָט זיך ניט געריכט אויף אַזאַ ברוך־הבא, גע־קוועטשט מיט די אויגן, געקלערט ווי זיך ארויסצודרייען, ס׳זאָל זיין גוט פאַרביידע צדדים, און איידער ער האָט צייט געהאַט עט־וואָס צו באַשליסן, האָט דער בחור מיטן שטעקעלע אָנגעכאַפּט דעם

פרעזידענט, אים אַ ריס געטאָן פון ראַבינאָוויטשן, נעהאַלטן פאַר די לאַצן און אַריינגעשריען אין אים מיט דער חברה־הספרדית:

— דו מיינסט ביזט ביי דיר אין שאַפּ, וואו דו שטעלסט אָן „גענגסטערס *), מען זאָל צעברעכן יעדן שטרייק? אויב דו הערסט ניט אויף צו שטערן, שליידער איך דיך אַרויס פון דיין אייגענער שול! וואָס מיינסטו, וועסט דאָ אַיינפירן די „לשכה־השחורה“?

— פע, פע — האָבן עטליכע לערערס מיטאַמאָל זיך גע־נומען קרימען, געהויבן מיט די אַקסלען, ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגע־שאָקלט פונם בחור מיטן שטעקעלע — ניט שיין, וואָס עפּעס שלאָגן? ווי הייבט מען דאָס אַ האַנט אויף אַ יידן?

דער פּרעזידענט איז געשטאַנען אַ בלאַסער, מורא געהאַט מען זאָל אים ניט שלאָגן און ניט געגלויבט ס'זאָלן זיין מענשן, וואָס פאַר ברויט באַוואַרפן זיי אים מיט שטיינער.

דער סעקרעטאַר האָט דערווייל אַריינגערופן דעם שבת־גוי, אַליין האָט ער זיך פון זיכערקייט וועגן באַוואָרנט מיט אַ מעשענע „צדקה תציל ממות“ פּושקע און גענומען שרייען:

— סטאַך, וואַרף אָט אָ דעם יונגנמאַן מיטן שטעקעלע אַרויס!

איינציגווייז האָט דער עולם זיך גענומען אַרויסרוקן. פּריד־קין, וואָס איז געווען דער לעצטער, האָט זיך צעשמייכלט, ווען דער סעקרעטאַר האָט אים איינגערוימט:

— דער פּרעזידענט וויל אייך זעהן, קומט היינט אין אָוונט צו אים אַריבער, איר וועט קומען?

— אָל־רייט!

---

*) גענגסטער – גאַסן־יונג, כוליגאַן.

פרידקינען האָט פאַרדראָסן, צו וואָס ער האָט זיך פאַרדרייט אַ קאָפּ מיט שושנהן. איצט, גייענדיג אַהיים, האָט ער דערפון נאָך מער געליטן. ער האָט געפילט, אַז דאָס וואָס דער פּרעזידענט שיקט נאָך אים, ווען אַלע לערערס זיינען אַרויס אין שטרייק, הייסט, אַז ער בלייבט ווייטער פּרינסיפּאַל, וועט מסתמא קריגן אַ הוספה, וועט . . . אים האָט הנאה געטאָן, וואָס ער האָט אָפּגעלייגט די חתונה מיט שושנהן פון טאָג צו טאָג. נו, טאַקע, וואָס איז ס׳געאייל ? אַזאַ גליק וועט ער קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיגן ! ס׳וואָלט אַפילו גלייכער געווען, ווען ער נעמט ניט צוזאַמען מיט איר די דירה, האָט ער זיך אָבער ניט געקענט פון איר אָפּטשעפּען. אַזאַ מויד, זי קען אים נאָך לאָזן אַרעסטירן, גיי, שפּיל זיך מיט אַמעריקאַנער געזעצן ! אַז אַ מויד, וואָס זי זאָל ניט אויסטראַכטן, איז זי באַגלויבט, כאָטש אין האַרצן איז ער געווען זיכער, אַז שושנה טראָגט ניט, אַנדערש וואָלט זי זיך ניט אויפגעהערט איבער־צוגעמען דערמיט, און זי האַלט עס אין איין פאַרשווייגן. ער איז געגאַנגען פאַמעלאַך, אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז אויב ער וועט שליסן מיטן פּרעזידענט אַ קאָנטראַקט אויף צוויי יאָר, צעגייט ער זיך מיט איר, זי איז ניט פאַר אים, דערצו, ווער ווייס, ס׳קען זיין דעם פּרע־זידענטס טאָכטער . . . איצט וואָלט זי געווען גליקליך, ווען ער מאַכט איר אַ פאָרשלאָג ! אַ מיידל, אַלע ווייסן — זי האָט זיך אַרומ־געשלעפּט מיט גרינען, מסתמא געווען אין נאָהענטע באַציהונגען מיט אים, האָט זיך מער ניט מיט וואָס איבערצונעמען, דאַרף דאַנ־קען גאָט, אַז ער, פרידקין, וויל זי !

אַז ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל, איז די גוטע שטימונג פון אים אַוועק. ער האָט זיך מיט שושנהן ניט באַגריסט, אַראָפּ־געוואָרפן דעם קאַפּעליוש, דעם ראָק, געשליידערט די בענקלאַך, ווי זיי וואָלטן אים געווען אין וועג, און געזוכט זיך צו פאַרטשעפּען מיט איר.

— וואָס עפּעס אַזוי פריה היינט ? — האָט שושנה אָפּגע־
שוימט די יויך.

— אַז מען האָט קיין אַרבעט ניט, קומט מען פריה ! — האָט
פרידקין זיך אַ בייזער געטאָן.

זי האָט אַוועקגעלייגט דעם זופּלעפל און איז צוגעקומען צו
אים :

— וואָס, האָסט זיך צעקריגט מיטן פּרעזידענט ?

— כ׳האָב אים אויסגעהאַקט אַ פּאַטש !

— וואָס ?

— וואָס דו הערסט ! זיך לאָזן יאָרן לאַנג אַרומקריכן איבערן
קאָפּ ? כ׳וואָלט געוועז פון אייזן, וואָלט דאָס געדולד אויך גע־
פּלאַצט ! — האָט פרידקין הנאה געהאַט, וואָס ער נאַרט זי אָפּ.

— נו, האָט ער דיר אָפּגעזאָגט פון דער שטעל ?

— ניין, ער האָט מיר געגעבן אַ הוספה, וואָס פרעגסטו, נאַר
דו ?

זי האָט ניט געענטפערט, זיך געפילט באַליידיגט, וואָס ער רופט
זי נאַר, גענומען די הענט פאַר דער טאַליע און אַרויסגעלאָזט אַ
זיפץ :

— נו ?

— וועט מען הונגערן !

— ניט געפערליך, וועסט קריגן אַן אַנדער שטעל.

— איצט קריגט מען ניט !

— איז ניט — האָט זי צענומען די הענט — אין גיכן וועל
איך עפענען אַ פלאַץ, וועסטו זיין דער מענעדזשער *), גוט ?

— דו עפנסט שוין אַזוי — האָט פרידקין אַ צוק געטאָן מיט
אַן אַקסל — צייט איך קען דיך ! — פאָלג מיך, שושנה, און קריג

*) מענעדזשער — פאַרוואַלטער.

בעסער אַן אַנדער מאַן, וואָס דאַרפסטו אַ מאַן, ער זאָל דיר אָפּעסן די ביינער? כ׳מיין עס ערנסט!

— דו קאָנסט ניט זעהן, כ׳זאָל אַ מינוט ניט האָבן קיין ענמת-נפש.

— ס׳מוז דאָך נעמען אַמאָל אַ סוף!

— וואָס מיינסטו? — איז שושנה געוואָרן בלאַס.

— כ׳מיין, אַז איך טאָר ניט התונה האָבן!

— ווער צווינגט דיך! — האָט זי אַ באַליידיגטע אַ זאָג געטאָן.

— דו!

— איך?

— יעס!

— ברעך שוין הענט און פיס, הערסט? אַזאַ נישט אַזאַ, ער האָט נאָך ניט חתונה געהאַט און וואַרפט מיר שוין צעהן מאָל אַ טאָג דעם גט אונטער די פיס.

— אודאי האָב איך ניט חתונה געהאַט!

— האָסט ניט חתונה געהאַט? — איז זי מיטאַמאָל צוגע-לאָפן צו אים און אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ לאַץ — האַ, וואָס שווייגסטו? פאַרליעץ דו, אוממענש, כ׳וועל דיך אַרויסיאָגן!

זי האָט אים אַ וואָרף געטאָן אויף דער וואַנט. ער האָט זיך קוים דערהאַלטן אויף די פיס, געשטאַנען אַ ווײַלע, זיך דערמאָנט, אַז ער איז שטאַרקער און איר אַ קניפּ געטאָן. זי האָט אַרויסגע-לאָזט אַ קוויטש, זיך אײַנגעביסן מיט די ציינער אין זיין האַנט און געשלאָגן, וואו זי האָט נאָר געטראָפן.

---

— האַללאָ, מיסטער פרידקין — האָט בעסי אים געעפנט די טיר און באַגעגנט ווי אַן אַלטן באַקאַנטן — דער פאָטער האָט געבעטן איר זאָלט צוּוואַרטן, ער קומט גלייך.

— ס׳מאַכט נישט, ס׳מאַכט נישט — האָט פּרידקין אַראָפּגע־נומען דעם שטייפן קאַפּעליוש, אים געהאַלטן איןביידע הענט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, ס׳זאָל זיך עפּעס פון אים נישט אַרויס־גיסן און געוואַרט, וואו מען וועט אים הייסן אַריינגיין.

בעסי האָט געעפנט אַ ווייטיגע טיר, אים אַריינגעפירט אין דער סאַליע, וואו שווערע שטיקער מעבל זיינען געווען אויסגע־שטעלט, אַז ס׳איז אַזש קיין אָרט נישט געווען וואו זיך אויסצו־דרייען, און אים געוויזן אויף אַ „מאָרים״־שטול, ער זאָל זיך זעצן:

— איר וועט טרינקען טיי?

— טיי און תהילים — האָט פּרידקין אָנגעהויבן, און איידער ער האָט צייט געהאַט צו ענטפערן, איז בעסי שוין געווען אויף יענער זייט טיר.

ער איז געווען גוט אויפגעלייגט, געפילט אַז בעסי איז היינט צו אים העפליכער ווי תמיד, דערצו זעהט זי אויס עפּעס אַזוי פריש און יונג, די ליפּ פאַרשאַרצט זיך אַזוי זיס, איז אים איינגעפאַלן, אַז איצט איז די בעסטע געלעגנהייט. אויב ער וועט זיך מיט איר איצט ניט אויסשמועסן, איז ער אַ לאָ־יוצלח, וועט ער עס תמיד באַדויערן און ס׳גאַנצע לעבן וועט ער מוזן אָפּפינסטערן מיט שושנהן. אין איין רגע האָט ער ביידע פאַרגליכן און אָפּגעמאַכט, אַז ער מוז פון שושנהן פּטור ווערן. ער האָט באַטראַכט די מאָרים־שטול, זיך באַקוועמער אויסגעצוינן, באַקוקט די אייל־בילדער אין שווערע גאָל־דענע ראַמען, וואָס האָבן געהאַנגען אויף די ווענט, און זיך צו־געגרייט, איידער דער פּרעזידענט וועט אָנקומען, זיך דורכצו־שמועסן מיט בעסין.

פון גרויס התפעלות האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך דורכגע־גאַנגען איבערן צימער, אָנגעטאַפּט מיט די פינגער די גלאַטיגע טונקל־רויטע שטיקער מעבל, די אייל־בילדער, חשק געהאַט צו עפע־נען די „וויקטראָלאַ״, איז בעסי אַריינגעקומען מיט צוויי גלעזער טיי.

— איר זייט שוין אַ לאַנגע צייט בײַ אונז נישט געווען ? — האָט בעסי אים אונטערגערוקט אַ גלאָז טיי — וואָס מאַכט איר עפּעס, מיסטער פרידקין ?

פרידקין האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַ צופרידענער אָנגעצויגן די געמבע, פילאָזאָפיש געקוקט אין רויטן גלאָז טיי אַריין, און נישט אויפהויבנדיג די אויגן, זיך אָנגערופן :

— איר האָט דען געבענקט נאָך מיר ?

בעסי האָט זיך עטוואָס פאַרלוירן, נישט געוואוסט גלייך וואָס צו ענטפערן און אַ שפּאַס געטאָן :

— איר ווילט דען, כ׳זאָל בענקען נאָך אייך ?

— וואָס איך וויל — האָט פרידקין אָנגעהויבן, זיך נאַריש צעשמייכלט און נישט געענדיגט — נאָר איין זאַך וועל איך אייך זאָגן, כ׳האָב פיינט אַ צווייטן צו קריכן אין וועג אַריין !

— וואָס מיינט איר ?

— איר ווייסט בעסער פון מיר !

— איך ? — האָט זי אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען.

— אַז ער איז דאָ גאַנצע טעג געלעגן — האָט פרידקין אָפּגערוקט פון זיך דעם טיי, ווי ער וואָלט אים געשטערט — האָב איך נישט געקענט קומען !

— ווער? — האָט בעסי געשמייכלט.

— דער פּוילישער.

— גרינען מיינט איר? — האָט זיך בעסי צעלאַכט.

— יעס.

— פאַרוואָס האָט איר אים אַזוי פיינט ?

— כ׳האָב פיינט אַלע פּוילישע, — האָט פרידקין גענומען אויף ניך זופּן דעם טיי — אַז זיי זיינען גנבים ! איר לאַכט ? יעדער וואַרשעווער, אויב ער וועט נאָר קענען, וועט ער אייך באַשווינדלען, דערצו זיינען זיי „דזשיקאַנער״, עמי־הארצים, קענען קיין

עבֿרי נישט, אויף אַן אָ, זאָגן זיי או, האַ, האַ, האַ! און זייערע מיידלאַך זיינען בעסער? אַלע הייסן זיי רוזשקע, און בראָנקע און פּאַר אַ באָמבאָנערקע זיינען זיי גרייט, האַ, האַ, האַ!... איך קען זיי גוט, די פּוילישע דריבעס! כ׳האָב זיי פּיינט!

— און מאַלאָרוסיש האָט איר אויך פּיינט? — האָט בעסי זיך איינגעהאַלטן, זי זאָל נישט אַרויסלאַכן.

— כ׳זעה איר ציהט מיך היינט עפּעס צופיל פאַר דער צונג — האָט פרידקין אַראָפּגעלאָזט די אויגן, מער איינגעצויגן די געמבע, געוואַרט אַ ווײַלע, ווי ער וואָלט זיך געישובט און אָנגע־הויבן מיט איין אָטעם — איר דאַרפט וויסן, אַז איר געפעלט מיר, כ׳מיין פון ערשטן טאָג אָן, וואָס כ׳האָב אייך געזעהן, זייט איר מיר געפעלן... ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ שטילער מענש, נישט ווי אַנדערע, וואָס מאַכן אָנשטעלן, זינגען, טאַנצן, ליגן אָפּ גאַנצע נעכט אין קאַבאַרעטן... ביי מיר וועט אַ ווייב האָבן זעהר גוט, כ׳בין אַ הויז־זיצער, מיין בעסטער פאַרגניגן איז אין שטוב. קען זיין אַ גרעסערער פאַרגניגן, ווי אין אַ רעגן, צו גלאַט אַ שלעכט וועטער, צו זיצן אין פענסטער און קוקן, ווי אַנ־דערע ווערן אויסגעריסן, לויפן ווי אָפּגעוואַשענע קעץ? טענה איך... יאָ... מיינט נישט, אַז כ׳בין אַ לערער, האָב איך קיין געלט נישט. כ׳האָב אַ באַנק־ביכל און קיין עין־הרע אַ שווער באַנק־ביכל, פאַרזיכער איך אייך, אַז כ׳וועל אייך אויסמעבלירן פונקט אַזאַ זאַל — ער האָט געוויזן מיט דער האַנט אויפן מעבל און בילדער — ווי איר האָט ביי אייער פאָטער, נאָך מער, דאָס וועט מוזן זיין געגילדעט.

בעסי האָט געזעהן, אַז פרידקין איז ערנסט, שפּאַסט נישט, האָט זי זיך פאַרלוירן און געקלערט, ווי ר׳נאָך זיך אַרויסצודרייען און אים לאָזן אַליין.

— אַז איך האַלט אָבער ניט פון חתונה האָבן?

— און איר מיינט, אַז איך בין אַזוי פּאַגאַטיש ? האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך איבערגעזעצט אויף אַן אַנדער שטול, נעהענטער צו בעסין — דאָס רייד איך דאָך וועגן אייערע עלטערן, זיי וועלן נישט דערלאָזן זייער טאָכטער זאָל וואוינען מיט אַ מאַן אָהן חופּה וקדושין.

— איר האָט מיך נישט פאַרשטאַנען, מיסטער פרידקין — האָט בעסי זיך צעלאַכט און געטראַכט, אַז מען דאַרף נאָר אַרויס־לויפן און אים איבערלאָזן.

— וואָס הייסט ? — האָט פרידקין זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט.

— איך האָב געמיינט צו זאָגן — האָט בעסי אַרויסגענומען די האַנט פון זיינע — אַז כ׳האַלט סתם נישט ביי חתונה האָבן.

— וואָס, כ׳געפעל אייך נישט.

— איר געפעלט מיר — האָט בעסי פון שרעק אַרויסגע־שטאַמלט — נאָר נישט חתונה צו האָבן מיט אייך.

— אַזוי ? — האָט ער זיך אויפגעשטעלט, די אויסגעלאָשענע אויגן זיינען געוואָרן גלאַנציג, זיך איינגעגעסן מיט זיי אין בעסין, ווי ער וואָלט זיך געקליבן וואַרפן אויף איר.

בעסי האָט זיך אַ רוק געטאָן פון אים, זיך פאַרשטעלט מיטן ווענטל פון אַ שטול.

— איר מיינט, ס׳איז אַ סוד, אַז איר האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט גרינען.

— טאָ וואָס ווילט איר ?

— וויל איך אייך זאָגן — איז ער נעהענטער צו צו איר — אַז ס׳דאַרף פאַר אייך זיין אַ כבוד, אויב כ׳וויל אייך. נישט מאַכן ווייבערשע שטיק, איר מיינט די וועלט שלאָפט ? טאָ וואָס נעמט איר זיך אַזוי איבער ?

בעסי האָט געפילט, ווי אים אַראָפּצולאָזן אַ פּאַטש, נישט נעגלויבט, אַז פרידקין, אַזאַ אידיאָט, וועט איר אויך אויפוואַרפן,

אַז זי איז נישט מאָראַליש געגוג, אַז ער שטייט פיל העכער פון איר, און איז זיכער אַז ער טוט איר אַ טובה, וואָס ער בעט איר האַנט. זי האָט זיך באַהערשט, מורא געהאַט זי זאָל זיך פון ערגערניש נישט פונאַנדערווייגען, נאָרנישט געענטפערט און גענומען אַרויס־גייין. ער האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג:

— נו, וואָס בלייבט?

זי האָט געעפנט אויף אים אַ פּאָר אויגן, אַז ער האָט זיך אָפּגערוקט.

— לאָזט דורך!

— וואָס מיינט איר, כ'וועל זיך לאָזן אַרומפירן ביי דער נאָז?

— האָט פרידקין זי אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט.

בעסי האָט זיך אַ ריס געטאָן, אים אַ שפּיי געטאָן אין פּנים אַריין און מיט אַ קוויטש פון אַן איבערגעשראָקענעם, אַז ס'גאַנצע הויז איז זיך צונויפגעקומען, איז זי אַרויס פון צימער און פאַרהאַקט נאָך זיך די טיר.

פרידקין איז געבליבן שטיין נישט טויט, נישט לעבעדיג, אַליין נישט געגלויבט, וואָס מיט אים איז נאָרוואָס פאָרגעקומען, זיך געהאַלטן אין איין ווישן דאָס פּנים, די אויגן און געהערט הינטער זיך קולות:

— וואָס איז?

— וואָס איז געשעהן?

— בעסי?

— אַ מויז!

— וואָס?

— כ'האָב זיך איבערגעשראָקן — אַ מייזל איז נאָרוואָס פאַר־ביינעלאָפן!

— משוגענע!

— שרייט מען אַזוי? גוט, גוט, — האָט די מוטער גערעדט

— כ'זאָג שוין לאַנג, מען זאָל אויף ביינאַכט אַריינלאָזן אין שטוב די קאַץ. אַז איר אַלע טרייבט זי!

מען איז זיך צעגאַנגען. ס'איז געוואָרן שטיל. פרידקין איז נאָך אַליין געשטאַנען אויפן זעלבן פּלאַץ, זיך געווישט דאָס פּנים, געפּילט ווי אַלץ אין אים קאָרטשעט זיך פון ווייטאָג, פון חרפּה. ער האָט חשק געהאַט צו צעברעכן דאָס מעבל, אַ שליידער צו טאָן די בראָנזענע סטאַטועטקע אין שפּיגל אַריין, אַרויסצוּוואַרפן די רעקאָרדס פון דער „וויקטראָלאַ", קלאַפּן איבער זיי מיט די פיס, איבערצודרייען די סערוואַנטקע מיטן פּאַיאַנס, ס'זאָלן בלייבן בלויז שערבלאַך. דער שרעק, אַז עמיצער קען נאָך אָנקומען, האָט גובר געווען דעם כעס. ער האָט אַרויסגענומען אַ קליין מעסערל און מיט דערמיט גענומען קראַצן איבער די פּיס פונם מאַהאַגענעם טיש, איבער די ווענטלאַך פון די שטולן, און וואָס שטאַרקער ער האָט געקראַצט, אַלץ מער האָט זיך אין אים דער טייוול צעשפּילט, חשק געהאַט דעם שפּיגל צו צעשמעטערן, איבערלאָזן די „היברו־סקוהל", שושנהן און אַיזיק ערגעץ אין דער וועלט אַריין.

— איר וואַרט שוין לאַנג? — איז דער פּרעזידענט אַריינ־געקומען.

פרידקין האָט אין איין אויגנבליק זיך אינגאַנצן געענדערט, בלאַס געוואָרן, דערנאָך זיך פאַררויטלט, אַריינגערוקט דעם מעסערל אין אַרבל און ווי ער האָט נישט אַ דריי געטאָן מיט די אויגן, האָט ער אַליין געזעהן די צעקראַצטע פיס פון טיש. ער האָט זיך אַ דריי געטאָן, ער זאָל פאַרשטעלן די פיס, און גענומען הכנעהדיג שמייכלען:

— נאָרוואָס אַריינגעקומען.

— נו, מיסטער פרידקין, האָב איך עס געדאַרפט? אויסגעבויט אַ שול, אַ תלמוד תורה, כ'פאַרנאַכלעסיג ס'הויז, די קינדער, מאַכט זיך מיר אַ ליידינער אָוונט, כ'קען שוין אַמאָל פאַרברענגען מיט

מיין פאַמיליע, פּטר איך איס אין דער „היברו", און אַז כ׳מאַך דערפון נישט קיין לעבן, ווייסט איר דאָך אידאי, פרעג איך אייך, איז עס רעכט, מען זאָל זיך כאַפּן מיך שלאָגן?

— עפּעס אַ ווילדער יונג — האָט פרידקין אַריינגעוואָרפן.

— און די לערערס האָבן אויך שיין געהאַנדלט, ס׳מאַכט נישט — האָט דער פּרעזידענט זיך נישט צוגעהערט צו פרידקינען און גערעדט ווייטער — איר זייט נישט צופרידן מיט די שכירות? קומט מען אַריבער, מיין אַדרעס, ברוך השם, ווייס מען, מען שמועסט זיך דורך, מיר זיינען דאָך יידן... ניט מיטאַמאָל אַ שטרייק! וואָס, די תלמוד תורה איז להבדיל אַ „שאָפּ"? אַז מען וועט זיי לאָזן שטרייקן, קענען זיי מאָרגן פאָדערן, מען זאָל אַנשטאָט חומש לערנען אַ קאַפּיטל סאָציאַליזם, ווער איז זיכער מיט זיי? אָט ווי איר קוקט מיך אָן, מיין נאָמען איז נישט שוליק, ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועט מען אין מיין תלמוד תורה נישט שטרייקן! אויב איך וועל נישט אויספירן, וועל איך צומאַכן די תלמוד תורה און נישט נאָכגעבן! אַזאַ עקשן בין איך! און קיין איין לערער, וואָס וועט שטרייקן, וועל איך נישט צונעמען אויף צוריק, לאָזן זיי וויסן! כ׳וועל זיי עוקר מן השורש זיין!

דער פּרעזידענט איז זיך דורכגעגאַנגען עטליכע מאָל איבער דעם זאַל, געמאַכט גרימאַסעס, ווי ער וואָלט איינגעטענהט מיט זיך, און זיך צוריק אָפּגעשטעלט ביי פרידקינען.

— יעס, איך וויל איר זאָלט בלייבן פּרינסיפּאַל.

— אָל־רייט — האָט זיך פרידקין פון גרויס פרייד צעשמייכלט

— אָבער...

— וואָס אָבער?

— מאָרגן צו קומען אין דער „היברו" איז אַ סכנה...

— איר האָט מורא, מען זאָל אייך נישט שלאָגן?

— כ׳האָב נישט מורא, נאָר זיי האָבן געטענהט, אַז אויב זיי וועלן מאָרגן כאַפּן אין קלאַס אַ לערער, וועלן זיי אים דערהרגענען,

— אויב איר ווילט, וועל איך מיט אייך מיטשיקן אַ פּאָ־ליסמאַן ?

— ס'וואָלט נישט געשאַדט.

— הייסט עס, יאָ — האָט דער פּרעזידענט זיך געקנאַקט די פינגער — איר וועט מאָרגן אָנגיין מיט אייערע קלאַסן ווי גע־וויינליך.

פרידקינען איז געלעגן אויף דער צונג, אַז ער דאַרף בעטן אַ קאָנטראַקט אויף צוויי יאָר, זיך געשעמט, באַמערקט ווי דער פּרע־זידענט קוקט אויפן זייגער, ווי ער וואָלט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז דער וויזיט איז צום סוף, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט :

— אַ גוטע נאַכט, מיסטער שולין.

— אַ גוטע נאַכט. הייסט עס, מאָרגן זעהען מיר זיך ?

— אָל־רייט.

---

איבערן טראָטואַר, וואָס פאַר דער „מחזיקי־תורה", האָבן עטליכע יונגעלייט שפּאַצירט הין און צוריק. איינער פון זיי האָט געטראָגן אויף דער ברוסט אַ טאָוול, וואָס האָט געהאַנגען מיט שטריקלאַך ביים קאַרק און אויסגעזעהן פון דערווייטנס ווי אַ „חושן", וואָס אַ מלמד פלעגט אויסשניידן פאר זיינע תלמידים, אויפן טאָוול איז געווען געכתבעט מיט גרויסע אותיות :

| |
|---|
| העלפט די לערערס אין שטרייק ! |
| וחי אָחיך עמך ! |

אין נאַס איז געווען שטיל. בלויז פון דער מחזיקי־תורה, וואו עטליכע אַלטע יידן זיינען געזעסן איבער אַ לאַנגן טיש און גע־

לערנט, האָט זיך געטראָגן אַן אומעטיגער ניגון, וואָס האָט דער־מאָנט אָן אַלטן ייִדן, אַ לאַנג פֿאַרגעסן בית־המדרש־געסל. פֿאַר־בייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט. טייל האָבן געצוקט מיט די אַקסלען, געגאַנגען ווייטער, אַנדערע האָבן ווי צו זיך גערעדט:

— אַמעריקע, שטרייקן שוין מלמדים אויך!

— נישקשה, חדר־קינדער וועלן אויך באַלד אָנהויבן שטרייקן.

ביים אַריינגאַנג אין דער „מחזיקי" איז געשטאַנען אַ פּאָליס־מאַן אָנגעשפּאַרט אָן דער ברייט־צעעפֿנטער טיר. פֿון לאַנגוויי־ליגקייט האָט ער פּרובירט צו פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיט די ייִדן, וואָס האָבן געלערנט אין שול. יעדע ווײַלע איז אַן אַנדער אויסגע־וואַקסן ביי דער טיר, וואו אַ לאַנגער האַנטוך האָט געהאַנגען אויף צוויי וואַלקעלאַך און זיך געדרייט, ווי אַ פּאַסעק אַרום די רע־דער פֿון אַ מאַשין. די ייִדן האָבן זיך לאַנג געווישט די הענט, הויך געזאָגט „אשר־יצר", תמעהאַטע געשאָקלט מיט די קעפּ אויף דעם פּאָליסמאַנס רייד, אַבי פֿון אים פּטור צו ווערן, און פֿאַר־שוואונדן אין שול. דער פּאָליסמאַן האָט שטייענדיגערהייט פֿאַר־מאַכט די אויגן, געוואָלט כאַפּן אַ דרימל, און אום ער זאָל ניט איינשלאָפֿן, האָט ער פֿון געוואוינהייט געהאַלטן אין איין וויגן מיט דער רעכטער האַנט, וואו דער „קלאָב" *) האָט געהאַנגען אויף אַ לעדערל.

אַן אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר דער תלמוד־תורה. דער סעקרעטאַר אַ קליינס, אַ ניכס, ווי אַ מייזל, האָט אַרויסגע־שטעקט דעם קאָפּ, זיך אַרומגעקוקט און אַרויס פֿונם אויטאָמאָביל מיט צוויי ייִדן. דער בחור מיט דער שילד אויף דער ברוסט איז אויסגעוואַקסן פֿאַר זייערע אויגן און פֿאַרשטעלט דעם וועג:

*) קלאָב — אַ קורצער שטעקן, מיט וועלכן די אַמעריקאַנער פּאָ־ליציי־לײַט זיינען באַוואָפֿנט.

— יידן בעלי־תורה זאָלן „מסיג־גבול" זיין, צונעמען ביי טאַטעס פון קינדער דאָס שטיקל ברויט?

די יידן, צעשראָקענע, האָבן זיך איבערגעקוקט, ווי זיי וואָלטן פון קיין זאַך נישט געוואוסט און גענומען שטאַמלען:

— מיר ווילן קיינעם קיין ברויט נישט צונעמען...

הערט אים ווי דעם קאָטער! — האָט דער סעקרעטאַר זיי כמעט איבערגעוואַלד געהאַלטן אין שטופן אויף די טרעפּלאַך אַראָפּ...

דער פּאָליסמאַן איז אונטערגעקומען, מיט בטול געקוקט אויפן בהור מיט דער שילד און גערעדט דורך אַ ווינקל פון מויל, ווי ער וואָלט געזייט די ווערטער:

Keep on, keep on, dont block the street!

די עלטערע יידן האָבן זיך איינציגווייז אַרויסגעשאַרט פון שול, געבליבן שטיין אין אַ קופּקע, יעדער אין אַן אַנדער פּאָזע און שטיל צווישן זיך גערעדט:

— נאָך אַלעמען איז עס אַ חילול השם — האָט אַ זקן, וועמעס זון איז פּונקט דעמאָלט געווען אין שטרייק ביי הויזן, זיך אָנגערופן—מען זאָל עס גאָר דערלאָזן צו אַ שטרייק אין אַ תלמוד־תורה.

— וואָס, נאָכגעבן זיי? — איז אַ קליין ליטוויש יידל, אַ געוועזענער וועסטל־„באָס", אַריין אין די קופּקע — כ׳טענה שוין פון לאַנג, אַז מען דאַרף נישט אין דער „מחזיקי תורה" קיין גאָלע־מאָרדעס! אַז אַ ייד איז אַ גלות, ווער ווועט מיר דאָס קאַווירן, אַז ער איז נישט קיין מחלל־שבת? אַ גלות וועט מדריך זיין מיינס אַ קינד? נאָ, סער!

— הויבט זיך אָן — האָבן עטליכע זקנים מיטאַמאָל אויפגעהויבן די קעפּ, און זייערע אונטערגעשווירענע בערד האָבן זיך אַייעקןעיטשטעלט ווי בעזעמלאַך — ס׳איז דאָך אַמעריקע!

אַרום דער קופּקע האָט זיך געקליבן אַן עולם. יאָרצייט־לייט, קדיש־זאָגערס, צווייַ שוסטערס, וואָס האָבן צווישן מנחה און מעריב אַוועקגעלייגט די דראַטוועס, פאַרשלאָסן די וואַרשטאַטן און אויס־געשמירטע זיך צו יעדער זאַך אייַנגעהערט מיט ערנסטע פּנימער. די וועראַנדע, וואָס אַרום דער שול, איז פול געוואָרן מיט מענטשן. אַלע האָבן גערעדט וועגן שטרייק, זיך געקאָכט, געווען אומצו־פרידן, וואָס מען האָט אַזאַ זאַך געקענט דערלאָזן. דער פּאָליס־מאַן האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, געקוקט אויף זיי ווי אויף כינעזער און זיך געטראַכט, אַז מען וואָלט זיי אויך געדאַרפט צע־טרייבן.

וואַקסמאַן האָט זיך געדרייט צווישן עולם, גערעדט, געשפּריצט, איבּ איז געווען קשה, פאַרוואָס מען זעהט עפּעס ניט פרידקינען. זאָל ער „סקעבן" ? *) ער איז עטליכע מאָל אַרויסגעגאַנגען אויף אַ וועראַנדע, וואָס קענן איבער דער שול, געקוקט אין דעם פענ־סטער, וואו פרידקין לערנט, און באַמערקט, אַז דאָרט דרייט זיך אַרום איינער פון די יידן, וואָס מען האָט נאָרוואָס געבראַכט מיטן אויטאָמאָביל. וואַקסמאַן האָט גענומען צו אים ווינקען מיט אַ פינגער. דער ייד איז אַן איבערגעשראָקענער צוגעגאַנגען צום אָפע־נעם פענסטער און אַ שאָקל געטאָן צו וואַקסמאַנען מיטן קאָפּ און הענט, ווי ער וואָלט געזאָגט — וואָס ווילט איר ?

— ר׳ ייד, פאָלגט מיך און גייט בעסער אַרונטער! — האָט וואַקסמאַן צו אים אַרויסגעשריען.

דער פרעמדער האָט פאַרהאַקט ס׳פענסטער, און פון קלאַס האָבן זיך העכער גענומען טראָגן די קולות פון די קינדער.

ראָזען איז אונטערגעקומען, פאַרצויגן אַ סיגאַרעט, עטליכע ציה געטאָן און איבערגעגעבן :

---

*) סקעב – שטרייקברעכער.

— ווייסט, פרידקין „סקעבט".

— פון וואַן ווייסטו עס ? — האָט וואַקסמאַן אַ ציה געטאָן דעם לאַנגן האַלז.

— דער אַלטער משה האָט מיר נאָרוואָס פּאַרטרויט — האָט ראָזען ווידער אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, וואָס האָט זיך באַלד פאַר־לאָשן — אַז ער האָט בייטאָג געזעהן, ווי פרידקין איז אָנגעקומען מיטן סעקרעטאַר.

— דאָס הייסט נאָך ניט, אַז ער „סקעבט".

— און איך זאָג דיר — האָט ראָזען אָנגעריבן אָן זויל פון שוך אַ שוועבעלע — אַז דער בחור איז אויף אַלץ פעהיג.

— פרידקין מיינסטו ?

— יעס.

— אויב ס'זאָל זיין אמת — האָט וואַקסמאַן זיך געצופּט די שטעכיגע האָר פון דער געמבע — איז עס דאָך אַ מיאוסע זאַך.

— אָט גייט סעם — האָט ראָזען זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אַ יינגל, וואָס איז אַרויס פון דער „היברו" און איבערגעלאָזט אויפן פלאַץ, וואו ער איז געשטאַנען פינף מינוט, אַ בערגעלע אויסגערי־בענע שוועבעלאַך.

— ווער האָט היינט מיט אייך געלערנט ? — האָט וואַקסמאַן געפרעגט דעם יינגל.

— דער לערער האָט ניט געהייסן זאָגן — האָט ס'יינגל געשמייכלט.

— וואָסער לערער ?

— מיסטער פרידקין.

— דאָס דאַרף מען גלייך לאָזן וויסן — האָט וואַקסמאַן אָנ־געכאַפּט ראָזענען פאַר אַ האַנט — גיי, טעלעפאָניר גלייך, אַז פריד־קין „סקעבט", מיר וועלן זיך אָפּרעכענען מיט איִם!

פרידקין איז געזעסן בײַ זיך אין קלאַס און געציטערט. ער איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען צװישן בײדע פענסטער אַזױ, אַז אױב אַפילו אַ שטײן װעט פליהען, זאָל ער אים ניט טרעפן. בײַם יעדן עפן פון דער טיר האָט אים פאַרפעלט אָטעם, געמײנט, אַז אָט קומען אָן די שטרײקערס, זיך געטרײסט װאָס אַ פּאָליסמאַן שטײט בײַם אַרײנגאַנג און װעט די חברה ניט אַרײנלאָזן. ער איז געװען זיכער, אז אין צװײ, העכסטנס אין דרײ טעג אַרום װעט דער שטרײק זײן געבראָכן, אַזױ האָט אים דער פרעזידענט פאַרזיכערט, די אָרעמעלײט װעלן קומען בעטן, מען זאָל זײ צוריקנעמען, און ער, פרידקין, װעט ניט װעלן הערן, װעלן זײ שיקן די װײבער מיט די קינדער אױף די אָרעמס, פאַלן אים צו די פיס, קושן די הענט... ער, פרידקין, האָט געהאַט אַ באַקאַנטן צושנײדער פון מענער־רעק, איז יעדעס מאָל װען אַ „באָס" האָט אים אָפּגע־זאָגט, האָט ער געשיקט זײן װײבל, אמת, ניט קײן מיאוסע, בעטן פאַר אים בײַם „באָס", און מען האָט אים תמיד צוריקגערופן אַר־בעטן. פרידקין האָט געשמײכלט, געװען צופרידן מיט זיך, און בלױז ניט פאַרשטאַנען, װאָס ס'איז נעכטן געװען מיט בעסין. ער איז, דאַכט זיך, געװען זעהר אָנשטענדיג אין איר געגנװאַרט. אין מען קען ניט זאָגן, פון אָנפאַנג איז אַלץ געגאַנגען װי געהעריג, געװען זיכער, אַז ער נעמט דאָס מאָל אױס, און מיטאַמאָל: נאַ דיר אַזאַ ברוך הבא! אױף דעם האָט ער זיך גאָרנישט געריכט! װען ער װײס, אַז דאָס װעט זיך אַזױ אױסלאָזן, װאָלט ער נײשט „געסקעבט", אײנגעשטעלט דאָס לעבן. ער װעט זיך קײנעם אױף די אױגן נישט קענען װײזן, און װער װײס װי ער װעט אָפּשנײדן?

װען פרידקין איז אַזױ געשטאַנען אָנגעשפאַרט בײַם װענטל, װאָס צװישן בײדע פענסטער, און געטראַכט, האָבן די קינדער דערװײל געגװאַלדעװעט, געקראָכן אױף די בענק, װי זײ װאָלטן געװען אַלײן אין קלאַס.

— ווייסט — האָט אַ ייִנגל זיך אָנגערופן — מיר דאַרפן ניט גיין אין „היברו“.

— פאַרוואָס?

— די לערערס שטרייקן.

— און מיסטער פרידקין? — האָט אַ ייִנגל אַזוי הויך אַ זאָג געטאָן, אַז פרידקין האָט דערהערט.

— ער שטרייקט נישט.

— איז ער אַ „סקעב“?

— וואָס איז אַ „סקעב“?

— אַ „סקעב“ שלאָגט מען.

— פאַרוואָס?

— ווייל ער וויל נישט שטרייקן.

— וועט מען פרידקינען שלאָגן?

— מיין טאַטע האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט שיעור נישט דערהרגעט אין שאַפּ אַן אַרבעטער, וואָס האָט נישט געוואָלט שטרייקן.

— או, זיין טאַטע איז שטאַרק — האָט זיך אַ דאַר ייִנגעלע אָנגערופן.

פרידקינען איז געוואָרן קאַלאַמוטנע פון די קינדערס רייד. ער האָט געפילט, אַז די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען אַראָפּצוגיין צו וואַקסמאַנען, זיך אַנטשולדיגן, אַז ער איז באַגאַנגען אַן עולה, און שטרייקן מיט אַלע גלייך. און אַז מען וועט אים באַפאַלן? וואָס איז ער, אַ גבר? ער קען זיך ווערן? ער האָט באַטאַפּט די מוסקולן פון די הענט, וועלכע זיינען געווען שלאַבערדיג ווי צעקאָכטע קעלבערנע פלייש, און געזען זיכער, אַז איין גוטער קלאַפּ ליינט אים אַוועק. פאַר די אויגן זיינען אים געשטאַנען אָנגעצויגענע מוסקולן, וואָס מען זעהט ביי אַ דורכשניטליכן אַמע־ריקאַנער, וועמען ער האָט תמיד מקנא געווען, די מוסקולן האַרט

און שטייף, ווי די הענט וואָלטן געווען אָנגעשטאָפּט מיט שטאָל, — איז פון בלויזן געדאַנק פרידקינען קאַלט געוואָרן. פון שרעק האָט ער געכאַפּט אַ יינגל און אַראָפּגעשיקט נאָכן סעק־רעטאַר. ער האָט זיך מער נישט צוגעהערט ווי די קינדער שרייען, געשפּרייזט איבערן חדר, פּרובירט פאַרבייגייענדיג אויפצוהויבן די שטול, אויף וועלכע ער זיצט, אונטערגעהויבן די בענק, דעם טיש, מיט איין האַנט אַ הויב געטאָן אַ יינגל, וואָס איז אים גע־שטאַנען אין וועג, ווי אַ הערינג, און זיך דערפילט לייכטער. ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז זיינס אַ קלאַפּ איז אויך עפּעס ווערט, אַז ער איז נאָך נישט אַזאַ שוואַכער. דער בלויזער גע־דאַנק האָט אים אויפגעהייטערט, און וואָס עפּטער ער האָט זיך גע־טאַפּט די מוסקולן, אַלץ שטייפער האָבן זיי זיך אים אויסגעדאַכט.

— איר דאַרפט מיך? — האָט דער סעקרעטאַר געעפנט די טיר פון קלאַס.

— הערט, מיסטער קליין, — איז פרידקין אים נאָך אין קאָרידאָר אַריין — כ׳האָב געהערט זאָגן, אַז די לערערס פאַרנע־מען זיך אויף מיר, ווילן מיך שלאָגן.

— נישט דערלעבן וועלן זיי! — האָט דער סעקרעטאַר אַריינ־געשטעקט ביידע הענט אין די הויזן־קעשענעס — מיר וועלן אייך אָפּפירן אין אַ אויטאָמאָביל מיט אַ פּאָליסמאַן, גוט? און ווער האָט דאָס אייך געזאָגט, אַז זיי קלייבן זיך שלאָגן?

— כ׳ווייס...

— ווער, למשל? — איז דער סעקרעטאַר צוגעשטאַנען.

זיי האָבן מיטאַמאָל דערהערט אַ קוויטש. דער קוויטש האָט זיך געצויגן איבער אַ מינוט, זיך איבערגעריסן און ס׳איז אויף אַ רגע שטיל געוואָרן. דער סעקרעטאַר מיט פרידקינען זיינען אַריין אין אַן אַנדער קלאַס און געזעהן דורכן פענסטער, ווי דער פּאָליסמאַן ראַנגלט זיך מיט אַ צעבלוטיגטן בחור, און וואָס ער הויבט אויף דעם „קלאָב“, ווייל אים אַ קלאַפּ טאָן, כאַפּט איב

דער בחור אָן מיט דער האַנט. אַן עולם איז געשטאַנען אַרום, נייגעריג געקוקט און יעדעס מאָל ווען דעם בחור איז געלונגען אָנצוכאַפּן דעם „קלאָב“, האָט דער עולם זיך פאַרגאַנגען אין אַ געלעכטער. עס איז אָנגעקומען נאָך אַ פּאָליסמאַן, און איי־דער פרידקין האָט צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, איז שוין דער בחור געלעגן אַ צעהרגעטער אויף דער ערד. אַ צעשלאָגענעם, אַ פאַרבלוטיגטן, אָהן אַ קאַפּעליוש, האָט מען אים אַוועקגעפירט. אויפן וועג האָבן זיי אויך אַרעסטירט דעם בחור מיט דעם שילד, און דער עולם איז זיך צעגאַנגען.

— גאָכן שטרייק, — האָט דער סעקרעטאַר אַ צופרידענער איינגערוימט פרידקינען, וואָס איז געשטאַנען און געציטערט פון שרעק, — איינעם צעשלאָגן, דעם צווייטן אַרעסטירט, און אויס חתונה! אַזוי דאַרף מען זיך באַגיין מיט די יונגאַטשעס!

דערווייל האָט זיך אין שול געקאָכט. די יידן האָבן פאַר־געבן אָן מנהה, געשטאַנען אין קופקעס, זיך געערגערט, און אַלע זיינען געווען אש להבה אויפן סעקרעטאַר, וואָס ער האָט געבראַכט אין שול אַריין אַ פּאָליסמאַן.

— ס׳איז אַ חילול השם, — האָט איינער געשריען.

— ווער איז ער, דער גאַליציאַנער?

— מען דאַרף אים עוקר מן השורש זיין!

— און וואָס מיינט ער, דער פּרעזידענט? ס׳איז זיין שול, לאָז ער איינבייסן אין איר מיט די ציין! געהערט, מען לאָזט צעשלאָגן אַזוי אַ ייד!

— נו, וואָס איז, אַז זיי שטרייקן? אַ ייד האָט אַ ווייב מיט קינדער, קען ער היינטיגע צייטן נישט דורכקומען מיט פופצן דאָלער אַ וואָך!

— זיי גיבן דען פון זייער קעשענע? מיר צאָלן דאָך אויף דער תלמוד תורה!

— אַוודאי מיר, איך צאָל פיר דאָלער אַ יאָר!

— איך אויך!

— און איך אויך!

— וואו איז דער סעקרעטאַר?

— וואו איז ער, דער גאַליציאַנער?

— אָט איז ער!

— איצט וויט איר שוין צופרידן — איז אַן עולם אים אנטקעגן געגאַנגען — אַז מען האָט צעשלאָגן אַ יידן? זעהר שיין, זעהר שיין!

— צו מיר דאַרפט איר גאָרנישט האָבן — איז דער סעק־רעטאַר געשטאַנען אַ בלאַסער און זיך פאַרטיידיגט — איך בין אַן אָנגעשטעלטער, איז וואָס מען הייסט מיר, טו איך!

— און אַז מען וועט אייך הייסן גנבענען?

— א משל? — האָט דער סעקרעטאַר געוואָלט אַ שמייכל טאָן, און ס'האָט זיך נישט איינגעגעבן.

— ס'איז נאָר א משל, — האָט זיך איינער אָנגערופן — פאַר אַזאַ מעשה וויט איר ווערט פעטש! ס'פאַסט אייך צו זיין אַ „בוטשער“ *), נישט קיין סעקרעטאַר אין אַ שול.

— איר שווייגט בעסער, שווייגט — האָט דער סעקרעטאַר זיך צוגעגעבן קוראַזש, — אַז ניט הייס איך אייך גלייך מיטן גוי אַרויספירן.

— מיך? — איז דער זקן צוגעלאָפן צום סעקרעטאַר, — שווייגעץ דו!

— ביזט אַ גרעסערער!

— נענוג, גענוג, — האָבן זיך געהויבן הענט איבערן סעק־רעטאַר פון אַלע זייטן.

---

*) אַ בוטשער – אַ קצב.

— קומט יידן, קומט, — איז איינער אַריין אין דער מיט, — אַז ס'איז דאָ אַזאַ סעקרעטאַר און אַ פּרעזידענט...

— טשעפּעט נישט דעם פּרעזידענט — האָט אַ צווייטער איבערגעהאַקט.

— דאַרפן מיר דאָ נישט דאַווענען.

— זינדיגט נישט — האָט זיך אַ דריטער אָנגערופן — אַרויס-צוגיין פון דער שול איז אַ פּחיתת הכבוד פאַר די ספרי תורות.

— גערעכט, גערעכט!

— גערעכט!

— דער סעקרעטאַר אָבער טאָר דאָ מער נישט בלייבן!

— לאָז ער ווערן אַן „אָרגעניזער" אין דער „בוטשער יוניאָן"!

— שפּעטלאַך, לאָמיר זיך שטעלן דאַווענען.

— שאַ, שאַ, — האָבן הענט פון אַלע זייטן גענומען קלאַפּן אין שטענדערס.

ביים עמוד איז אויסגעוואַקסן אַ ייד, געוואַרט ביז די שאַ'ס האָבן אויפגעהערט, אָפּגעהוסט, אָנגענומען דעם עמוד מיט ביידע הענט און זיך צעוויגט:

— אשרי יושבי...

שפּעט אין אָוונט האָט דער פּרעזידענט פּרידקינען אָפּגע-פירט. ער האָט אים געוואָלט אַרויספירן אין שטוב אַריין, איז פּרידקין געבליבן אַ פּאַרציטערטער, מורא געהאַט ער זאָל ביי אים טרעפן שושנהן, דערצו זיך דערמאָנט, אַז ביי זיין טיר הענגט נישט קיין מזוזה, און אָנגעהויבן שטאַמלען:

— איר שפּאַסט, האַ? איר מיינט טאַקע, אַז כ'בין אַזאַ בעל פחדן? זאָג איך אייך, אַז כ'וואָלט אַליין אויך נישט מורא געהאַט אַהיים צו גיין!

— נו, נו, נו, — האָט דער פּרעזידענט איס גוט־ברודעריש געקלאַפּט אין דער פּלייצע, — פונדעסטוועגן וועל איך מאָרגן נאָך אייך שיקן די „מאַשין“. אַ גוטע נאַכט.

פרידקין איז געבליבן שטיין ביי זיין הויז, נאָכגעקוקט דעם אויטאָמאָביל, וואָס איז פאַריטוואונדן מיטן פרעזידענט, און אַ צו־פרידענער, וואָס ער איז נאָר אָפּגעקומען מיט שרעק, און אַז מאָרגן וועט מען ווידער נאָך אים קומען, איז ער אַריין אין האַלב־פינסטערן קאָרידאָר, ברומענדיג אַ ניגון.

ער האָט דערפילט אַ בריה אין קאַרק, אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ, געוואָלט זעהן, פון וואַנען דאָס איז געקומען, האָט ער גע־כאַפּט אַ פּלעם אין רעכטן אויער, אַז פונקן האָבן זיך אַ צינדר געטאָן פאַר די אויגן. אינסטינקטיוו האָט אים ס'האַרץ געזאָגט, אַז עטרייקער האָבן געדונגען גענגסטערס אים צו שלאָגן. ער האָט אַריינגעכאַפּט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, אויסגעהויקערט אַ פּלייצע ווי א קאָטער, ווען ער נעמט זיך ציהען, צעשפּרייט די הענט, ווי זיך צו וועהרן, און איידער ער האָט צייט געהאַט אַ געשריי צו טאָן, איז ער שוין געלעגן אויף דער ערד. עס איז געוואָרן פינסטער. פון שרעק, אַז מען וועט אים דערהרגענען, איז פרידקין אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז דער געשריי איז ביי אים געבליבן אין גרגרת ווי אַ ביין, געשפּאַרט די אויגן פון קאָפּ. די קלעפּ זיינען געווען אַזוי גיך און איבערן גאַנצן קערפּער, אַז זיי האָבן אויפגעהערט ווייט טאָן, אים אויסגעניכטערט, און ער האָט דערזעהן איבער זיך אַ פרעמדן. דער פרעמדער איז געשטאַנען איבער אים, געשלאָגן אין פּנים אַריין, אַז דער קאָפּ האָט אַזש אונטערגעטאַנצט אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע.

— מערדער, וואָס שלאָגסטו? — האָט פרידקין זיך אַ ריס געטאָן, געוואָלט דעם פרעמדן אָנכאַפּן פאַר אַ פּוס.

ער האָט געכאַפּט אַ כמאַל אין דער באַק און געפילט, ווי די ציינער שאָקלען זיך בײַ אים אין מויל.

ער האָט זיך ווידער אַ ריס געטאָן, האָט יענער מיט אַ פוס אים געקלאַפּט איבערן פּנים, איבערן האַרץ, געשלאָגן אָהן אויפהער. געזאַלצענע שנירלאַך זיינען פרידקינען געראָנען אין מויל אַריין, זיך געקייקלט איבערן האַלז, איז אים מיטאַמאָל אַזוי היים געוואָרן, געבליבן ליגן אָהן כּוחות, מער קיין ווייטאָג ניט געפילט, און ס׳האָט זיך אים געדאַכט, ווי דער גאַנצער קערפּער איז בײַ אים איינגעשלאָפן, ווי עס שלאָפט אַמאָל איין. אַ פוס פון צופיל זיצן, און וואָס מער מען קנייפּט, שלאָגט דעם פוס, אַלץ אָנגענעמער איז די טעמפּע ווייטאָג, וואָס וועקט אים אויף. די אויגן זיינען בײַ אים געוואָרן גרעסער, ס׳מויל האָט זיך עטוואָס פאַרדרייט, געזעהן ווי מען שטייט איבער אים, מען שלאָגט, און צומאָל קיין ריר ניט געטאָן מיט אַ ברעם. עס האָט אים אָנגעהויבן ווערן הויל בײַם האַרצן, געוועזן זיכער, אַז מען וועט אים אַזוי אייביג שלאָגן, און ביסלאַכווייז גענומען פאַרשווינדן מיטן קאָרידאָר צוזאַמען.

אַז ער האָט געעפנט די אויגן איז צוריק געווען ליכטיג. ער האָט געזעהן איבער זיך פרעמדע פּנימער, נישט געוואוסט וואו ער געפינט זיך, נישט געדענקט, וואָס ס׳איז גאָרוואָס פאָרגעקומען, בלויז געפילט, ווי דער גאַנצער קערפּער איז בײַ אים איינגעפרוירן, און מען שטייט איבער אים מיט צוואַנגען, מען רייסט, אַז דער מוח פּלאַצט, און זיך דערמאָנט, אַז דאָס האָט שוין מיט אים אַמאָל פּאַסירט, בײַ אַ דאַנטיסט, און אויפן האַרצן האָט זיך מיטאַמאָל אַרויפגעלייגט אַזאַ משא, ווי די אַלע פּנימער וואָלטן נישט געשטאַנען אַרום, נאָר געזעסן בײַ אים אויף דער ברוסט און נישט געלאָזט אָפּעטעמען.

— וואו וואוינט איר? — האָט זיך איינער איבערגעבויגן איבער אים.

— וואָס איז אייער נאָמען?

— דאָס הייסט צעשלאָגן!

— „צעבוטשערט“! צעהרגעט!

— ער ליגט דאָך באַוואוסטלאָז!

— לאָמיר אים אַריינגעמען אין אַ דראָג סטאָר!

— בעסער רופט אַן אַמבולאַנס.

— ער וועט דאָך אָפּגיין מיט בלוט.

— ס׳איז דאַכט זיך אַ ייד?

— אַוודאי אַ ייד!

פרידקין האָט אויף אַלעמען געקוקט מיט שטאַרע אויגן, נישט געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר, כאָטש געהערט יעדעס וואָרט. באַלד האָט אַ פּאָליסמאַן פונאַנדערגעשטופּט דעם עולם, זיך אויסגע־פרעגט און ס׳ערשטע גענומען באַזוכן דעם הרוג. ער האָט גע־זוכט אין אַלע קעשענעס, אַרויסגעשלעפּט יִאָס ס׳איז נאָר געווען און אַלץ איינגעוויקלט אין פרידקינס אַ נאָזטיכל. ער האָט אַרויס־גענומען פון אַ וועסטלקעשענע אַ פאונטיין־פּען מיט אַ זילבער־נעם באַשלאַג, עס באַטראַכט, אַפּנים געפעלן געוואָרן, און עס זיך אַריינגעשטעקט אין אַ בוזעם־קעשענע. מען האָט געפונען אַ בריוו אַדרעסירט אין דעם הויז אַריין, וואו זיי זיינען געווען, און דער פּאָליסמאַן האָט גענומען גיין מיטן בריוו פון וואוינונג צו וואוינונג. אַ שכנטע האָט געוויזן אויף שושנהס טיר, און דער פּאָליסמאַן האָט אָנגעקלאַפּט:

— וואוינט דאָ מיסטער פרידקין?

— יעס, — האָט שושנה אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ, געזעהן דעם פּאָליסמאַן און זיך גענומען צורעכטמאַכן די האָר.

— איז ער אין דער היים?

— נאָ.

— וואו איז ער?

— ער דאַרף יעדע מינוט אָנקומען.

— פאַרמאַך די טיר און קום מיט מיר אַרונטער.

— וואָס איז? — האָט זי צעעפנט אַ פּאָר אויגן און אינ־סטינקטיוו אַ טאַפּ געטאָן צו דער ראָספּער פון קלייד איז נישט אָפן — ס'איז עפּעס געשעהן מיט מיסטער פרידקין?

דער פּאָליסמאַן האָט נישט געענטפערט, פונאַנדערגעשטופּט מיט די עלנבויגנס דעם עולם און זי צוגעפירט צו פרידקינען.

— דערקענסטו אים?

— פרידקין! — האָט שושנה אויסגעשריען, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, און דער אַרומיגער עולם האָט זי אונטערגעכאַפּט.



# XVII

די קאַפּע איז כּמעט געווען ליידיק. גרין איז געזעסן איבער אַ גלאָז טיי, די פּיס פֿאַרוואָרפֿן, די הענט אין די הויזן־קעשענעס און דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף זיין אייגענער ברוסט. פון לאַנג־ווייליגקייט האָט ער נישט אויפגעהערט איבערצוציילן מיט די שפּיץ פינגער די פּאָר זילבערנע מטבעות, וואָס האָבן זיך געוואַל־גערט ביי אים אין די קעשענעס. ער האָט זיך אַזוי פאַרגעסן אין ציילן, אַז די מטבעות האָבן זיך נישט אויסגעשעפּט, געהאַלטן אין איין צוקומען, און לויט ווי דער קאַפּיטאַל איז ביי אים גע־וואַקסן, אַליין אויפגערוימטער איז ער געוואָרן.

עמיצער איז אַריינגעקומען, גענומען אָפּשאָקלען ביי דער צע־עפנטער טיר זיינע פאַרשנייטע מלבושים און מיטגעבראַכט אַ נאַסע קעלט. גרין האָט אַ ציטער געטאָן, זיך געכאַפּט, אַז ער נאַרט זיך אַליין, אַרויסגעלאָזט פון די הענט די מטבעות און גע־נומען דערזופן דאָס לעבליכע גלאָז טיי. ער האָט זיך איינגעקוקט, נעזוכט מיט די אויגן אַ באַקאַנטן, ביי וועמען ער וועט קענען איבערנעכטיגן. ס'איז קיינער נישט געווען. אהיים גיין צו זיך האָט ער נישט געקענט, צוגעזאָגט דער בעל־הבית'טע, אַז ער וועט איר היינט זיכער געבן געלט, און אַלס אַ שפּאַס איר איבער־געלאָזט דעם שליסל אויף אַ משכּון. ער האָט געטראַכט, אַז געלט איז אַ מיאוסע זאַך, ס'איז אָבער נאָך מיאוסער נישט צו האָבן קיין געלט. אַ טעמפּע משא האָט זיך אים געפּאַקט אין מוח

אַריין, אַליך פֿאַרשטעלט, און ער האָט נישט געזעהן, אַז זיין לעבן זאָל קענען אָנעמען אַן אַנדער ווענדונג. ער האָט שוין געהאַט פֿאַר־געסן צו האַלטן אַ פּעדער אין דער האַנט, נישט געגלויבט, אַז ער האָט אַמאָל עפּעס אָנגעשריבן, אַז ווענן אים האָט מען גערעדט.

בעסין האָט ער כמעט די גאַנצע צייט נישט געזעהן, גע־הערט אַז זי גייט חתונה האָבן מיט ליפּשיצן און זיך געטרייסט, אַז ער וועט נאָך אַמאָל אים אָנכאַפּן פֿאַר די לאַנגע אויערן אין דער כּלהס געגנוואַרט, קלאַפּן קאָפּ אָן וואַנט, וועט ער וויסן, אַז לידער איז קיין ליבע ניט, דאָס קען מען פֿאַר געלד נישט קויפֿן!

גרין האָט פֿון דער זייט געכאַפּט עטליכע ווערטער, אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און זיך איינגעהערט, ווי אַן אָפּגעבליאַקעוועטער יונגערמאַן מיט אַ גאָלן קאָפּ, וואו פֿון קאַרק זיינען ביי אים גע־פֿאַלן איבער די פּלייצעס שוואַרצע האָר פּאַסמעסווייז, און אויס־געזעהן ווי צוגעקלעפּטע, האָט איינגעטענהט מיט צוויי דאַמען, וואָס זיינען געשטאַנען גרייט אַוועקצוגיין.

— געפֿעלט אייך נישט ניו־יאָרק? — האָט איין דאַמע פֿאַר־שנירלט די ליפּן און אָנגעצוינגן אַ הענטשקע ביז צום פּלאַצן.

— ס׳הייסט—האָט דער יונגערמאַן זיך אַ בייג געטאָן און אויס־געזעהן ווי אַ קאַריקאַטור פֿון אַ פּאָעט, וואָס מען מאָלט אין אַ וויצ־בלאַט—פֿאַר אַ דיכטער איז עס נישט קיין פּאַסיגע שטאָט.

— וואו דאַרף דען אַ דיכטער וואוינען? — האָט די צווייטע געפֿרעגט.

— ווען איך וואָלט רייך געווען — האָט דער יונגערמאַן זיך געגלעט מיט איין פֿינגער איבערן גאָלן קאָפּ — וואָלט איך נישט געוואוינט צווישן אַזוי פֿיל מענשן. אַ דיכטער דאַרף זיין אַליין, ווייט פֿון טומל. סיי זומער, סיי ווינטער וואָלט איך געוואוינט ערגעץ אין מיטן ים, אויף אַ פֿעלז, פֿאַרשטייט זיך, אין אַ גלע־

זערנעם פּאַלאַץ, וואו ער זאָל זיין אָפּן צום ים פון אַלע זייטן און אָפּשפּיגלען די בלויע כוואַליעס...

גרין האָט געשמייכלט, זיך נאָך אַמאָל איינגעקוקט אינם יונגנמאַן, וואָס האָט גערעדט מיט אַ וויכן למר. ווילכער האָט צוגעגעבן די ווערטער עפּעס מוזיקאַלישעס. ס׳פּנים איז אים געווען באַקאַנט, געוואוסט אַז ער שרייבט לידער און קוים געגלייבט, אַז היינטיגע צייטן אין אַ קאַפע זאָלן זיך וואַלגערן אַזעלכע ראָמאַנטישע יונגעלייט, כאָטש די באַנדורע מיטן פּלאַשטש זיינען שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע.

אַז די דאַמען זיינען אַרויס, האָט דער יונגערמאַן צוגערופן אַ קעלנער און אים עפּעס איינגערוימט.

— כ׳קען מער נישט באָרגן, — האָט דער קעלנער אַ מידער זיך צעגנעצט.

— מאָרגן באַצאָל איך...

— איר זאָגט אַזוי יעדן טאָג, — האָט דער קעלנער אַרויסגענומען אַ ביכל, וואו די חובות זיינען געווען פאַרשריבן, — וואָס מיינט איר, כ׳בין אַ קאַפּיטאַליסט? יעדן אָוונט מוז איך באַצאָלן דעם בעל הבית. איר קומט מיר, באַלד...

— כ׳גלויב אייך, — האָט זיך דער יונגערמאַן געכאַפּט פאַר די אויערן, נישט געוואָלט הערן, — איר באַליידיגט מיך, הער קעלנער! כ׳וועל מער אין קאַפע נישט אַריינקומען!

— קומט נישט!

— דרך ארץ, קעלנער, דו! ווייסט מיט וועמען דו רעדסט? זאָלסט נישט וואַגן אונטערצוקומען צו מיין טישל, הערסט?

— ס׳איז אַן אָפענע טיר, מיסטער,—האָט דער קעלנער זיך אָפּגערוקט און גענומען דערציילן די גאַנצע מעשה אַ צווייטן קעלנער.

דער יונגערמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ כאַפּ געטאָן דעם קאַפּעליוש מיטן שטעקן, געבליבן שטיין ביי גרינס טישל און זיך פאַרנייגט:

— אַנטשולדיגט, הער גרין, אויב כ׳שטער אייך...

— אין געגנטייל, — האָט גרין העפלאַך געוויזן מיט דער האַנט, ער זאָל זיך זעצן.

— דאָס פּלאַץ איז געוואָרן אומערטרעגליך, — האָט ער אײַנגעלייגט אויפן טישל דעם שטעקן מיטן קאַפּעליוש און זיך צוגעזעצט, — אַן אָנשטענדיגער מענש קען דאָ מער נישט אַרײַנקומען! זיי שינדן די הויט, יעדע זאַך קאָסט דאָ דאָפּלט, און דער קעלנער טוט דיר אַ טובה, אַז ער באַדינט דיך! ס׳איז נישט קיין פּלאַץ פאַר קינסטלער! ווען אַזאַ לומפּ — האָט ער געוויזן מיט אַ פינגער אויפן פּלאַץ, וואו דער קעלנער איז געשטאַנען — באַליידיגט מיך אין ווין אין אַ קאַפע, צו אין פּאַריז, וואָלט ער מער אין דעם פּלאַץ נישט געווען, ס׳איז אָבער אַמעריקע! אַזאַ פּלעבּיי מיט אויסגעבּויגענע פיס איז דאָך אין האַרצן מיך מבטל, ווייל איך בין אים שולדיג אַ פּאָר טאָלער! כ׳טענה פון ערשטן טאָג אָן, אַז אַמעריקע איז נישט קיין פּלאַץ פאַר קיין דיכטער! נו, ווי נייטס, הערר גרין? דער נאָמען איז זעהר מוזיקאַליש, — האָט ער האַלב פאַרמאַכט די אויגן און געצויגן דעם נאָמען — ג־ר־י־ן! — אַ נאָמען, וואָס האָט נישט קיין קאָלירן, זאָגט גאָר נישט, איז לעבּלאַך. מיר יידן האָבּן נישט קיין שיינע נעמען, ס׳איז געווען, מען זאָל אין מיטן עסן דיר פאָרשטעלן אַן איצקאָוויטש צו כאַצקעלעוויטש, דו זאָלסט פאַרלירן דעם אַפּעטיט! גרין, זעהט איר, זאָגט שוין עפּעס, דערמאָנט אָן טונקעלע צימערן, וואו די ווענט זיינען באַהאַנגען מיט לויזע גרינע שטיקער סאַמעט, אויסגעקניפּט פון דעם זעלבּיגן געוואַנט מיט בלומען, ס׳דערמאָנט אָן שאָפּענס נאָקטורנס. אפילו אונזערע קינסטלער האָבּן קיין געשמאַק ניט. זייערע פּסעוודאָנימען גרילצן אין די אויערן. קענט איר זיך פאָרשטעלן עפּעס אַ פּערזענליכקייט הינטער משה חוזק, בן פּדהצור, ויקהל פקודי? אָ, זעהט איר, ד׳אבּרוצי, פּאָן־ד׳אַבּרוצי, דער נאָמען רעדט פאַר זיך, ס׳איז אַ שטיק אָפּערע, איר

קאָנט פאַרמאַכן די אויגן, ציהען דעם נאָמען אויף פאַרשיידענע טענער, צעוואַרפן אין זילבן, און וואָס לענגער איר וועט אים ציהען, אַלץ מער וועט עס אייך באַפרידיגן. וואָס אָנבאַלאַנגט אַ נאָמען, זעהט איר, בין איך נישט מסכים מיט שעקספּירן, אַ נאָמען, זאָג איך, דאָס איז דער מענש, זיין נשמה.

ער האָט אַרויסגענומען אַ וויזיט־קאַרטע, געדרוקט אויף העל־פאַנט־ביין פאַפיר, און זי אונטערגעטראָגן גרינען:

— ביטע!

גרין האָט איבערגעלייענט:

סאָלאָמאָן דיקשטיין
פּאָעט־אימפּעראַטאָר.

— ווי איז אייער ערשטער נאָמען?

— שלמה.

— פּאַסט עס פאַר אַ יידישן דיכטער, ער זאָל זיך איבערמאַכן דעם נאָמען?

— כ׳וועל אייך זאָגן — האָט ער ערנסט אַרויפגעלייגט איין פינגער אויפן גאָלן קאָפּ, ווי ס׳וואָלט געווען עפּעס אַ געהיימער צייכן — שלמה קלינגט נישט, ס׳דערמאָנט אָן „שלמהלע שאַרלאַטאַן". ביי אונז אין שטעטל איז געווען אַ שלמהלע שיכור, האָב איך געמוזט איבערמאַכן אויף סאָלאָמאָן, פּאָרט עסטעטישער. אָט, — האָט ער געמאַכט אַ זשעסט מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט דערמיט אים איבערציינגן, און אַרויסגעשלעפּט פון אַ בוזעם־קעשענע, וואָס איז געווען לאַנג ווי אַ זאַק און אָנגעפּאַקט מיט דינע ביכלאַך — האָב איך מיין אייגן בוך מיט לידער, עס הייסט „קליאַנגען", וועט איר זיך דאָך פרעגן, סטייטש, מען שרייבט דאָך קלאַנגען, זאָג איך אייך, אַז אַ מענש מיט געשמאַק דאַרף זאָגן „קליאַנגען".

אַ קעלנער איז אונטערגעקומען צום טישל, געבעטן מען זאָל אים באַצאָלן, און געהייסן האָט עס, אַז ס'איז שוין צוויי ביינאַכט, די קאַפּע שליסט זיך.

גרין האָט איבערגעלאָזט אַ פּאָר סענט אויפן טישל, וואו ער איז געזעסן, זיך געזעגנט מיטן „פּאָעט־אימפּעראַטאָר" און איז אַרויס. ער האָט געטראַכט, אַז נאָך אַלע שטותערייען איז דער יונגערמאַן אַ דיכטער, געוועזן זיכער, אַז זיינע לידער זיינען מסתמא ניט ערגער פון אַנדערע קלאַסישע, ער האָט זיך בלויז פאַרשפּעטיגט מיט אַ הונדערט יאָר, אַרויס פון דער מאָדע, לאַכן פון אים אַלע, האַלטן אים פאַר אַ „בבל". און ווער ווייס? האָט דאָך רוס־לאַנד אַ גרופּע דיכטער, גאָר יונגע, וואָס באַזינגען בלויז פּרינ־צעסנס, קריסטאָלענע פּאַלאַצן און קלינגענדיגע נעמען. ווער ווייס?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך געוואָלט באַפרייען פון פּאָעזיע. דער שניי האָט זיך געלייגט פלאַכטעוויז, דורכגענומען די ביינער, און דאָ האָט ער נישט געהאַט וואו איבערצונעכטיגן.

ער האָט געפילט, אַז דער באָדן פון אונטער די פיס איז שוין לאַנג אַפּגעשוואומען, נישטאָ מער קיין גלייכגעוויכט, און גע־ווען גלייכגילטיג, אויב ס'וועט אים אויסקומען איבערצונעכטיגן אין אַ קאָרידאָר. וואָס איז ער בעסער פון טויזנט אַנדערע?

דיקשטיין איז אויסגעוואַקסן נעבן אים.

— אַ, הער גרין, דאָס זייט איר? כ'וואָלט אייך געוואָלט בעטן אַ געפעלינקייט — ווי איר זעהט, האָב איך נעכטן אויפ־געגעבן מיין „לאָזשי", כ'מיין, אויב איר זייט רייך און קענט מיר ביז מאָרגן געבן פינף און צוואַנציג סענט, וואָלט איך איבער־גענעכטיגט אין „פּיפּעלס האַוז".

— געוויס קען איך אייך געבן, — האָט גרין גענומען זוכן אין די קעשענעס און זיך געטראַכט, אַז ס'איז אַ פּלאַן מיטצוגיין מיט אים — ס'איז דאָ געגוג פּלאַץ אין „פּיפּעלס האַוז"?

— וואָס, איר ווילט דען מיטגיין?

— כ׳ווייס, — האָט גרין געשטאַמלט, — ס׳גלוסט זיך איצט נישט אַהיימצופאָרן, כ׳האָב הייט.

— איר האָט פופציג סענט?

— כ׳האָב.

— אויסגעצייכנט! צוזאַמען וועט זיין היימליכער!

ויי זיינען געגאַנגען, זיך געקאָרטשעט אונטער דער בייסנדיגער קעלט און געשוויגן. גרין האָט זיך געטראַכט, אַז אין די קליינע צימערלאַך, וואו טויזנטער היימלאָזע נעכטיגן יעדע נאַכט, חלומען די „פאָעטן־אימפּעראַטאָרס" וועגן צעשוואומענע פרויען־געשטאַלטן, גלעזערנע פּאַלאַצן, טונקעלע צימערן באהאנגען מיט גרינע שטיקער סאַמעט... האָט דאָך העלען זיין „קע־ניגרייך" אויסגעחלומט אין אַזאַ צימערל! אינטערעסאַנט! ער איז אַמאָל געווען אין הכנסת־אורחים אין וואַרשע אויף סמאָטשע גאַס, וועט ער עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דער אייגנטימער האָט אים אַריינגעפירט אין קעלער, געוויזן דעם ערשטן צימער, וואו איבערצונעכטיגן האָט געקאָסט פינף קאָפּיקעס, איז ער שיעור נישט דערשטיקט געוואָרן, אַזוי דושנע איז געווען; טיפער האָט געקאָסט פיר גראָשן, און וואָס ווייטער אַלץ ביליגער. דער אייגנטימער האָט געעפנט אַ פינסטערן צימער, אָהן פענסטער, און מיט הרחבה געזאָגט, אַז דאָ איבערצונעכטיגן קאָסט גאָרנישט. אויף דער צינל־נער פאָדלאָגע זיינען געלעגן אָנגעשטאָפּטע זעק, וואו שורות מיט מענשן זיינען געשלאָפן, און די געלעגערס האָבן דערמאָנט קברים אויף אַ בית־עלמין. אַז מען האָט זיך איינגעקוקט אין דער פינסטערניש, האָט זיך ביסלאַכווייז אַרויסגעשיילט אַ נאַ־קעטע פיגור פון אַ זקן, דאָס העמד אַראָפּגעלאָזט, די ווייסע באָרד פאַרפּלאָנטערט, ווי אַנדזשעלעס אַן אויסגעהאַקטע סטאַטוע. דער זקן איז געווען אַזוי פאַרטאָן מיט זיין העמד, אַז ער האָט זיך צומאָל נישט אומגעקוקט, ווער עס איז אַריינגעקומען, גע־

טענהט מיט זיך און די שפּיצן פון דער באָרד האָבן זיך גע־שאַרט איבערן נאַקעטן לייב.

גרין האָט ערוואַרט צו זעהן דאָס זעלביגע בילד. אַז זיי זיינען אַריין אין אַ ליכטיגן, וואַרעמען צימער, וואו אַן עלטערער מאַן איז געזעסן איבער אַ קאַסע, האָט ער זיך עפּעס נישט געגלויבט און דיקשטיינען נאָך אַמאָל איבערגעפרעגט:

— וואָס, דאָ איז עס?

— יעס, גיט דעם מאַן פופציג סענט.

— איר ווילט שוין גיין שלאָפן? — האָט דער מאַן אַריינגע־וואָרפן דאָס געלט אין „רעדזשיסטער“ און אים געגעבן צוויי בילעטן.

— מיר וועלן נאָך מאַכן אַ שנעפּסל.

— וואָס? — האָט גרין דיקשטיינען אַ ציה געטאָן פאַר אַן אַרבל — דאָ לאָזט מען טרינקען?

— דאָ טרינקט מען נישט, — האָט דיקשטיין זיך צעלאַכט — דאָ שיכּורט מען!

— ווי הייסט?

— פּשוט, אַ סענאַטאָר, אַ פּילאַנטראָפּ, האָט אויסגעבויט די הייזער און געפּועלט, אַז מען זאָל מעגן דאָ פאַרקויפן משקה, ס'הייסט טאַקע נאָך אים „ריינס לאָו“.

זיי זיינען אַריין אין אַ זעהר גרויסן צימער, כּמעט אַ ליי־דיגן. אַרום די לאַנגע פיר־עקיגע טישן זיינען דאָ און דאָרט גע־זעסן מיטל־יעריגע מענער, וואָס האָבן געליטן פון נישט קענען שלאָפן, און אַריינגעקוקט אין צייטונגען. דיקשטיין האָט גענומען צוויי בירס און זיך מיט גרינען צוגעזעצט צו אַ טישל, וואו אַ גרויער מאַן מיט צוויי פּאָר ברילן אויף דער נאָז איז געזעסן מיט אַ יונגן טרעמפּ (אַ „באָסיאַק“) און איינגעטענהט, אַז מען האָט געהערט איבערן זאַל.

— און איך טענה צו אים, — האָט דער יינגערער געשפּיגן אויף צוויי איילן פון זיך, — אַז די פרוי וויל מיט דיר נישט וואוי־

נען, קענסטו צו איר גאָרנישט האָבן! טענהט ער — אז אין אַלץ בין איך שולדיג, ווען נישט איך, וואָלט זי מיט אים ווייטער געשטאַנען, און כאַפּט מיך שלאָגן. נו, נו, האָב איך אים געמאַכט לאַמטערנעס אונטער די אויגן, און ווי ער איז געלעגן אַ צעבלוטיגטער, בין איך מיט איר אַוועק!

— אַז אין אַלעם איז שולדיג די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג — האָט דער אַלטער געעפנט אַ בוך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט און וואו די מאָרגאַנס זיינען געווען באַשריבן מיט הגהות — ווען דו וואָלסט געלייענט דעם „סאָציאַלן שיקזאַל פון מענשן“, וואָלסטו געוואוסט, ווער עס איז אין אַלעם שולדיג. אַז זיי האָבן אונז געשטערט, די פּאַראַזיטן! אין אונזער קאָלאָניע, אָדער ווי מיר האָבן עס גערופן, „פּאַלאַנסטער“, איז נישט געווען אַזאַ זאַך ווי מיין ווייב, דיין ווייב. די פרוי איז געווען פונקט אַזוי פריי, ::: דער מאַן, זי ליבט אַ צווייטן — אָל רייט, ניי צום צווייטן. אַז די וועלט איז משוגע! ווען איך האָב היינט איין מיליאָן דאָלאַר, וואָלט איך איבערן גאַנצן לאַנד געגרינדעט קאָלאָניעס לויט פוריעס מוסטער. די ערשטע פּרובן זיינען דורכגעפאַלן, ווייסטו פאַרוואָס? ווייל דער מענש איז נאָך נישט געווען דערוואַקסן צו זיין פריי, יעדער מוז דורכגיין דעם פּראָצעס, ס'איז אַן עטישער, און צו אונז אין דער קאָלאָניע האָבן זיך אַריינגעכאַפּט „פּייקערס“, געשלאָגן פון אַלעם אייגענע נוצן, פאַרשטייסט, נאַ לייען — האָט דער אַלטער אונטערגעטראָגן דעם בוך דעם יונגן.

גרין איז געזעסן אַ צעטומלטער, באַטראַכט דעם אַלטן מיט די צוויי פּאָר ברילן, דעם קעמפער, וואָס האָט נאָך אין די פערציגער פון לעצטן יאָרהונדערט געחלומט צו פאַרבעסערן דעם מענשנס לעבן, איז אַלט געוואָרן, גרוי געוואָרן, זיצט אַ היימלאָזער, מאַכט הגהות צו פוריעס לערע, און דער יונגערמאַן, דער טרעמפּ, וואָס פאַרשטייט אים נישט, פילט בלויז, אַז דער אַלטער גיט אים



18*

רעכט וואָס אָנבאַלאַנגט דער פרוי, וואָס ער האָט צוגענומען ביי אַ חבר.

אַ מידער האָט גרין זיך לאַנג געדרייט אויפן בעטל, וואָס איז געווען אַזוי ריין און קלאָר, אַז ס'האָט זיך ג'שט געוואָלט אַריינ־לייגן, מען זאָל עס נישט איינשמוצן, און געפילט, אַז נישט דאָ איז דער פלאַץ פאַר אים.

פאַרטאָג האָט זיך גרין אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך אַרומגע־קוקט, נישט געוואוסט וואו ער געפינט זיך, געהערט איבער דער וואַנט אַ קרעכצן, ווי מען וואָלט עמיצן געשטיקט, איז אים אַן אימה באַפאַלן. ער איז אויפגעשפרונגען אויפן בעטל, געזעהן דורך דעם האַלבן פענטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט, ווי מיט אַ שפּאַ־נישער וואַנט, איין צימערל פון צווייטן, ווי דער אַלטער מיט די צוויי פּאָר ברילן איז געזעסן ביי זיך אין בעטל און געלייענט אַ בוך ביי אַ סטרינגענען ליכט. צווישן דעם שנאַרכן, וואָס האָט זיך גע־טראָגן פון אַלע זייטן און געמאַכט די שטילקייט בולטער, האָט דעם אַלטנס פאַרשטיקט קול, ווי ס'וואָלט געקומען פון בויך, אָפּגע־קלונגען, ווי דאָס זשומען פון אַ געפייניגטער פליג.

„דער מענש מאַטערט זיך, ווייל ער לעבט נישט פריי, ווייל ער אונטערדריקט זיינע אייגענע נייגונגען, זיינע ליידנשאַפטן"...

דער אַלטער האָט אַריינגעלאָזט אַ האַנט אין זיין האָריגן לייב, פאַרמאַכט די אויגן, זיך צעוויגט, ווי ער וואָלט געוואָלט באַגרייפן די ווערטער, וואָס ער האָט נאָרוואָס איבערגעלייענט, און אַזוי גע־בליבן זיצן ביי דער ברענענדיגער ליכט.

גרינען איז דורך אַ סקרוך איבער די ביינער. ער האָט גע־וואָלט זיך אַראָפּלאָזן אויפן בעטל, געבליבן שטיין, ווי עמיצער וואָלט אים צוגעהאַלטן און געטייטלט אויפן גרייז:

— אָט מאַטערט זיך אַ מענש ס'גאַנצע לעבן, וואו ער טאָנט, דאָ געכטיגט ער נישט, קען זיך אַליין נישט פאַרזאָרגן, וועט מסתמא

אויסגיין פון הונגער ערגעץ הינטער אַ פּלויט, און אָט דער נעמט זיך ס׳רעכט צו לערנען מענשן, זיי זאָלן נישט האָבן קיין צרות, זאָלן תמיד זיין גליקלאַך!

— און ווער ווייס, וואָס דער אַלטער פאַרשטייט אונטערן וואָרט גליקלאַך? ער איז דאָך אַן אוטאָפּיסט. און אויב ער גלויבט מיט אַן אמת, אַז די ישועה איז אין דער „האַרמאָניע“, טאָ וואָס פאַר אַ באטרעף האָבן די מאַטעריעלע אומבאַקוועמליכקייטן, ווען די פרייד האָט גאָר קיין גרענעץ נישט?

ער האָט געזעהן, ווי דער אַלטער איז איינגעדרעמלט זיצנדיג, דאָס בוך האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון דער האַנט, און איבער דעם אַרומגעשווירענעם בערדל האָט פון צעעפנטן מויל געקוקט א [illegible] גאנווער, איז גרינען אַזאַ אומעט באַפאַלן, אַז ער האָט אַזש פאַרביסן די ליפּן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם נאַקעטן בעטלער, וואָס ער האָט געזעהן אין וואַרשעווער הכנסת אורחים, אומבאַוואוסט דער־פילט אַ שיכות צווישן זיך און די אַלטע לייט, און אין דער פינסטער גענומען אַרויפוואַרפן אויף זיך די מלבושים, ווי ס׳וואָלט געווען אַ פייער אין הויז. שטילערהייט, מען זאָל אים נישט באַמערקן, איז ער אַראָפּ פון די טרעפּן, זיך אַרויסגעגנבעט, און אַז ער איז שוין געווען אויף דער גאַס, אַריינגעעטעמט פולע לונגען מיט קאַלטן לופט, האָט ער זיך אויסגעטישוכעט, ווי נאָך אַ שלעכטן חלום.

עס איז נאָך געווען טונקל. די גאַסן זיינען כמעט געווען ליי־דיג. איטאַליענער, לייכט אָנגעטאָן, זיינען געווען צעוואָרפן איבער דער לענג פון דער גאַס, געאַרבעט מיט שפּאַדלעס און געליינט דעם שניי אין קופּעס. אַ טראַם מיט אַ באַרשט, וואָס האָט פאַר־נומען איבער אַ האַלבע גאַס, האָט גערייניגט פון די שינעס דעם שניי, אָנגעפילט די לופט מיט שנייעלאַך, ווי מיט אַ דראָבנעם קאַלטן רעגן און יעדעס מאָל, ווען אַביסל שניי האָט איבערגעהאַקט דעם עלעקטרישן ראָד, האָבן פייערלאַך זיך געצונדן, געבלענדט די אויגן און געקנאַקט, ווי מען וואָלט אויף זיי געשאָטן זאַלץ.

גרין האָט קיין זאַך נישט געזעהן, געגאַנגען גיך, ווי ער וואָלט געדאַרפט ערגעץ קומען אין אַ באַשטימטע צייט און געטראַכט, אַז צו שרייבן אין ניו־יאָרק יידיש איז פונקט אַזוי ווי צו זיצן אַן עלנטער אין מושב זקנים און זיין איבערצייגט, אַז ווען די מענשן וואָלטן געלעבט לויט פוריעס תורה, וואָלטן קיין צרות נישט גע־ ווען אויף דער וועלט. הינקט דען נישט יעדע תורה אונטער? זיינע חברים שרייבער, דוקא די הייליגע צווישן זיי, די באַגרינדער פון „יידישיזם", די וואָס האָבן תמיד אין זינען די א י י ב י ג ־ ק יי ט, שרייבן אָהן אויסנאַם דעם ערגסטן יידיש, און זייערע קינדער, זיי אויף צולהכעיס, ריידן שוין אינגאַנצן קיין יידיש ניט.

— האַללאָו, גרין — האָט אַן עלטערער מאַן אויף אים אַרויפ־ געלייגט אַ האַנט, — פון וואַנען שלעפּט איר זיך אַזוי פריה?

— האַללאָו, מיסטער סולצער — האָט גרין באַגריסט זיינעם אַ געוועזענעם רעדאַקטאָר און ס'איז אים אויפן אָרט איינגעפאַלן, אַז ער מוז ביי אים נעמען אַן אַוואַנס.

— וואָס זעהט מען אייך נישט? — האָט דער רעדאַקטאָר אים גענומען אונטערן אָרעם — איר האָט אויפגעהערט שרייבן?

— וואָס פאַלט אייך איין—האָט גרין זיך עטוואָס פאַרלוירן,— כ'האָב גראַדע ליגן אַ סעריע לידער, כ'דאַרף זיי נאָר איבערשרייבן.

— נו, נו? ברענגט זיי אַריין. אַז איר ווילט קען איך אייך געבן אַן אַוואַנס, איר ווייסט דאָך, אַז ביי מיר שפּילט געלט קיין ראָלע נישט.

— גיט אַ צעהנערל.

— גוט, — האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ פּאַק מיט פּאַפּירגעלט, -- נו, זעהט, כ'זאָל היינט די לידער אומבאַדינגט האָבן. זאָגט איר מיר צו?

— איר ווייסט, אַז כ'בין אַ וואָרטמאַן.

אַז דער רעדאַקטאָר איז פאַרשוואונדן, האָט גרין צעעפנט די האַנט, באַטראַכט דאָס צעהנערל און זיך דערמאָנט, אַז ס'הונגערט אים. ער איז אַריין אין דער ערשטער בעקעריי, אויסגעטרונקען צוויי גלעזער קאַפע, געשלונגען פרישע זעמל און דערפילט אַ מידקייט אין גאַנצן קערפּער. ער האָט זיך געשלעפּט אַהיים. די בעל-הביתטע האָט אים באַגעגנט מיט אַ זויערן פנים, זיך גע-קליבן אויסצושיסן, נאָר אַז זי האָט דערזעהן, ווי גרין טראָגט איר אונטער געלט, האָט זיך ס'פּנים ביי איר גלייך געביטן, און זי איז געוואָרן ריידעוודיג:

— שיין נחת האָב איך פון אייך, מיסטער גרין.

—וואָס איז?

— וואו זייט איר דאָס געווען אַ גאַנצע נאַכט? — האָט זי אַ קוועטש געטאָן מיט אַן אויג און צווייִדייטיג געשמייכלט.

גרין איז געווען גוט אויפגעלייגט, וואָס ער האָט באַצאָלט דירה-געלט, האָט זיך ניט צוגעהערט, וואָס מען האָט גערעדט צו אים, בלויז געפילט ווי אַ שווערער עול איז אים אַראָפּ פון די פּלייצעס. א צופרידענער האָט ער זיך צוגעשפּאַרט און איז באַלד איינ-געשלאָפן.

אַ באַוואַקסענער, אַ גרויער, איז ער געזעסן אין מיטן ים אין אַ גלעזערנעם פּאַלאַץ. מחנות אויסגעהונגערטע מענשן זיינען אנגעשוואומען מיט יעדן וואַל, זיך געריסן מיט פאַרשווימטע מיי-לער צו אים, אים געוואָלט איינשלינגען. ער איז זיך געזעסן אַ רוהיגער, געשריבן איין ליד נאָכן צווייטן, געווען זיכער, אַז ער מאַכט גליקלאַך די וועלט און יעדעס מאָל, ווען די קולות פון די אויסגעהונגערטע זיינען געוואָרן אומערטרעגליך, האָט ער ווי געוואָרפן אַ ליד, און זיי האָבן זיך באַרוהיגט.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג. גרין האָט אַ צאַפּל גע-טאָן, דערפילט אויף זיך אַן אומגעהייערע משא און אַזוי געליטן,

וואָס ער קען נישט גיין עפענען די טיר, אַז ער האָט אַזש געוויינט.
די טיר האָט זיך געעפנט, און מאַדאַם בליאַש איז שטיל אַריין.
— גרין, וואָס איז מיט אייך? וואָס זיצט איר עפּעס אין דער פינ־סטער? קומט, ס׳איז זעהר אַ שיינע נאַכט, מיר וועלן זיך דורכגיין.
זי האָט אים אַרומגענומען.
— טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר! — האָט גרין זיך אַ ריס געטאָן פון אירע הענט — אומגליק מיינס, אַרויס, אַרויס פון דאַנען!
— משוגע — האָט מאַדאַם בליאַש אַ דערשראָקענע גע־שעפּטשעט און זיך גענומען רוקן צו דער טיר.
גרין האָט דערפילט ווי אַ פּאָר אויגן שטעכן אים אין קאַרק, זיך אויפגעכאַפּט, און געזעהן ווי זיין בעל־הביתטע שלעפּט אַ ניי־מאַשין מיט אַזאַ גרילצן, ווי מען וואָלט געקראַצט בלעכענע טעפּ מיט מעסערס.
— כ׳האָב אייך אויפגעוועקט? — האָט די בעל־הביתטע גע־שמייכלט.
גרין האָט נישט געענטפערט, זיך צעגענעצט, אַ מידער אַראָפּ פון בעטל, נישט געוואוסט, צי ס׳האָט אים געחלומט, צי ס׳האָט טאַקע מיט אים עפּעס פּאַסירט און איז אַריין צו דער בעל־הביתטע:
— ס׳האָט דאָ קיינער נישט געפרעגט אויף מיר?
— אַזוי פריה ערוואַרט איר שוין געסט?
— מ׳האָט דאַכט זיך געקלונגען?
— דאָס איז געווען דער מילך־מאַן.
ער האָט געשפּרייזט אַ לענגערע צייט איבערן צימער, זיך בשום אופן נישט געקענט דערמאָנען דעם גאַנצן חלום, געטראַכט, אַז מען דאַרף זיך נעמען אין דער האַנט אַריין, אַ ביסל מער גלויבן אין זיך, גענוג זיך געחקרענט, גענוג געשנורעוועט דעם מוח מיט רצועות, ווי אַ כינעזערין דעם פוס, און פון דעם שנורעווען איז דער מוח געוואָרן טעמפּער, בלויז געקרינגן הינער־אויגן. ס׳האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער האָט כאָטש אין חלום פּאַרטריבן מאַדאַם

בליאַש, און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן. ער האָט געמעקט איין שורה נאָך דער צווייטער, געריסן ס'פּאַפּיר, ווידער אָנגעהויבן, ווידער געריסן און אינגאַנצן געציטערט. דאַכט זיך נעכטן נאָך איז גענוג געווען, ער זאָל זיך אַוועקזעצן, אַ קנייטש טאָן דעם שטערן, כאַפּן אַ באַרג מיט ווערטער, ווי אַ שליידער טאָן. באַלאַנסירן אַז קיין איינציק וואָרט זאָל נישט פאַרבײַ די פינגער, און שורות, ווי לעבעדיגע מענטשן, האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט פאַר זיינע אויגן, און איצט, ווי מען וואָלט אים עפּעס אָפּגעטאָן, זיצט ער אַן אומבאַהאָלפענער, שוויצט, און די הענט הייבן זיך נישט.

אַ דענערווירטער האָט ער אַ וואָרף געטאָן די פּעדער און איז אַרויס פון שטוב. ער איז געגאַנגען אָהן אַ ציל פון איין גאַס און דער צווייטער, יעדע זאַך באַטראַכט, ווי ער וואָלט נעכטן אַריבערגעקומען אַ „גרינער“, געלייענט די שילדן, באַוואונדערט די שורות הייזער, וואָס האָבן זיך געריסן אין הימל אַריין. ס'ערשטע מאָל אין יאָרן האָט ער דערפילט דעם ריטם פונם רוישנדיגן ניו־יאָרק, נישט פאַרשטאַנען, ווי מענטשן קענען לעבן אויפן דאָרף, אין וואַלד, וואו אַלץ איז שטיל און פאַרגליווערט, זיך איינגעהערט ווי דער ווינט האָט געשניטן און געפייפט, זיך דאַכט זיך געוואָלט איינבייסן אין די שאַרפע קאַנטן פון די הייזער, געבויט ווי אַ דרייעק. ער איז זיכער געווען, אַז די שורות ריזן, וואָס האָבן זיך געריסן אין די וואָלקנס, האָבן זיך דורכגערעדט אויף זייער לשון. די שפּראַך איז אים נישט געווען פרעמד, כאָטש ער האָט גאָר נישט פאַרשטאַנען, בלויז געפילט, אַז דאָ אין דעם טומל איז זיין פלאַץ, ער דאַרף זיך נאָר צונויפגיסן מיט די צוויי שטראָמען מענטשן, וואָס ציהען זיך פון ביידע זייטן גאַס.

אַ באַקאַנט פּנים האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן. ער איז פאַרבײַגעגאַנגען, זיך נישט געקענט באַפרייען און זיך צוריק אומגעקערט.

פרידקין, אַ פאַרעלטערטער, אַ באַוואַקסענער, מיט אַן אָפן מויל אָהן ציין, מיט אַ דיקן שירעם אונטערן אָרעם, האָט זיך געשלעפּט אין מיטן גאַס. נעבן אים האָט זיך געוואַקלט שושנה אין די הויכע מאָנאַטן. דער לויזער צעקנעפּלטער מאַנטל אָפן, וואו אַ פאַרפלעקט, צעקנייטשט זיידן קלייד, ווי זי וואָלט געשלאָפן אין איר, האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן.

ביידע, צעקנייטשטע, צעקרימטע, האָבן זיך געשלעפּט פאַריתומטע איבער דער ליידיגער גאַס, ווי דער שטראָם פון מענשן, וואָס האָט זיך געצויגן פון ביידע זייטן טראָטואַר, וואָלט זיי אויסגעשפּיגן.

— דאַכט זיך אַ באַקאַנטער ? — האָט גרין אָפּגעשטעלט פרידקינען.

— מיסטער גרין ! — האָט פרידקין פון שמחה צעשפּרייט די הענט, אַרויסגעלאָזט דעם שירעם, זיך אַ בויג געטאָן נאָך אים און איננאַנצן האָט ער דערמאָנט אַ שפּין — איר קענט גאָר נישט מיסעם פרידקין ? באַקענט אייך — מיסטער גרין, מיין פרוי...

— איר האָט זיך פאַר דער קורצער צייט, וואָס איך האָב אייך נישט געזעהן, זעהר געעלטערט — האָט גרין אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז פיס.

— הערסט, שושנה, — האָט פרידקין זי אַ שטופּ געטאָן מיטן קעפּל פון שירעם — ווען ער זעהט מיך מיט צוויי חדשים צוריק, וואָלט ער עס נישט געזאָגט — און זיך געווענדעט צו גרינען — אַז כ'דאַרף דאַנקען גאָט, וואָס כ'האָב זיך אַזוי אַרויסגעדרייט !

— וואָס, איר זייט קראַנק געווען ?

— איר ווייסט טאַקע גאָרנישט ? עה...

גרין האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען אויף ניין.

— זיי האָבן דאָך מיך שיעור נישט דערהרגעט, די העברעער!

— וואָס פאַרע העברעער ?

— ער ווייס טאַקע נישט! — האָט פרידקין אַ שטופּ געטאָן דעם ווייב און געמאַכט בשעת־מעשה אַזאַ מינע, ווי גרין וואָלט נישט געוואוסט, אַז ער געפינט זיך אין ניו־יאָרק — אַז אין דער „מחזיק" איז געווען אַ שטרייק ווייסט איר? האָבן די ארץ־ישראל ייִדן אָנגעשטעלט אַ „געגנבֿטער" און מען האָט מיך צע־שלאָגן. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ייִען נישט זי — ער האָט אָנגעווייזן אויף שושנהן מיטן שירעם — וואָלט געווען „גוט־בײַ" פרידקין!

— וואָס האָבן זיי געהאַט צו אייך?

— אַז דער פּרעזידענט איז צו מיר צוגעשטאַנען, צוגעזאָגט כּלע גליקן, האָב איך אים געקענט מעז־פּנים זיין, כ'פרעג אייך?

— האָט איר געלערנט?

— האָבן זיי געשריען, אַז כ'„סקעב"!

— איך האָב אָבער געטענהט — האָט שושנה זיך אָנגע־רופן — אַלע שטרייקן, שטרייק אייך!

— כ'בעט דיך, שושנה — האָט פרידקין זיך אָנגעבלאָזן — אַז איך רייד, האַק מיר נישט איבער!

— אָל־רייט, רייד דו — האָט זי זיך פאַרלוירן פאַר גרינען, דער־פילט אויף זיך זיין בליק און אינסטינקטיוו זיך גענומען טאַפּן מיט די פינגער, צו איר ווידן קלייד איז נישט אויפגעקנעפּלט פון פאָרנט.

— איר לערנט נאָך אַלץ אין דער „מחזיק"?

— ווער לערנט? — האָט פרידקין זיך אַ קניטש געטאָן און געוויזן אויפן האַרצן — שוין, כ'קען מער קיין קלאַס נישט האַלטן, שפּיי אַ ביסל אונטער מיט בלוט — האָט ער קרענקליך אַ שמייכל געטאָן, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָרן חשובער — ווי איר זעהט איז פון פרידקינען אַ שיינער לייט געוואָרן!

— און פון וואָס ציהט מען חיונה?

— איז טאַקע שלעכט, מען מאַטערט זיך. הערייל בין איך קאָלעקטאָר אין דער „מחזיק", שאַף נייע מיטגלידער, נעם אָן אַ בר־מצוה, מען שטופּט זיך ווי ס'איז דורך. איך, דאַרפט איר

וויסן, בין דאָך נישט דער שמש, וואָס איז ביז אַהער געגאַנגען קאָלעקטן. די גאַנצע נאַכבאַרשאַפט דאָ אַרום קען מיך און אַז כ׳שטיי צו איינעם צו, קען ער מיר נישט אָפּזאָגן, ווערט אַ מיט־גליד. איז ווי איר זעהט, וואָלט געווען צו דערליידן, איז אַן אַנדער צרה. צייט כ׳בין אויפגעשטאַנען פון בעט, האָב איך געקריגן אַ טבע צו חלשן, און מיינע — האָט ער געוויזן אויפן ווייב — איז אין אַנדערע אומשטענדן, קען זיך נישט אומעטום מיטשלעפּן, נאָר ווען נישט זי, וויים אייך גאָט, וואָס כ׳וואָלט געטאָן?

— הייסט עס, מען קומט דורך ?

— אויפן פרעזידענט געזאָגט ! — האָט פרידקין זיך צעהוסט, רויט געוואָרן, אויסגעשפּיגן אין אַ טיכל אַריין און אַ צופרידענער עס אונטערגעטראָגן גרינען — ר׳זעהט ?

גרין האָט זיך געזעגנט, גענומען פרידקינס אַדרעס און געהערט, ווי זיי שרייען אים נאָך :

— קומט צו אונז אַריבער אַ פרייטאָג אויף פיש !

— זייט נישט קיין גאַסט !

ער איז כמעט געלאָפן, נישט געקענט צונויפנעמען די גע־דאַנקען און געטראַכט, אַז מען דאַרף זיך אַרויסרייסן פון דער סביבה. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער סצענע ביים פרעזידענט, אַז פּוילישע האָבן ליב זיסע פיש, געשמייכלט, געזעהן פאַר זיך דעם פרעזידענטס עסצימער אָפּגעגאָסן מיט עלעקטרישע ליכט, אויפן טיש ווינען צעשטעלט הייסע, דורכזיכטיגע גלעזער טיי, האָט ער אָנגעהויבן צו קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן, און אַלץ אין א׳ם האָט געגאַרט נאָך אַ וואַרעמע שטוב, נאָך אַ הייסע גלאָז טיי. ס׳האָט זיך אים אַליין נישט געגלויבט, אַז ער איז אַמאָל געווען נאָהענט מיט בעסין, אַז זי פלעגט צו אים קומען, אַריינלאָזן אירע קליינע הענט אין זיינע קוטשמעס האָר, און אַן אָנגענעמער, פריי־שער ריח, איר ריח, האָט זיך אָנגעהויבן וועבן אַרום אים. דער שמייכל איז געשטאַנען פאַר די אויגן, און קליינינקייטן האָבן אים

אַזוי פֿאַרהײנגט, אַז ער האָט זיך באַלד נישט געכאַפּט, דאָס ער שטייט בײם פּרעזידענטס הויז. ער איז אַרויף אויף אַ פֿאַרבייגייער, זיך נישט אַנטשולדיגט, זיך געכאַפּט וואו ער שטייט און אינ-סטינקטיוו באַטראַכט זיין הילוך. ער איז געווען זיכער, אַז ער דאַרף נאָר וועלן איז בעסי צוריק זיינע, ער האָט זי אַליין אַרויס-געלאָזט פֿון די הענט, איבערגעגעבן דעם נאַרעשן ליפּשיצן, און איצט שטייט ער אונטער איר פֿענסטער מיט אַ פֿאַרריסענעם קאָפּ, ווי אַ פֿאַרבענקטער טרובאַדור, און אין האַרצן שפּינט זיך אַ סערענאַדע.

ער האָט אויפֿגעציטערט — בעסי איז אַראָפּ פֿון די טרעפּלאַך, זיך געלאָזט מיטן טראָטואַר. דער געלער פוקס אַרום איר האַלז האָט זיך נאָכלעסיג געוואָרפֿן איבער די אַקסלען, איר צוגעגעבן אַ וואַרעמקייט. ער איז איר נאָכגעגאַנגען, געהאַט טויזנטער פּלענער, ווי זי צוריקצוקריגן און פּאָרט נישט דרייסט געווען אונטערצוגיין. ער איז אויסגעוואַקסן נעבן איר און זיך פֿאַרנויגט.

— אָ — האָט בעסי זיך איבערגעשראָקן, אים אָנגעקוקט און זיך צעשמייכלט — וואָס זעהט מען אייך נישט, מיסטער גרין? וואָס מאַכט איר?

— כ׳האָב זיך פֿאַרבענקט נאָך אייך.

— מיט אַן אמת?

— כ׳שטיי דאָ פֿון פֿאַרטאָג אָן.

— ס׳טוט מיר מיט אַן אמת לייד — האָט בעסי זיך פֿאַרלוירן — ווען כ׳וואָלט געוואוסט, וואָלט איך אייך אַזוי לאַנג נישט גע-לאָזט וואַרטן.

— וואו גייט איר איצט? — האָט ער זי גענומען אונטערן אָרעם.

— כ׳בין זעהר פֿאַרנומען.

— כ׳שטער אייך?

— אין נעגנטייל, כ׳וועל זיין זעהר צופֿרידן, איר זאָלט מיך צופֿירן.

— וואָס איז מיט אייך געוואָרן, בעסי?
— וואָס מיינט איר?
— וואָס האָט איר זיך אַזוי דערוויטערט פון מיר?
זי האָט גאָרנישט געענטפערט און זיך געוואונדערט, ווי אָפּ־געריסן ער גייט.
— אַז ליפּשיץ זעהט מיך אויף איין זייט טראָטואַר, גייט ער איבער אויף דער צווייטער. פאַרוואָס מיידט ער מיך אויס? — איז גרינען ווארעם געוואָרן, געפילט אַז ער הויבט אָן צו ריידן נאַ־רעשקייטן.
— כ׳הער עס ערשט איצט.
דערפאַר, וואָס כ׳האָב אים געמאַכט פאַר אַ פּאָעט? — האָט גרין פאַרביסן אַ ליפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט צוריקכאַפּן די ווערטער.
— איר האָט אים געמאַכט פאַר אַ פּאָעט?
— און אַז כ׳וועל אייך פאַרטרויען, דאָס ליפּשיץ האָט קיין איין ליד נישט אָנגעשריבן — האָט גרין גאַליג געשמייכלט — וואָס וועט איר דעמאָלט זאָגן?
— וואָס?
— ליפּשיץ האָט פאַר געלט ביי מיר געקויפט די לידער, דאָס זיינען מיינע לידער, מ י י נ ע — האָט גרין זיך אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין האַרץ אַריין.
— איר זייט נישט קיין פאַרגינער! — האָט בעסי פון אויפ־רעגונג געשפּריצט דורך דער פאַרשאַרצטער ליפּ — גייט אַוועק. כ׳וויל אייך מער נישט קענען! איר זייט אַ מיאוסער מענש!
גרין איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, גאַליג געשמייכלט, געזעהן ווי בעסי פאַרשווינדט, און זיך צעלאַכט צום ערשט שטיל, דערנאָך העכער, אַז פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן. הענט און פיס האָבן ביי אים אָנגעהויבן ציטערן, פאַרוואָס ער האָט זי אָפּגעלאָזט מיט גאָרנישט, געדאַרפט אָנכאַפּן פאַרן קאָק, אַרומ־וויקלען די האָר אַרום דער האַנט, שליידערן קאָפּ אָן וואַנט.

ער האָט זיך געלאָזט נאָך בעסין, געקוקט אין אַלע זייטן, זי מער נישט געזעהן. פון געוואוינהייט זיך אַ טאַפּ געטאָן ביי דער וועסטל-קעשענע און אַרויסגענומען זיין שוואַרצן זייגער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן ציפערבלאַט, נישט געזעהן ווי שפּעט ס'איז. פאַר די אויגן האָט זיך געצויגן אַן אַספאַלט-גאַס אויף מיילן, און דער זייגער איז געווען אַזוי דין, אַזוי קיילעכדיג דין, האָט ער אים פעסטער איינגעקוועטשט צווישן די פינגער, געווען איבערצייגט, אַז דער זייגער וועט זיך נישט אויפהערן קייקלען איבערן אַספאַלט אויב אים אַ שליידער געטאָן וואָס כוח נאָר. ער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ טרעפּל, איינגעראַמט דעם קאָפּ אין די הענט און פאַר-מאַכט די אויגן.

ווייסע פערלמוטערנע בערג האָבן זיך געפאַלדעוועט, אויסגע-וואַקסן, זיך צונויפגענאָסן אין דער פאָרם פון אַ וואַסערדיג גע-שטאַלט און מיט אַ קראַך זיך צעבראָקלט אין מיליאָנען זילבער-שטערן.

ער האָט געפילט, ווי ער ווערט העכער, גלייכט זיך אויס מיט די שוימיגע וואַסער-בערג און איז בכוח אַ ניי לעבן צו שאַפן.

אין איין רגע איז פאַר אים דורך די „היברו", ווי אַ פאַר-זעהעניש, און פון דעם פאַרזעהעניש האָבן זיך גענומען אַרויס-שיילן פרידקינס, פרידקינדלאַך, זיך צעשטעלט אין שורות, פינ-סטער געמאַכט די גאַס. ער האָט באַשלאָסן אויסצורייסן דאָס פאַר-זעהעניש מיטן וואָרצל, מעג עס אַפילו פאַרגיין אין בלוט, עס פונאַנדערפלעכטן און אַ שליידער טאָן עס אַלעמען פאַר די אויגן. וועט דער עולם דאָס זיך צעלויפן, זיך האַלטן פאַר די נעז, האַ, האַ, האַ! נישט גלויבן, אַז דאָס פאַרזעהעניש האָט ער נאָר-וואָס אַראָפּגענומען פון זייערע פּלייצעס! און די „סמערדיאַקאָוולאַך", וואָס טראָגן אָניצעס מיט שטרוי אין די צעווירענע שיך, ווי ווערן דאָס אָנפאַלן — סטייטש? אַזאַ הפקרות! אַזאַ הפקרות!

— מיסטער — איז די „דזשעניטערין" *) מיט אַ בעזים אין דער האַנט אַרוים אויפן טרעפּל און גרינען אַ שאָקל געטאָן פאַר אַן אַקסל — דאָ איז קיין פּלאַץ ניט צו זיצן, פּליעז.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, געזעהן פאַר זיך אַ נאַסע אַספאַלט־גאַס, וואָס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ שטייענדיג וואַסער, זיך איינגע־קאָרטשעט און טרייסלענדיג זיך אַוועקגעשלעפּט.

*) דזשעניטער – דער הויז־וועכטער.



